# פון דער רבנישער וועלט

מעשות, אנעקדאָטען, תורות, משלים און

שיחות-חולין של תלמידי חכמים

צוזאמענגעשטעלט

— פון —


ב. פרנס

(מרדכי מישקין)





HEBREW PUBLISHING CO.

77-79 DELANCEY STREET

NEW YORK 2, N. Y.

*Printed in the United States of America*

# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

איינע פון די סגולות, מיט וואָס די השגחה האָט געבענשט אונזער פאָלק, מיר זאָלען זיך קענען אויפהאלטען ביז איצט, איז דער אייגענארטיגער חוש פאר הומאָר. דער קלוגער אידישער וויץ, די שארפע, שניידיגע אידישע איראָניע, זיינען אפשר די גרעסטע גורמים פאר אונזער קיום.

דער הומאָר און וויץ, נים נאָר זיי פרישען א ביסעלע אָפּ אונ־זער געמיט און דערפרעהען אונזערע הערצער, זיי זיינען אויך דער אידישער לעבענס-באראָמעטער, מיט וועלכע מיר מעסטען אונזערע אייגענע מעשים און האנדלונגען, ווי אויך די ערשיי־נונגען און געשעהנישען, וועלכע רינגלען אונז ארום.

צו דעם גרויסען פאק צרות אויף זיין לאנגען וועג פון דער געשיכטע, האָט די השגחה דעם אידען מיטגעגעבען דעם דאָזיגען כשרון אלעם אויפצונעמען מיט א גייסט פון הומאָר. און אזוי שארף איז דער חוש פאר׳ן איינפאל, אזוי ברייט איז דער געשמאק פאר׳ן שטעכעדיגען, סארקאסטישען וויץ, אז צייטענ־וויז, פארגעסט דער איד די ענויים, וואָס דער שפיצעל איז איהם אליין גורם און האָט הנאה פון דעם שטאָך וואָס לעכערט זיין אייגען לייב. ווי א זייטיגער צושויער, לאכט ער אויך מיט און כאפט התפעלות פון די קלוגשאפט פון שפיצעל און שארפקייט פון שטעכער...

אויך אין די צייטען פון פרייד און גליק, האָט דער אידישער וויץ און די אידישע איראָניע, שארף בולט געמאכט דאָס לע־בערליכע און חוזק׳דיגע, וואָס איז אין אלע שמחות באהאלטען

און ניט געלאָזען אונזער פאָלק זיך פער׳שכור׳ן אין גאנצען ביז׳ן פארגעסען. דער וויץ האָט זיי געוועקט, געוואכט און געמאָהנט צוריק.

פרעהט זיך א ישוב׳ניק, א גביר — ווערט דערצעהלט אין בוך דאָ א מעשה׳לע — מיט זיינע א שמחה: ער האָט געקויפט אַ הויז, און פראַוועט א חנוכת הבית. טאַנצען די הויזיגע און פרעהען זיך, אבער מעהר פון אלעמען טאנצט און שפּרינגט דער הויז-מלמד, וועלכען דער ישוב׳ניק האָט געהאלטען ביי זיך צו לערנען מיט זיינע קינדער. וואונדערט זיך דער רייכער ישוב׳ניק, וואס דער מלמד טאנצט אזוי שטארק און פרעגט איהם:

— וואָס פרעהט איהר זיך אזוי, רבי, מיט מיין הויז? אמת, איהר וועט האָבען גראמער, אבער איהר זייט דאָך דאָ מעהר ניט אויף א זמן, און אז אייער זמן וועט אריבער, דארפט איהר דאָך אוועקפאָהרען?

— און אז אייער זמן וועט אריבער? — ענטפערט דער מלמד צוריק מיט א פראגע.

איז פאראן א בעסערער וועג אָפּצוקיהלען דעם ישוב׳ניקס פרייד, איהם ערקלעהרען, אז ער וועט ניט לעבען אייביג, ווי דער דאָזיגער טאנצען און וויציגע פראגע פון דעם מלמד? וואָלט ער עס איהם געקענט ארויסגעבען דורך שעה׳ן פון מוסר און תוכחה?

דער אידישער הומאָר איז ניט סתם קיין פּוסטע הלצה, נארישע זינלאָזע ליצנות, נאָר א מעטהאָדע, א וועג פון א לעהרע. דאָס וואָס עס קענען ניט אויפטהאָן מוסר און שטראפען, מאכט עס דער וויץ מיט איין שארפען וואָרט.

און אזוי ווי דער וויץ האָט געשטארקט דאס פאָלק אין כלל, אַזוי אויך האָט ער פיעל געהאָלפען אין פרט.

מיט דעם שטארקען כלי-זיין פון וויץ האָבען זיך באנוצט אונזערע כלי-קודש: רבנים, פּרנסים, מגידים, חזנים, שמשים,

א. ז. וו. האָט א רב געוואָלט עפּעס אויספיהרען, אויסרייסען א שלעכטען מנהג, ניט צו דערלאָזען צו א קלקול׳דיגע תקנה, און אַז ער האָט געפּרואווט אויפקלעהרען די בעלי בתים און עס האָט ניט געהאָלפען, פלעגט דער רב ארויפגעהן אויפ׳ן בימה און זאָגען... אַ וויץ, און די פּני־העיר האָבען הארציג געלאַכט פון זיך אַליין, פון זייער אייגענעם חוזק, און — געפאָלגט דעם רב.

איז א מגיד געקומען בעטען א נדבה ביי א גביר און דער גביר איז געווען קארג, ניט געוואָלט געבען קיין געלד — האָט דער מגיד געזאָגט א גלייכווערטעל, און דער וויץ האָט געעפענט דעם קמצנ׳ס הארץ און קעשענע צוזאַמען.

די וויצען, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרען לצורך־שעה, ביי צופאַלען, זיינען שוין אָבער מעהר ניט פארשוואונדען. זיי האָבען זיך איינגעקריצט אין מח פון פאָלק. דאָס פאָלק האָט זיי געדענקט, איבערגעזאָגט אָפט און זיי איבערגעמאכט אין פער־שיעדענע נוסחאות, צוגעפאסט צו די פאסירונגען, אבער דער קערנדעל פון וויץ, דער „קנייטש“, איז געבליבען דער זעלבער. ווי א תורה זיינען מאסען וויצען פארשפרייט געוואָרען איבער׳ן פאָלק און האָבען אונז בעלויכטען אונזער וועג, ברייטער געמאכט אונזער הארץ און פארשטאַנד.

פול, אָהן א שיעור, איז דער אידישער לעבען פון פארגאנ־גענעם דור אָנגעזאפּט מיט אזוינע פאָלקס־וויצען, גלייכווערטלאך און מעשיות, ווי פון א קוואל שעפּט מען און מען שעפּט און עס נעמט זיך גאר ניט אוים.

אויך פאר אונז, אין דער נייער מאָדערנער תקופה, האָבען נאָך די וויצען א גרויסען ווערטה און מיר האָבען נאָך פון זיי פיעל צו לערנען. אבער נאָך מעהר פון לערנען, זיינען זיי דוקא פאר אונז פון אן אנדער וויכטיגקייט, וואס איז נאָך מעהר בע־דייטענד ווי די לעהרע.

דער וויץ — דאָס איז דער שפּיגעל, וואו מיר קענען זעהן יענע צייט. עס געהען פאר אונז דורך די רבנים מיט זייער איי־גענעם געמאטערטען לעבען מיט די גראָשענע שכירות, זייער הנהגה מיט׳ן קהל; עס זעהט זיך „קהל״ אליין, מיט זיין איינ־גע׳עקשנ׳טען געשמאק און אכזריות׳דיגע תקנות, וועלכע דער נויט פון שעה האָט זיי, אין זעלבסט־באשיצונג, געצוואונגען צו שאפען. עס לעבט אויף פאר אונזערע אויגען דער ישוב׳ניק, דער עם הארץ, זיין פארגרעבטקייט, זיין פארגרייזען די תורה און זיין ריהרענדער רעספּעקט פאר דעם למדן. מיר הערען די קלינגענדיגע, זינגענדיגע שטימע פון אלטען מגיד מיט זיינע גלייכווערטלאך און בייסענדיגע שטעכווערטלאך. עס קריגען זיך פאר אונז ארום די חסידים מיט די מתנגדים. מיט איין וואָרט — מיר ווערען אריינגעפיהרט אין דעם לעבען פון דעם אלטען דור — און דאָס ברייינגט פארגעניגען פאר יעדער איינעם פיר אונז. מיר דערפרישען אונזער הארץ אין דעם פרעה־ליכען קוואל, אין וועלכען זיי האָבען געלעבט און וועלכער שלאָגט נאָך היינט אויף ביי אונז.

אָט די ביידע זאכען, די לעהרע און דער שפּיגעל פון יענער צייט, האָבען מיר געהאט אין זינען ביים אויפזאמלען דעם מא־טעריאל פאר דעם בוך. עס זיינען אויסגעקליבען געוואָרען נאָר אזוינע וויצען, וועלכע לערנען אונז עטוואָס, און מיר האָבען אויך געלעגט אכט אויף דעם אופן פון דעם דערצעהלען, עס זאל אָפּ־שפּיגלען יענע צייט.

די לעצטע צייט זיינען שוין געמאכט געוואָרען איניגע בי־כער אויף דעם געביט. אבער, ווי געזאָגט, איז דער קוואל נאָך ניט אויסגעשעפּט, מען קען נאָך פיעל שעפּען ריינע, שלאָגענדיגע פרישע וואסער.

עס מוז אויך אויפמערקזאם געמאכט ווערען, אז ביים דער־צעהלען די מעשיות, ביי וועמען עס האָט פּאסירט, איז שווער

אויסצוגעפינען דעם היסטאָרישען אמת. איינע און די זעלבע מעשה ווערט אין פערשידענע ביכער צוגעשריבען צו גאנץ אַנ־דערע פערזאָנען, אויך די נוסחאות זיינען פערשידען. אבער, ווי געזאָגט, דער „קערנדעל“ איז דער זעלבער, און דאס איז דער עיקר.

אויך ביים מסדר זיין די וויצען, באגעגענט מען זיך מיט פיעל שוועריגקייטען. איינע און די זעלבע וויצען פאסען זיך אין עט־ליכע ערטער און עס איז שווער צו מכריע זיין, פאר וואס עפּעס זיי געבען צו דער און ניט צו יענער אפטיילונג, אָבער עס איז נאָך אַ גאַנצע פראגע צו סדר איז איבערהויפּט גוט ביי וויצען? עס קומט אונז אויס, אז די פארשידענפארביגקייט און דוקא די צו־וואָרפענקייט, פרישען מעהר אַף דעם מח און מען הערט שארפער דעם וויץ, א סך וויצען אויף איין וועג, ביי כמעט די זעלבע אומ־שטענדען, ביי א רב, למשל ביי א דין תורה, ביי א גביר א קמצן, שוואכען און טעמפּען אַף דעם „חדוד“ פון וויץ, דאָך האָבען מיר געמאכט א סדר, אָבער אויך ניט אזוי מדקדק געווען. דאָס איב־ריגע — „ישפוט הקורא“.

# א

# רבנים

## פאסירונגען, דרשות און ווערטלאך



### עס איז גאָר א מצוה.

אן אפיקורס איז געקומען צום בעל „נודע ביהודה“ און איהם געפרעגט:

— רבי, איך האָב שוין עובר געווען אלע עבירות, חוץ פון דער עבירה פון „מאבד עצמו לדעת“.

האָט איהם דער „נודע ביהודה“ געענטפערט:

— די עבירה קענסטו ניט עובר זיין, ווייל דאס וועט גאָר זיין אַ מצוה פון „ובערת הרע מקרבך“.



### זיין ריכטיגער נאָמען.

צום „נודע ביהודה“ איז געקומען א בחור און געבעטען לייהען א גמרא. דער „נודע-ביהודה“ האָט איהם געזאָגט, ער קען איהם לייהען די גמרא נאָר ער רעדט מיט איהם אוים צוויי תנאים, ער זאל ניט טאָהן די בחור'שע געוואוינשאפט, ער זאָל ניט שרייבען ביי די זייטען קיין הערות און אויך ניט אונטער־חתמ'נען זיין נאָמען.

דער בחור האָט גענומען די גמרא און זיך געזעצט לערנען. ווען ער איז געקומען צו דער גמרא'ס אויסדרוק „חמור גמל“ (אייזעל קעמעל. דאָס הייסט: א ספק'דיגע זאך) איז דעם בחור געוואָרען קשה'דיג, ווי קומט מען אויספּארען אן אייזעל מיט א קעמעל, און ער האָט דערטראַכט, אז עס איז געווים א טעות הדפוס. האָט ער גענומען א פען און אויסגעמעקט דעם וואָרט „גמל“ און ביים זייט אָנגעשריבען „גמור“, וועט עס הייסען חמור גמור (אן אמת'ער אייזעל). ווען ער האָט אָפּגעבראַכט די גמרא, האָט דער „נודע ביהודה“ באמערקט די הגהה, זאָגט ער:

— דו האָסט ניט געפּאָלגטביידע תנאים: דו האָסט ניט נאָר פאלש פארריכט, נאָר דו האָסט אויך אונטערגעשריבען דיין נאָמען.

———:———

## א בפרוש'ער מאמר.

גלייך ווי רבי יחזקאל לאנדא איז געוואָרען רב אין פּראגא, איידער ער איז געוואָרען באריהמט, איז אויך געווען אין שטאָט א דיין, ר' שלמה קרוב, אן אדם גדול. א סך בעלי-בתים אין שטאָט האָבען זיך גע'ספק'ט צו איז ניט אמאָל דער דיין שלמה קרוב גרעסער פון רב. ווען מען האָט עס געזאָגט צו ר' יחזקאל'ן אליין, האָט ער קורץ געענטפערט:

— רוב וקרוב הולכים אחרי הרוב.

———:———

## ווי צו האנדלען מיט משוגעים

צום גאון „נודע ביהודה“ איז אמאָל אריין א משוגע'נער מיט א האַק אין האנד און געזאָגט:

— רבי, איהר זייט דאָך א גאון, א בעל-מופת, צייגט מיר, אז איהר קענט ארונטערשפּרינגען פון פענסטער, ווען ניט גיב איך אייך גלייך מיט דער האַק אין קאָפּ.

— אה, דאָס איז גאָר ניט — האָט דער גאון געלאסען גע־ענטפערט — שפּרינגען פון אויבען ארונטער קענען אלע. איך וועל דיר צייגען א מופת, און איך וועל שפּרינגען פון אונטען ארויף. דו ווארט דאָ, און איך וועל ארויסגעהן און אַרויפשפּרינגען פון גאַס אהער.

דער משוג'ענער האָט געווארט, און דער רבי איז אַרויס און צוריקגעקומען מיט אַן עולם, וועלכע האָבען דעם משוגע'נעם געבונדען.

# אָבער ער הייסט ניט.

אין בּריסק האָט מען אריינגעבראכט א נייע ספר תורה אין אַ שוהל, זיינען צו דער פייערונג געקומען גאַנץ שטאָט און אלע האָבען זיך געשפּארט אינעווייניג אין שוהל, אזוי אז דאָרט איז געוואָרען ענג און היים דערשטיקט צו ווערען. אבער ווען ר' יוסי בער האָט געדארפט דורכגעהן אין שוהל אויבען אָן, האָט מען פאר איהם געמאכט א וועג. געהענדיג אזוי צווישען די שורות מענשען, האָט ער באמערקט, ווי עטליכע יונגעלייט, שטארק פארשוויצט, האָבען אראָפּגענומען די היטלען, האָט זיך ר' יוסי בער אָפּגעשטעלט און זיי געפרעגט:

— פארוואס האָט איהר עס אראָפּגענומען די היטלען אין שוהל?

— אַי, רבי, ס'איז היים, אַי היים! — האָבען די יונגע לייט געזאָגט.

— אָבער איך הייס ניט, — האָט ר' יוסי בער געענטפערט.

## אין צובער אריין!

ר׳ יוסף בער, דער בריסקער רב, האָט ניט געהאַלטען פון דעם יראת שמים פון די עמי־הארצים און גראבע יונגאטשעס. אַמאָל האָט ער געזעהן ווי איינער אזא עם הארץ האָט זיך גע־וואשען צום עסען און אָפּגעגאָסען די הענט מיט צוויי פולע קוואָרט וואסער.

— זעהט נאָר, — האָט זיך ר׳ יוסף בער אָפּגערופען מיט אַ שמייכעל — זיין גאנצע יראת שמים גיסט ער אריין אין צובער אריין.

---

## ווי די פראגע אזוי דער ענטפער.

ר׳ יוסי בער איז אמאָל געפאָהרען מיט א בעל עגלה פון בריסק אין א צווייטער שטעטעל אריין, ווען זיי זיינען פארביי געפאָהרען נעבען א גרויסען בארג, רופט זיך אָפּ דער בעל־עגלה צו ר׳ יוסי בער׳ן:

— רבי, וויפיעל מולטערס זאמד קען זיין אין דעם בארג?

— איך וועל דיר זאָגען, מיין קינד, — האָט איהם ר׳ יוסי בער געענטפערט — עס ווענדעט זיך, ווי גרויס דער מולטער איז. איז ער גרויס ווי א צעהנטעל פונ׳ם בארג, וועט זיין צעהן מולטערס; איז ער אבער גרויס ווי א הונדערטעל פון בארג, וועט זיין הונדערט מולטערס, און אזוי ווייטער און ווייטער.

---

## אַ סימן אויף א גביר.

ביי ר׳ יוסי בער אין הויז איז איינמאָל געווען אן אסיפה וועגען א שטאָדטישען ענין. עס איז אָבער געווען שווער צו קו־מען צו א טאָלק, ווייל די בעלי־בתים זיינען דאס רוב געווען

גבירים, און יעדער איינער האָט געוואָלט אויספיהרען, ווי איהם האָט זיך פארוואלט.

ר׳ יוסי בער איז געווען אויפגערעגט אויף יעדערנס עקשנות. אינמיטען קומט אריין דער שמש און זאָגט דעם רב, אז א אי־דענע האָט זיך איינגעשפארט, זי וויל דוקא זעהן דעם רב אליין און נישט דעם בית־דין.

דער רב איז א ווײלע ארוים ענטפערן דער אידענע.

ווען דער רב איז צוריקגעקומען, זיינען איינינע בעלי־בתים געווען נייגעריג און געוואָלט וויסען, וואס אזוינס האָט די אי־דענע געהאט נויטיג צום רב אליין.

— אַט אַ אידענע, — זאָגט ר׳ יוסי בער — איהר האָט זיך גע׳חלומ׳ט, אז איהר זוהן איז משוגע געוואָרען.

— און ווי האָט איהר, רבי, איהר פותר חלום געווען? — האָבען עטליכע בעלי־בתים געפרעגט.

— איך האָב איהר געזאָגט, אז דאס איז א סימן, ער וועט זיין א גרויסער גביר. — האָט ר׳ יוסי בער געענטפערט.

———:———

## אויף איהם געזאָגט געוואָרען.

צו רבי יוסי בער בריסקער האָט א רייכער ישוב׳ניק גע־בראכט זיין אייניקעל, א חדר אינגעל, רבי יוסי בער זאָל איהם פארהערען.

— רבי, — האָט דער ישוב׳ניק מיט זיין גראָבען קול גע־רעדט — איך האָב זוכה געווען מיין אייניקעל מגדל זיין לתורה, ער לערנט שוין חומש, פארהערט איהם, רבי.

האָט עס אלע ארומיגע אין רב׳ם הויז און אויך ר׳ יוסי בער׳ן אליין פארדראָסען דעם ישוב׳ניק׳ם עזות, ר׳ יוסי בער אליין זאָל פארהערען זיין חדר־אינגעל.

ר׳ יוסי בער האָט ארויסגענומען א חומש און געפרעגט דעם קינד א גרינגע פראגע. דאָס קינד האָט גלייך געענטפערט.

— הלואי — האָט ר׳ יוסי בער געזאָגט צום ישוב׳ניק — זאָל מען אזוי אויף מיינע קינדער זאָגען וואס מען וועט זאָגען אויף דיינע.

דער ישוב׳ניק איז אוועק א צופרידענער, אז זיינע תלמידים האָבען איהם דערנאָך געפרעגט, וואס האָט ער געמיינט דערמיט, האָט זיי ר׳ יוסי בער ערקלערט:

— גאנץ איינפאך, הלואי זאל מען אויף מיינע קינדער זאָגען, אַז זיי קענען לערנען מעהר ווי דער טאטע זייערער.

---

# פארשטאַנען.

צו ר׳ יוסי בער בריסקער איז איינמאָל אין ערב פסח אריינ־געגאנגען א מאן מיט א שאלה, צו קען ער יוצא זיין די ארבע כוסות מיט מילך.

— ביסט דען חלילה קראנק? — האָט איהם ר׳ יוסי בער געפרעגט.

— ניין, איך בין ברוך השם געזונט, — האָט דער מאן גע־ענטפערט, און מורמלענדיג צוגעגעבען — ווייל איז ניט פאר מיין קעשענע היינטיגס יאהר.

ר׳ יוסי בער האָט געהייסען דער רבי׳צין זי זאל געבען דעם מאן פינף און צוואנציג רובעל אויף ארבע כוסות.

דער מאן האָט אָנפאנגס ניט געוואָלט נעמען די געלט. ער איז געקומען פרעגען א שאלה, אבער ניט בעטען קיין נדבה, אָבער ר׳ יוסי בער האָט איהם איבערגערעדט, אז ער גיט איהם ניט די געלט קיין נדבה, נאָר בתור הלואה, גאָט וועט איהם העלפען וועט ער אָפּגעבען.

ווען דער מאַן איז אַרויס פון הויז, האָט זיך די רבי׳צין אָנ־גערופען צו ר׳ יוסי בער׳ן:

— פאַר וואָס האָסטו איהם געגעבען גאַנצע פינף און צוואַנ־ציג רובעל, צוויי אָדער דריי רובעל זיינען דאָך אויך גענוג אויף ארבע כוסות?

— גאָר פּשוט, — האָט ר׳ יוסי בער געענטפערט, — דו האָסט דאָך געהערט זיין שאלה, צו ער קען יוצא זיין די ארבע כוסות מיט מילך. ווען ער זאָל מאַכען א סדר ווי עס געהער צו זיין, מיט פיש און פלייש, טאָר מען דאָך קיין מילך ניט נוצען ביים טיש. איך האָב דעריבער פאַרשטאַנען, אז ער האָט נאָך גאָר ניט אויף פּסח, און איך האָב דיר דעריבער געהייסען געבען פינף און צוואַנציג רובעל.

———:———

## ער עסט ניט.

צום רבי׳ן ר׳ דוב׳על פון דינאַוו איז געקומען א רב׳ל אויף שבת, האָט ער ניט געוואָלט עסען ביי איהם. דאָס איז געווען פאַר׳ן גרויסען רבי׳ן א גרויסע באַליידיגונג, נאָר דער רב׳ל האָט זיך פאַרענטפערט, אז ער עסט ניט קיין בשר בהמה.

— פאַרוואָס עסט איהר ניט קיין בשר — בהמה? — האָט איהם ר׳ דוב׳ל געפרעגט.

———:———

## אַ גאַסט איז אַנדערש.

ווען ר׳ עקיבא איגר איז געקומען קיין וואַרשא, איז מען איהם אַרויסגעקומען אנטקעגען און איהם אָפּגעגעבען גרויס כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גדול הדור.

א ווארשאווער בעל־הבית, א מקורב פון ר׳ זלמנ׳ען, דער דאמאָלטיגער ווארשאווער רב, דער מחבר פון „חמדת שלמה“, האָט דער קבלת פנים געקרענקט, ער האָט געפיהלט אין דעם ווי א פחיתת הכבוד פאר ר׳ זלמנ׳ען, וועמען ער האָט געהאלטען ניט קלענער פון ר׳ עקיבא איגר. ער האָט זיין פארדרוס אויס־געדריקט פאר ר׳ זלמנ׳ען אליין.

— איך וועל דיר זאָגען — האָט איהם ר׳ זלמן געענטפערט— דער שטייגער איז, אז ווען מען זאָגט די תפלה „ונתנה תוקף“ איז די שוהל געפאקט, די אידען וויינען, מען עפענט דעם ארון קודש, א ציטער נעמט אלעמען דורך, אָבער די תפלה „והוא רחום“ וואָס איז אויך א תפלה זכה כאפּט מען אָפּ און מען זאָגט עס אָפּ ווען מען קלייבט נאָר אויף א מנין אידען. פאר וואס איז אנדערש „ונתנה תוקף“ פון „והוא רחום“? דער תירוץ איז אָבער, „והוא רחום“ זאָגט מען אלע מאָנטאג און דאָנערשטאג, אָבער „ונתנה תוקף“ זאָגט מען דאָך ניט מעהר ווי איין מאָל אין יאהר...

———:———

## אלע זיינען גנבים.

רבי עקיבא איגר, באלד ווי ער איז געוואָרען רב אין פויזען, האָט ער זיך דערוואוסט, אז פיעלע בעלי־בתים פון זיין קהילה געהען פרייטאג צו נאכט אין טעאטער. דעם נעכסטען שבת, ווען רבי עקיבא איגר האָט געהאלטען זיין דרשה אין שוהל, האָט ער אזוי געזאָגט:

— איך האָב מיך לאנג געמאטערט איבער א שווערען מאמר חז״ל, וואס איז מיר יעצט נאָר רעכט געוואָרען. די גמרא זאָגט אין חולין „רוב גנבי ישראל“, דאס רוב גנבים זיינען אידען. איז עס עפּעס שווערליך צו פארשטעהן, אבער ביי אונז אין פויזען ווייזט אויס איז זעהר צוגעטראָפען. אונזערע חכמים האָבען גע־

זאָגט, אז מיט'ן אָנקומען פון שבת, ווערט יעדען אידען צוגע־געבען צוויי מלאכים, וועלכע באגלייטען איהם א גאנץ שבת. ווען א איד, דעריבער, געהט פרייטאג צו נאכט אין טעאטער, האָט ער עפ"י דין געדארפט קויפען דריי בילעטען. ווען די פויזנער אידען נעמען נאָר איין בילעט, באהאלטען זיי די צוויי באגליי־טער און בא'גנב'נען דעם טעאטער.

———:———

## דאָ איז נישט ייין אָרט.

ר' עקיבא איגר האָט אמאָל גייענדיג שבת אין גאס, אָנ־געטראָפען א אידישען בחור רויכענדיג א פאפיראָס. דער גאון האָט צוגערופען דעם בחור און איהם געפרעגט:

— דו האָסט מסתמא פארגעסען, אז היינט איז שבת?

— ניין, רבי, איך ווייס גאנץ גוט, אז עס איז שבת.

— מסתמא ווייסטו ניט, אז שבת טאָר מען ניט ריי־כערען? — האָט איהם דער גאון ווייטער געפרעגט.

— ניין, רבי, איך ווייס אז מען טאָר ניט. איך בין אַן אמת'ער מענש און איך וועל קיין ליגען ניט זאָגען.

— אויב אזוי, ווייסטו געווים ניט ווי הארב עס איז די עברה פון רויכערען אום שבת? — האָט ווייטער דער גאון גערעדט.

— איך ווייס אלץ, איך וועל ניט זאָגען קיין ליגען, רבי, איך זאָג דעם גאנצען אמת.

אויסהערענדיג אלץ, האָט זיך ר' עקיבא איגר אָפגערופען:

— אויב דו ביסט אזא אמת'ער מענש, טאָ וואָס דרעהסטו זיך דאָ ארום אויף דעם עולם השקר?

———:———

## אויף אַ גלייכען וועג טרעפט מען זיך.

ביי איינעם א געוויסען גאון פלעגט אָפט טרעפען, אז נאָך זיינעם א שעור אין דער ישיבה, פלעגען די תלמידים געפינען זיינע תורה געדרוקט אין פארשידענע ספרים. עס פלעגט זיך זיי אמאָל דערוועקען א חשד, ווי דער גאון וואלט גנב'ענען זיינע חדושי־תורה.

האָט ער זיי איינמאָל אזוי געזאָגט:

— ווען מען געהט בדרך המלך, אויפ'ן שאסעע, טרעפט מען נאָך מענשען געהן; ווען מען קריכט אבער אראָפּ פון וועג און מען בלאָנדזשעט איבער פעלדער און וועלדער, דאן איז מען איינער אליין. מיינע תורה ווערען געזאָגט מיט'ן שכל הישר, מוז מען זיך טרעפען מיט נאָך מענשען.

———:———

## אויך אַ גוי.

דער „חפץ חיים“ איז אמאָל געפאָהרען פון ווארשא מיט זיינעם א חבור, וואס ער האָט דאָרט אָפּגעדרוקט. זיצענדיג אין וואגאָן, האָט ער דערזעהן ניט ווייט א רייכען אידישען יונגען־מאן און איהם פארגעלעגט קויפען דעם ספר. דער יונגערמאן, ניט וויסענדיג ווער דער מחבר איז, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קויפען דעם חבור.

שפּעטער, אז ער האָט זיך דערוואוסט, אז דאס איז דער „חפץ־חיים“, איז ער צוגעגאַנגען צום צדיק, גלייך געקויפט דעם ספר און געבעטען מחילה, וואס ער האָט איהם באליידיגט.

— איך האָב צו אייך חס ושלום גאָר נישט — האָט דער חפץ חיים געזאָגט, — איך בין ניט גרעסער פון גאָט ברוך הוא,

ער האָט זיך אויך ארומגעטראָגען מיט זיין תורה צו אלעמען און קיין גוי האָט דאָס ניט געוואָלט נעמען אין האנט אריין.

———:———

## זיי ווילען, ווען ער וויל ניט.

ר׳ ישראל מאיר, דער „חפץ חיים״, איידער ער איז געוואָרען באריהמט, האָט ער געלעבט זעהר אָרים. ער פלעגט אין ראדין אויפ׳ן ווייבער־שוהל זיצען און לערנען תורה.

די שטאָט בעלי־בתים האָבען זיך דערוואוסט פון זיין לאגע און איהם געוואָלט געבען תמיכה. ר׳ ישראל מאיר האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון אָנצונעמען קיינע שטיצע.

איינמאָל זאָגט צו איהם זיין מוטער:

— ישראל מאיר, מיין זוהן, זעהסט דאָך ווי אָרים מיר זיינען. עס פעהלט אפילו אויף טרוקענע ברויט און מענשען ווילען דיר העלפען בדרך כבוד, פארוואס זאָגסטו זיי אָפּ?

— מאמע, — האָט איהר ר׳ ישראל מאיר געענטפערט — ווייסטו דען ניט, אז מענשען ווילען נאָר דאן געבען, ווען איך וויל ניט נעהמען; קוים אבער ועל איך וועלען נעמען — וועלען זיי ניט וועלען געבען.

———:———

## אויף דעם גיט אכטונג צום מייסטען.

ר׳ ישראל סאלאנטאר פלעגט ביים באקען זיינע מצות אליין אכטונג געבען, אז אלעס זאל געטאָן ווערען כדת וכדין. איינמאָל איז רבי ישראל דעם גאנצען ערב פסח געלעגען קראנק און האָט ניט געקענט זיין אנוועזענד ביים באקען זיינע מצות. זיינע תלמידים האָבען זיך אָנגעכאפּט איהם פארטרעטען ביי דער השגחה פון כשרות.

— רבי, — האָבען זיי איהם געפרעגט פאר'ן געהן — אויף וואָס פאר א זאך זאָלען מיר אממייסטען אכטונג געבען ביים באַקען די מצות?

— אממייסטען זאָלט איהר אכטונג געבען אויף אַ שוואַכע פרוי, ווען איהר באמערקט, אז איהר איז שווער צו וואלגערען. איהר זאָלט אויף איהר ניט שרייען און ניט בייזערען זיך, — איז געווען רבי ישראל'ס ענטפער.

—:—

## קלענער אָבער גאנץ.

ר' ישראל סאלאנטער האָט אמאָל געריהמט זיין תלמיד ר' שמחה זיסל קעלמער. האָט איהם איינער א רב געמאכט אויפ-מערקזאם, אז ווען ר' שמחה זיסל לעגט נישט אריין זיינע גאנצע כשרונות אין מוסר, וואָלט ער געווען מעהר גדול אין לערנען.

אויף דעם האָט ר' ישראל געענטפערט:

— עס ווערט געבראכט אין דין, אז ווען מען האָט פאר זיך צוויי חלות, איינע א קליינע נאָר א שלמה, א גאנצע, און נאָך איינע א גרויסע נאָר ניט קיין גאנצע — דארף מען מאכען די ברכה אויף דער שלמה, אַן אדם שלם איז מעהר חשוב פון אן אדם גדול.

—:—

## ער וועט אויך ניט שוויגען.

רבי שמואל סאלאנטער איז געווען א גרויסער חכם, א מתון און א מענשען-פריינד.

איינמאָל, ווען ער איז געווען רב אין ירושלים, איז פאר איהם געקומען א שווערער בעל-דבר צו א דין-תורה. ווען רבי

שמואל האָט איהם ערקלעהרט שולדיג, האָט ער אָנגעהויבען שרייען:

— רבי, איך וועל ניט שווייגען! איך וועל אייך צוברעכען אלע שויבען פון הויז!

— און איך, מיינסטו, — האָט דער רב צוריק געענטפערט — וועל שווייגען אודאי, וואָס?

— וואָס, רבי, וועט איהר טאָן? — האָט זיך דער בעל-דבר אביסעל דערשראָקען.

— וואָס וועל איך טאָן? — האָט דער רב אין זעלבען טאָן געענטפערט — איך וועל גלייך רופען דעם גלעזער.

———:———

## מיט אַ שנוי.

אַ ליץ האָט אמאָל געפרעגט דעם מלבי"ם, אפשר וויים ער אַ וועג, ווי מען זאָל מעגען רויכערן אום שבת?

האָט דער מלבי"ם געענטפערט:

— על ידי שנוי מעג מען, איהר מוזט אלזאָ דעם ציגאַר מיט דעם ברענענדיגען זייט האלטען אין מויל.

———:———

## אַ פארקעהרטע וועלט.

דער מל"בים איז געווען געגען דעם מנהג, וואס האָט גע-הערשט אין אַ סך קהילות, ווען מען האָט פארבייגעטראָגען די תורה צום בימה אויף לייענען, פלעגען די מתפללים אויסשטרע-קען די הענט, אנריהרען מיט זיי די ספר-תורה און דערנאָך קושען די איינגענע שפיצען-פינגער. איינמאָל איז דער מל"בים געקומען אין אַ שוהל און געמערקט, ווי אלע טוען אזוי, דערוויייל האָט

ער אויך געהערט ביים לייענען, ווי יעדער איז מנדב, נאָר לפנים, דריי מאָל אזוי פיעל ווי אין דער אמת. האָט דער מל"בים געזאָגט:

— עס זעהט מיר אוים, ביי אייך איז עפּעס א פארקעהרטע וועלט: מען קושט מיט די הענט און זאָגט צו מיט'ן מויל.

———:———

## דו האָסט געשיקט דיין בילד.

ר' מאיר ליבוש מלבי"ם האָט געהאט זעהר פיעל שונאים אין זיין שטאָט.

איינמאָל פורים האָט איהם איינער פון זיינע שונאים געשיקט שלח מנות אין א טעלער איבערגעדעקט מיט א ווייסען טישטוך. ווען דער מלבי"ם האָט ארונטערגענומען דעם טישטוך פון טעלער, האָט ער דאָרט דערזעהן א לעקאך מיט אן אויסגעבאקענע חזיר'שע צורה פון אויבען.

דער מלבי"ם האָט גענומען זיין פאָטאָגראפיע, עס ארויפגעלעגט אויף דעם זעלבען טעלער און אויך צוגעלעגט א צעטעלע מיט א פּאָר אָנגעשריבענע ווערטער:

— דו האָסט מיר געשיקט דיין בילד און איך שיק דיר מיינעם.

און דאָס געהייסען איהם שיקען צוריק.

———:———

## צו וואָס האַלט ער אָפען די קראָם.

מען האָט אָנגעזאָגט דעם קראקאווער דין, אז זיין קרוב איז עס דער ערשטער אין שטאָט, וואס האלט זיין קראָם אָפען אום שבת. האָט עס דער דין ניט געוואָלט גלויבען און איז אליין גע-

גאַנגען זיך איבערצייגען צו עס איז אמת אָדער ניט. אז ער איז דאָרט געקומען, האָט ער געטראָפען די קראַם אָפען, אבער קיין קונים זיינען גראדע ניט געווען. איז דער דין צוגעגאַנגען צו זיין קרוב און געזאָגט:

— דו נאר איינער, וואס האלסטו אָפען די קראַם, אז פאר־קויפען טאָרסטו סיי־ווי־סיי ניט?

---

## בעסער א מומר לתאוה איידער להכעים.

ר׳ יצחק אלחנן איז אמאָל תשעה באב ארײנגעקומען צו איינעם א דאָקטאר פיינבערג און געטראָפען די גאנצע פאמיליע עסענדיג. דער דאָקטאר, איז אפילו געווען א פרייער מענש, נאָר דערזעהענדיג ר׳ יצחק אלחנ׳ען, האָט ער זיך אביסעל פאר־שעהמט און האָט אזוי ווי אויפגעהערט צו עסען. ר׳ יצחק אלחנן האָט דאָס באמערקט און גלייך געזאָגט:

— מיט פיעל אפעטיט אייך.

האָבען זיי זיך אלע געוואונדערט, אז ר׳ יצחק אלחנן זאָל זיי צוואוינשען אפעטיט, ווען זיי עסען אום תשעה באב.

— פארשטעהט איהר מיך — האָט ר׳ יצחק אלחנן זיי דער־קלערט — איך האָב געזעהן, אז איהר עסט מיט א האלבען אפעטיט, און אייער עסען וואָלט דאָך אויסגעקומען ווי „מומר להכעים“, ווען איהר וועט אבער עסען מיט אפעטיט, וועט עס זיין „מומר לתאוה“ און די עברה וועט זיין א קלענערע.

---

## סא טייערע פאָלק אידען זיינען.

ר׳ יצחק אלחנן איז אמאָל געפאָהרען מיט א בעל־עגלה אין וועג, אז עס האָט אָנגעהויבען ווערען פארנאכט, האָט ר׳ יצחק

אלחנן געהייסען דעם בעל־עגלה זיך אָפּשטעלען, און איז אראָפּ פון וואָגען און זיך געשטעלט דאווענען מנחה. דער בעל־עגלה, זעהענדיג ר׳ יצחק אלחנן דאווענען, האָט אויך אָנגעהויבען דאוו־נען מנחה, דערביי האָט ער אבער אין איין צייט אויך אויסגע־שמירט די רעדער פון וואָגען. אז ר׳ יצחק אלחנן האָט דאס דער־זעהן, האָט ער געזאָגט:

— סא טייערע פאָלק די אידען זיינען, אפילו ווען זיי אַר־ביימען, דאווענען זיי אויך.

———:———

## דער אונטערשייד.

דער בעריהמטער קראקויער רב, רבי שמעון סופר, איז אויך געווען א מיטגליד פון עסטרייכישען רייכסראט. איינמאָל, ביי א זיצונג פון דעם רייכסראט, האָט אן אנטיסעמיטישער „אבגעאָרדענטער״, וועלכער איז געזעסען געגענאיבער דעם רב אויף דעם אנדער זייט טיש, א פרעג געטאָן רבי שמעון׳ען:

— וואָס איז דער חילוק צווישען א רב און א חזיר?

— דער טיש. — האָט דער רב געענטפערט.

———:———

## קראקויער רב׳ס ענטפער.

דער קראקויער רב, ר׳ שמעון סופר, וואס איז אויך געווען „רייכסראטה געאָרדענטער״ צום וויענער פארלאמענט, איז גע־ווען באפריינדעט מיט׳ן קייזער פראנץ יאָזעף. איינמאָל, שבת, באַגעגענט איהם דער קיסר אין גאַס און גיט איהם א ציגאר, נעמט דער רב און לעגט אריין דעם ציגאר אין זיין וועסט־קע־שענע. האָט עס דעם קיסר פארדראָסען און האָט איהם אַ פרעג געגעבען, פארוואס רויכערט ער ניט דעם ציגאר?

— זאָ איין טייערען ציגאר — ענטפערט ר׳ שמעון סופר — פון זיינער מאיעסטעט אייגענהענדיג מיר געגעבען, זאל איך איהם אוועקלאָזען מיט׳ן רויך...

———:———

## ווען אַ טיטעל איז הפקר.

אין א שטעטעל איז געווען א רב, פלעגט איהם א ישוב׳ניק פון א דערבייאיגען דאָרף ארײנשיקען אלע דאָנערשטאג פיש אויף שבת. איינמאָל אַן ערב שבת האָט דער ישוב׳ניק ניט געשיקט דעם רב קיין פיש. שרייבט איהם אָן דער רב א בריוועל און שרייבט איהם א טיטול: „לכבוד הרב הגאון המופלג והמפורסם וכו׳“...

קומט צו פאָהרען דער ישוב׳ניק א ברוגז׳ער צום רב:

— סטייטש, רבי, — האָט דער ישוב׳ניק גע׳טענה׳ט — איך האָב אייך אלע מאָל געשיקט פיש אויף שבת און אז גראדע היינטיגען שבת האָט זיך געמאכט, אז איך האָב ניט געהאט קיין פיש — נעמט איהר און מאכט אזוי חוזק פון מיר?

— איך, חוזק? — וואונדערט זיך דער רב — פאַרוואָס זאָל איך פון אייך מאכען חוזק?

— אָט איז דער בריוועל, — ווייזט דער ישוב׳ניק — איהר נעמט און שרייבט מיר אריין „הרב הגאון המופלג והמפורסם“... ווי קומט איהר דאָס שרייבען צו מיר אזוי? דאָס איז דאָך חוזק געמאכט.

— מען זאָגט דאָס אויף מיר אויך, — האָט זיך דער רב פארענטפערט.

———:———

## ער איזביידע זאכען.

אַ געוויסער גאון האָט געהאַט צוויי זיהן, וועלכע זיינען געגאַנגען אין טאַטענס וועגען און זיינען אויך געוועזן גדולים אין לערנען.ביידע זיהן האָבען זיך געפּליישט איבערשטייגען איינער דעם אנדערען אין תורה.

איינמאָל פרעגט דער גאון איין זוהן:

— זאָג מיר, מיין קינד, ווער קען בעסער לערנען, דו אָדער דיין ברודער?

— איך קען דיר, טאַטע, אויף דעם ניט ענטפערען. — זאָגט דער זוהן — זאָל איך זאָגען, אז איך קען בעסער? וועל איך זיין א בעל-גאוה; זאָל איך ווידער זאָגען, אז מיין ברודער — וועט עס זיין אַ ליגען.

האָט דער גאון איהם געענטפערט:

— און איך זאָג דיר, אז דו ביסט אי א ליגנער, אי א בעל-גאוה.

———:———

## ווי האָבען מורא פאר זיך.

מען האָט אמאָל געפרעגט רבי אייזעל חריף, פארוואס גי-בען די נגידים גיכער א נדבה צו אן אָרימאַן א קאַליקע און ווילען ניט געבען קיין נדבה צו אן אָרימאַן א תלמיד-חכם.

—פארשטעהט איהר מיך — האָט ר' אייזעל חריף גע-ענטפערט — די נגידים טוען ווי עס באדארף צו זיין. יעדער נגיד האָט מורא טאָמער וועט ער חלילה ווערען אן אָרימאַן, א קריפּעל, און ער גיט דעריבער א נדבה אזא אָרימאַן, כדי מען זאָל אמאָל איהם געבען ווען ער וועט דארפען, אָבער אז דער נגיד

זאָל ווערען אַן אָרימאַן א תלמיד־חכם, האָט ער קיינמאָל קיין מורא ניט און דעריבער וויל ער איהם קיין נדבה ניט געבען.

---

## קיינער קען ניט קוקען.

א מחבר, וואס זיין נאָמען איז געווען משה, האָט אמאָל גע־בראכט צו ר׳ אייזעלע סלאָנימער זיינעם א חבור, וואס ער האָט גערופען „ידי משה“.

ר׳ אייזעלע האָט אריינגעקוקט אין חבור און האָט געזאָגט:

— איהר האָט געדארפט רופען דעם ספר „פני משה“.

— וואָס עפּעס „פני משה“? — האָט דער מחבר געפרעגט.

— ווייל אין משה׳ס פנים האָט קיינער ניט געקענט קוקען.

---

## מדבר שקר תרחק.

א מחבר איז געקומען צו ר׳ אייזעלען בעטען א הסכמה אויף זיינעם א חבור. ר׳ אייזעלע האָט איינגעשטימט. ער האָט גע־נומען א בויגען פּאַפּיר, אָנגעשריבען אין דער הויך די הסכמה און זיך אונטערגע׳חתמ׳עט נידעריג ביים ענד פון בויגען.

— רבי, — האָט געפרעגט דער מחבר — צו וואס האָט איהר דאָס געלאָזען אזא ליידיגען פּלאַץ פאר דער חתימה?

— כדי צו מקיים זיין „מדבר שקר תרחק“, פון א ליגען זאָלסטו זיך דערווייטערן. — האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט.

---

## מאן דיהיב חיה.

אין קוטנא, וואו ר׳ אייזעלע חריף איז געווען רב, איז ביי איהם פאָרגעקומען א דין תורה פון א פּאָר מחותנים. דעם חתנ׳ס

פאָטער האָט גע׳טענה׳ט, אז זיין מחותן, דער כלה׳ס פאָטער, דארף געבען קעסט, ווייל זיין זוהן, דער איידעם, איז א גרויסער למדן.

ר׳ אייזעל האָט אויסגעהערט די טענות און געגעבען א פרעג:

— ווי רופט מען דער כלה?

— חיה, — האָט דער אבי־הכלה געענטפערט.

— מאן דיהיב חיה יהיב מזונא, — האָט ר׳ אייזיק׳ל גע־ענטפערט.

---

## אַ בפרוש׳ע ראיה.

ר׳ אייזעלע סלאָנימער איז פריהער געווען רב אין קוטנא, אז סלאָנים האָט איהם אריינגעשיקט דעם כתב רבנות, האָט קוט־נא איהם ניט געוואָלט פארלאָזען און די ראשי העיר האבען איהם שטארק געבעטען ער זאל פארבלייבען ביי זיי.

האָט ר׳ אייזעלע חריף זיי געזאָגט:

— איך האָב א בפרוש׳ע ראיה אז קוטנא איז ניט קיין שטאָט. די גמרא זאָגט: „קטנה ונערה היכי דמי״ ווי איז דאָס געמאָלט א קטנה און א נערה צוזאמען? ענטפערט די גמרא: „קטנה דמין נעורין״, א קטנה פון דער שטאָט נעורין, היינט ווען קוטנא וואָלט געווען א שטאָט, האָט דאָך די גמרא געקענט זאגען: „נערה דמין קוטנא.״

---

## די קינדער וועט ער אודאי אפקוילענען.

מען דערצעהלט, איינמאָל איז צו ר׳ אייזעלען געקומען א שוחט, וועלכער איז שוין געווען אלט און זיך באקלאָגט אז ער

קען מעהר ניט שעכטען, ווייל ער האָט מורא, אז ער האָט פאר־לאָרען די הרגשה און ער וויל בעסער ווערען א מלמד. דערהע־רענדיג דאָס, האָט ר׳ אייזעלע געגעבען א טופע מיט׳ן פוס און א געשריי:

— ביי שחיטה, איז א ספק אויב דו קוילעסט די בהמה, די קינדער וועסטו געווים אפקוילענען.

———:———

# נאָהנט פון אמת.

פאר ר׳ אייזעלע סלאָנימער האָט א מחבר געבראכט א פירוש אויף תורה געשריבען אויף די גליונות פון חומש און געבעטען זיין הסכמה.

ר׳ אייזעלע האָט נאָך גאָר ניט מעיין געווען אין ספר און גלייך געענטפערט:

— אייער חבור איז קרוב לאמת.

— רבי, — פרעגט דער מחבר — איהר האָט דאָך נאָך גאָר ניט געהאט צייט איינצוקוקען אין חבור, ווי ווייסט איהר שוין דאס צו זאָגען?

— איך האָב געזעהן — ענטפערט ר׳ אייזעלע — ער איז דאָך געשריבען אויף די גליונות פון חומש לעבען דער תורה. נו, איז ער געווים קרוב לאמת.

———:———

# זיי ווילען שוין זעהן.

א מחבר איז געקומען צו ר׳ אייזעלע חריף בעטען אן הסכמה אויף זיינעם א חבור. ר׳ אייזעלע איז געווען זעהר פארנומען און עס האָט גענומען ביז פינסטערע נאכט, ווען ר׳

אייזעלע האָט אָפּגעריסען א פּאָר מינוט און מעין געוועזן אין ספר.
דערוויייל הערט ער ווי דער מחבר רעדט פאר זיך:

— אָ, וואס טוט מען יעצט? עס איז שוין שפּעט, און עס איז דאָך א דין „תלמיד־חכם אל יצא יחידי בלילה מפני המזיקים?“

רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע צו איהם:

— נישקשה, נעמט מיט אייער ספר, וועלען די מזיקים זעהן סא למדן איהר זייט, וועלען זיי שוין אייך ניט אָנרירען.

---

## מעהר צוגעפּאסט.

אמאָל איז געקומען א מחבר מיט זיין ספר צו ר׳ אייזעלען בעטען זיין הסכמה. ר׳ אייזעלע האָט אריינגעקוקט אין כתב יד און האָט געזעהן, עס זיינען דאָרט פאראן מעהר נארישקייטען ווי חידושי תורה. זאָגט ער צום מחבר: „ווי וועט איהר א נאָמען געבען דעם ספר?“ ענטפערט דער מחבר: „רד“ק“. און אז ר׳ אייזעלע האָט איהם געפרעגט: „פארוואס עפּעס רד“ק?“ האָט ער ערקלערט, דאָס ער אליין הייסט דוד, דער פאטער קלמן, און רד“ק מאכט ר׳ דוד קלמנ׳ס. זאָגט צו איהם ר׳ אייזעלע:

— אזוי קען עס ניט זיין. פאר זיך נעמט איהר דעם טיטעל רבי און פאר׳ן פאטער ניט, איז דאָך דאָס א באליידיגונג פאר אייער טאַטען. איהר גיט בעסער א נאָמען דעם ספר „דוראק“, וועט עס זיין אייער ריכטיגער נאָמען און אייער פאָטער וועט אויך האָבען דעם מורינו.

---

## שקר אין לו רגלים.

ר׳ אייזעלע חריף האָט אמאָל באגעגענט חברה־קדישה גע־ הענדיג פון בית־עלמין שטארק שכור, אזוי, אז זיי האבען זיך געוואקעלט פון די פיס.

האָט ר׳ אייזעלע געזאָגט:

— דאכט זיך די חברה־קדישה געהן פון עולם האמת און האָבען ניט קיין פיס ווי דער שקר.

———:———

## אן עצה.

אמאָל האָט א סלאָנימער אתרוגים־סוחר געשאפט אויף סוכות א טראנספּאָרט אתרוגים. די אתרוגים זיינען אָבער אלע געוועזן ניט קיין שעהנע און ווען א חשוב, א בעל־הבית, פלעגט קומען קויפען אן אתרוג, פלעגט ער עם פריהער טראָגען ווייזען ר׳ אייזעלען און ר׳ אייזעלע האָט כסדר געזאָגט, אז עס ניט קיין „הדר". דער אתרוגים סוחר איז געקומען צולויפען מיט א גוואלד צו רבי אייזעלען:

— סטייטש, רבי, איהר מאכט דאָך מיך אומגליקליך — האָט דער סוחר געוויינט — איך וועל דאָך איבערבלייבען מיט אלע אתרוגים.

— וואָס קען איך העלפען, — האָט ר׳ אייזעלע געענט־ פערט — אז די אתרוגים זיינען ניט קיין שעהנע. איך קען דיר נאָר געבען אן עצה, דו גיב יעדען בעל־הבית צוויי אתרוגים און ווען אימעצער וועט קומען ביי מיר פרעגען, וועל איך נאָר זאָגען, דער איז א בעסערער, וועט יענער קויפען דעם בעסערען און דו וועסט אָפּלייזען פאר דיינע אתרוגים.

———:———

## אַ טאַטע א תרח, דאַרף דער זוהן זיין אברהם.

ר׳ אייזעלע סלאָנימער איז אמאָל געווען סנדק אויף א ברית. ווען מען האָט געהאַלטען ביי דער ברכה ביי די ווערטער „ויקרא שמו בישראל" איז דער בעל ברית געבליבען שטעהן און ניט געוואוסט וואס פאר א נאָמען זאָל מען געבען דעם קינד. זאָגט ר׳ אייזעלע, זאָל מען איהם רופען אברהם.

נאָכ׳ן ברית, פרעגט מען דעם רב פון וואנען האָט ער עס גענומען, אז דער נאָמען זאָל זיין אברהם, האָט ער געענטפערט:

— איך האָב געזעהן ווי דער טאַטע שטעהט ווי א תרח, האָב איך זיך געטראַכט, אז דער זוהן דאַרף הייסען אברהם.

———:———

## אַ ג ו ט ע ר ס י מ ן.

איידער ר׳ יאָסעלע סלאָנימער איז געוואָרען רב, האָט ער געגעסען קעסט ביי זיין שווער ר׳ אייזעלע. האָט איהם ר׳ אייזעלע אמאָל אַ זאָג געטאָן:

— הער זיך איין, יאשע, אפשר קענסטו מיר זאָגען, ווער פון אונז ביידען איז דאס דער סלאָנימער רב? שאלות פסק׳נען מיר דאָך ביידע ניט, דאָס טוט דער מורה הוראה ר׳ פייטעל; ביי א דין תורה זיצען מיר ביידע; פון די שכירות לעבען מיר אויך ביידע, ווער איז פאָרט רב?

— נו, ווי קען מען עס וויסען? — האָט ר׳ יאָסעלע צוריק געפרעגט.

— כ׳וועל דיר זאָגען, געה ארוים אין שטאָט, וועסטו הערען וועמען מען בארעדט.

———:———

## ער איז אַ מלאך.

ווען ר׳ אייזעלע חריף איז געווען אין ווילנא האָט צו איהם א פאָטער געבראכט זיין זוהן, ר׳ אייזיק זאָל איהם געבען סמיכה. זאָגט ר׳ אייזעלע צום פאָטער „אייער זוהן איז א מלאך אלקים״. דער פאָטער איז אַוועק מלא שמחה. שפעטער האָבען איהם די ארומיגע געפרעגט:

— סטייטש, רבי, דער בחור איז דאָך אן עם הארץ, פאר־וואָס האָט איהר איהם גערופען מלאך?

האָט ר׳ אייזעלע געזאָגט:

— נו, אָט דאָס מיין איך דאָך טאקע, ווייל „לא נתנה תורה למלאכי השרת״ (די תורה איז ניט געגעבען געוואָרען צו קיין מלאכים).

---

## אמת׳ע וואַסער.

איינער א רב האָט אמאָל א פרעג געטאָן ר׳ אייזעלע חריף:

— רבי, וואָס טוט מען, עס איז דאָך גאר ניטאָ קיין אמת אויף דער וועלט.

האָט איהם ר׳ אייזעלע א זאָג געטאָן:

— וואָס רעדט איהר, וואָס הייסט עס איז ניטאָ קיין אמת? אָט נעמט, למשל, ביי מיר טראָגט אַ אידענע מילך, איז עס אמת׳ע וואַסער.

---

## מיניה וביה

איינער פון ר׳ אייזעלע חריף׳ס מקורבים, א איד א זקן, האָט אמאָל א פרעג געטאָן ר׳ אייזעלען אין א וויץ:

— עס שטעהט דאָך „זקני תלמידי חכמים כל זמן שמזקינים

דעתם מיושבת עליהם", טאָ ווי קומט עס וואס אייערע לעצטע ספרים זיינען אביסעל שוואכער ווי די ערשטע?

— עס שטעהט דאָך אבער אויך: „זקני עם-ארץ כל זמן שמזקינים דעתם מטורפת עליהם". דעריבער קומט אויך אויס די שפּעטערע תורה שוואכער — האָט ר' אייזעלע מיניה וביה געענטפערט.

---

## אַז מען איז אַ „חמרא".

ר' אייזעלע חריף, דער סלאָנימער רב, איז אמאָל אין א קאַל-טען טאָג אין חודש תמוז געקומען אין שוהל אָנגעטאָהן אין א פוטער, האָט איהם איינער געפרעגט:

— רבי, האָט איהר קיין מורא ניט געהאט, מען וועט נאָך אויף אייך זאָגען דעם ווערטעל „חמרא בתקופת תמוז קרירא ליה?"

— דער טייטש פון פּסוק איז גאָר אנדערש — האָט ר' אייזעלע געענטפערט — אז מען איז א „חמרא" און מען שעהמט זיך אָנטאָהן א פוטער ווען עס איז אמאָל קאלט בתקופת תמוז, איז טאקע — „קרירא ליה" איז יענעם טאקע קאלט.

---

## פון איהם איז קיין ראיה ניט.

ר' אייזעלע חריף האָט זיך אמאָל אויפגעטראָפען ביי א ברית מילה מיט ר' יאָסעלע שלאָמזיר חזן. געמענדיג אביסעל בראנפען און ווערענדיג בגילופינ'דיג, האָט דער חזן א פרעג געטאָן ר' אייזעלען:

— רבי, איך וואָלט וועלען וויסען, פאר וואס האלט די וועלט אַז א חזן איז א נאַר. אָט בין איך, אמת טאקע, איך האלט זיך

ניט פאר קיין חכם, אבער דאָך וועט יעדער מודה זיין, אז איך בין ניט נארישער פון וועלכען עס איז בעל־הבית.

— פון אייך איז קיין באווייז ניט, — האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט — „אין מביאין ראיה מן השוטים“.

---

## זאָלען זיי בעסער אויסגעהן נאָך איהם.

ר׳ אייזעלע סלאָנימער פלעגט ניט מאריך זיין אין שמונה עשרה און ער פלעגט תמיד אויסגעהן די „שמונה עשרה“ פריי־הער פון גאנצען עולם. האָט מען איהם אמאָל געפרעגט, וואָס איז די מעשה וואס אלע רבנים געהן אוים „שמונה־עשרה“ שפּעט, אז דער עולם דארף אויף זיי ווארטען און ער געהט אוים פריהער פון אלעמען. האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט:

— וואָס דארף איך אויסגעהן נאָכ׳ן עולם; זאָל בעסער דער עולם אויסגעהן נאָך מיר.

---

## ער וועט זיך יאָגען נאָך דעם.

צו רבי מאיר פּרעמישלאנער איז געקומען א חסיד צולויפען מיט אימפּעט, ער מוז גלייך זעהן דעם רבי׳ן, ווייל זיין ווייב איז א קשה לילוד. גראדע האָט דער רבי דאן געשלאָפען, און דער גבאי האָט דעם חסיד ניט געוואָלט צולאָזען. דער חסיד איז אָבער צוגעשטאַנען, אז ניט אנדערש ער מוז זעהן דעם רבי׳ן. דער גבאי האָט געזעהן, אז ער קען זיך ניט אָפּטשעפּען פון חסיד, איז ער אריין אין חדר, וואו דער רבי האָט געשלאָפען, דאָרט פארזאמט זיך א ווײלע, און דערנאָך שפּעטער ארוים מיט א מטבע אין האנט און זיך געווענדט צום חסיד:

— דער רבי האָט געהייסען צולעגען די מטבע צום נאָפּעל פון דער געווינערין, וועט זי באלד געהאָלפען ווערען.

אין א שטונדע ארום איז דער חסיד געקומען צו רבי מאיר׳ן און איהם געטראָפען אין שטוב. ער האָט אָנגעהויבען דאנקען דעם רבי׳ן פאר דער גוטער סגולה וואס ער האָט איהם געגעבען, וואָס האָט גלייך געהאָלפען דער געווינערין. דער רבי האָט פאר־שטאַנען, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט. ווען דער חסיד איז אוועק האָט ער געשיקט רופען דעם גבאי, און איהם געפרעגט, וואָס איז דאָ פארגעקומען.

דער גבאי האָט דערצעהלט דעם רבי׳ן די גאנצע מעשה, וואָס דאָ האָט פאסירט, און אז ער אליין האָט עס איהם גע־געבען די סגולה.

— וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאלען א מטבע פאר א סגולה? — האָט דער רבי געפרעגט.

— גאַנץ פשוט, — האָט דער גבאי געענטפערט — דאָס איז א אידיש קינד, אזוי גיך ווי ער וועט דערזעהן א מטבע, וועט ער זיך גלייך נעמען יאָגען נאָך דעם.

———:———

## אַ סופר ביי טאָג און בעקער ביי נאכט.

אין דער שטאָט, וואו ר׳ מאיר פרעמישליאנער איז געווען רב, איז געווען א סופר, וועלכער פלעגט בייטאָג שרייבען סופריש און ביינאכט העלפען דער ווייב באקען ברויט צום פארקויפען: ווייל ער פלעגט זיין אויף גאנצע נעכט, איז ער גע־ווען בייטאָג פארשלאָפען און פלעגט מאכען פיעל גרייזען אין דער כתיבה, האָט דערפאר ר׳ מאיר גע׳פסל׳ט זיין כתיבה.

ווען גוטע פריינד זיינען געקומען צו ר׳ מאיר׳ן בעטען פאר דעם סופר, האָט זיי ר׳ מאיר געזאָגט:

— וואָס ווילט איהר, עס איז א בפירוש'ע גמרא: „נכתב ביום ונחתם (אַ בעקער) בלילה — פסול".

———:———

## ער באגרייפט עס מיט חריפות.

ר' אליה ברוך, איידער ער איז געוואָרען רב אין מיר, איז געווען רב אין א קליין שטעטעל. ער האָט גענומען א קליינעם געהאלט און געלעבט א געמאטערטען לעבען. די רבי'צין איז תמיד געווען פארזאָרגט, ווי קומט מען אויס, די הוצאה איז גרויס, די קינדער וואקסען אונטער און די פרנסה איז קליין.

ר' אליה ברוך, וועלכער איז געווען א פרעהליכער פון נאַטור, האָט קיינמאָל ניט געזאָרגט. ער פלעגט זיך נאָך צוּוויצלען און איבערהויפט זיצען און לערנען.

איינמאָל רופט זיך אָפּ די רבי'צין:

— אליה ברוך, דו זאָרגסט דאָך גאר ניט פאר דיין פאַמיליע, פאר די קינדער. ביי מיר איז דאָס לעבען קיין לעבען ניט פון גרוים זארג און דו — זאָל דאָס דיר אָנהויבען צו קימערן.

— פארשטעהסטו מיך, — האָט ר' אליה ברוך געענטפערט — דו ווייסט דאָך, אז מען זאָגט אויף מיר, אז איך האָב א שארפען קאָפּ און בין א גרויסער חריף. וואס איז דער חילוק צווישען א חריף און א פארשטאָפּטען קאָפּ? דאָס וואס א חריף באגרייפט אין איין שטונדע, נעמט דאס זעלבע ביי א פארשטאָפּטען קאָפּ צו פארשטעהן א גאנצע וואָך. יעצט קענסטו שוין פארשטעהן, אז דאָס וואס דו זארגסט א גאנצע וואָך, איז פאר מיר גענוג נאָר איין שטונדע.

———:———

## פאר וועמען דער ים איז אנטלאָפען.

האָט מען זיך פאר'ן רב געקלאָגט אויף די חברה קדישא פון שטעטעל, אז צו זייער טרינקען איז שוין גאָר ניטאָ קיין מאָס. שטענדיג טרעפט מען זיי שכור, אז עס איז פשוט א חרפה דאָס צוקוקען.

דער רב האָט אָבער פארשטאַנען, אז אָהן די ביסעל בראָנפען וועט קיין חברה קדישא ניט זיין און ער האָט געזאָגט:

— נישקשה, עס מאכט ניט אויס, פון אייביג אָן זיינען חברה-קדישא געווען שכורים. מיר זאָגען אין „הלל": „הים ראה וינוס", איז דאָך די קשיה, צו וואס האָט ער געדארפט ענט-לויפען? זאָגט אויף דעם די גמרא, אז „ראה ארונו של יוסף" — ער האָט געזעהן ווי מען טראָגט יוסף'ס ארון, אזוי גיך ווי דער ים האָט געזעהן אז חברה קדישא געהן, קענען זיי איהם נאָך אויס-טרינקען, האָט ער געמאכט פליטה.

---

## אַ דאָקטאר איז פריהער.

אַ חלוקי דעות איז אויסגעבראָכען אין שטעטעל, וואָס זאָל מען נעמען פריהער א דאָקטאר צו אן אדוואָקאט. איין צד האָט געהאלטען, אז מען מוז האָבען א דאָקטאר, ווייל אז עס ווערט אימעצער קראנק, איז ניטאָ ווער עס זאָל היילען, און די אַנדערע האָבען אָבער גע'טענה'ט, פריהער מוז מען זאָרגען פאר די געזונטע. טאָג און נאכט איז „סודען" מיט די גויים און אידען פארשפילען, ווייל עס איז ניטאָ קיין אדוואָקאט. האָט דער רב זיך אריינגעמישט און געזאָגט:

— איך האָב א ראיה, אז א דאָקטאר, אפילו ביי בריאת העולם האָט מען פריהער געדארפט דעם דאָקטאר, באלד ווי

גאָט האָט אויסגעשניטען דעם ריפּ פון אדם הראשון; און אַן אַדוואָקאט האָט מען ערשט געדארפט, ווען קין האָט גע׳הרג׳עט הבל׳ען.

———:———

## ווי קומט דער אדם צו בהמה.

אַ רב אַן אורח איז געקומען אין א פרעמדע שטאָט און דער שמש האָט איהם געגעבען א פּלאץ אין שוהל לעבען אַן עם הארץ. דער עם-הארץ האָט זיך געוואָלט אויספיינען פאר׳ן רב און ווען עס איז געקומען צו „אדם ובהמה תושיע ד׳“ געהט ער צו צום רב און פרעגט:

— ווי קומט עס, רבי, וואס מען האָט געשטעלט דעם מענ-שען לעבען דער בהמה?

— איך וויים אליין ניט, וואָס דער שמש האָט זיך גע-טראכט — האָט דער רב געלאָסען געענטפערט.

———:———

## אַ קשיה און א תירוץ.

אַן עם הארץ האָט געפרעגט א רב, פאר וואס דארף מען צוויי „יקום-פּורקנ׳ס“.

— טאָמער געהט איינער פארלאָרען, — האָט דער רב גע-ענטפערט — וועט זיין אַן אנדערער.

— טאָ פארוואָס איז נאָר איין „מי שברך“?

— ווייל איינער איז שוין פארלאָרען געגאנגען. — איז געווען דעם רב׳ס ענטפער.

———:———

## ער אליין דאַרף דאָך דאָס וויסען.

דער באַריהמטער ר׳ ליב גראָס, פון פרעסבורגער ישיבה, האָט אמאָל געזעהן, ווי אן „עם הארץ“, וועלכער האָט זיך אָבער געהאלטען פאר א למדן, האָט ביים דאַווענען איבערגעוואָרפען דעם טלית איבער׳ן קאָפּ, האָט צו איהם ר׳ ליב אזוי געזאָגט:

— איהר זייט דאָך א בן־תורה, רבי שמואל, פאַרוואָס ווייסט איהר ניט, אז אן עם הארץ טאָר ניט איבערוואַרפען דעם טלית איבער׳ן קאָפּ?

———:———

## אויף אייביג קאָסט טייערער.

אין יאסלא איז אמאָל געווען א איד א פּראָצענטניק. ער פלעגט נעמען גרויסע „וואוכער“ און דערצו איז ער נאָך געווען א קמצן און פלעגט ניט געבען א פרוטה, ניט אויף צדקה און ניט אויף צרכי צבור. אז דער פּראָצענטניק איז געשטאָרבען, האָבען חברה־קדישא באשלאָסען, איצט נאָכ׳ן טויט ביי איהם עפּעס אויפמאָנען פאר קהל, און זיי האָבען פאַרלאַנגט צוויי טויזענד קראָנען קבורה געלט. די יורשים האָבען אזוי פיעל ניט גע־וואָלט געבען און פאר׳מסר׳ט די חברה־קדישא ביי דער ממשלה. האָט דער מושל געשיקט רופען דעם רב, ר׳ פנחס יאסלער און איהם פאַרגעוואָרפען:

— ווי וויל דאס די קהילה אזוי באַרייסען די יורשים און פאַרלאַנגט דריי־פיער מאָל מעהר ווי ביי אנדערע מתים?

— אדוני המושל! — האָט ר׳ פנחס געענטפערט — דער איד דאַרף צאָהלען מעהר ווי אנדערע מתים, מיר אידען גלויבען אין תחית המתים און ווען א איד שטאַרבט, נעמט ער דעם קבר נאָר אין „אַרענדע“, אויף א שטיקעל צייט, קאָסט עס ביליג; דער איד, אָבער, איז געווען א פּראָצענטניק און, לויט דעם אי־

דישען דין, שטעהט א פּראַצעדענט ניט אויף קיין תחית המתים, מוז איהם קהל פארקויפען די קרקע אויף אייביג, קאָסט עס טייער."

דעם מושל איז געווען געפעלען דער ענטפער, און די יורשים האָבען געמוזט באצאָהלען די גאנצע צוויי טויזענט קראָנען וואָס חברה-קדישא האָט פארלאנגט.

———:———

## נישט געהאט קיין ברירה.

אין א קליין שטעטעל איז געשטארבען דער רב, איז דער ראש הקהל אוועקגעפאָהרען אין דער גרויסער שטאָט און האָט פון דאָרט געבראכט א פארהיקעווטען איד און איהם געמאכט פאר'ן שטעטעלשען רב.

האָבען איהם די בעלי-בתים פארדראָסיג אויסגערעדט:

— וואָס איז אייך עפּעס איינגעפאלען ברייינגען א רב, וועלכער פארהיקעוועט זיך צו יעדען וואָרט?

— ווייל איך האָב נישט געפונען קיין — שטומען. — איז געווען דער ענטפער פון ראש הקהל.

———:———

## געמאַכט אַ היתר.

דער טארנאפּאָלער רבי פלעגט זאָגען:

— די גמרא זאָגט „אם ראית תלמיד חכם, שעשה עבירה בלילה, אל תהרהר אחריו ביום — ודאי עשה תשובה", איז דער פּשט: אז דו זעהסט א תלמיד חכם טוט אן עבירה ביינאכט, זאָלסט דו ניט נאָכקלערען נאָך איהם בייטאָג, „ודאי עשה תשובה" — ער האָט אודאי געמאכט „א תשובה", אז מען מעג.

———:———

## זיין משפט איז גערעכט...

אַ דיין אין אַ שטעטעל, וועלכער האָט געהאט אַ שם אין דער סביבה פאר אַ שוחד-נעהמער, איז צו פערציג יאהר טויט געוואָרען.

האָט די שטעטעל אויף דעם געפרעגט אַ קשיה:

— עס שטעהט „כי השוחד יעור עיני חכמים“ האָט ער דאָך געדארפט גיכער ווערען בלינד?

האָט אבער איינער אַ „למדן“ גלייך געמאכט רעכט דעם פסוק:

— איהר פארשטעהט, — האָט דער למדן גערעדט — איהר קאָנט דאָך אונזער שטעטעל, מען פלעגט אלץ דעם דיין מבטיח זיין מתנות און מען פלעגט איהם ניט אָפּגעבען, דעריבער האָבען פון דעם שוחד נאָר געהערט די אויערען — זיינען זיי טויב געוואָרען, אָבער די אויגען האָבען ניט געזעהן — זיינען זיי געבליבען זעהענדיג.

---

## עס האָט זיך ניט געפונען קיין מלאך.

אַ געוויסע קהלה האָט באַשלאָסען אפּצוזאָגען דעם שוחט, און דער ראש-הקהל האָט געהייסען דעם שמש איבערגעבען איהם דעם באַשלוס. דער שמש האָט זיך פון דער שליחות אָפּגעזאָגט, אָנגעבענדיג דעם טעם, ער קען ניט געהן אָנזאָגען אַ אידען, אַז מען האָט ביי איהם צוגענומען דאָס ברויט. איז דער ראש-הקהל געוואָרען אין כעס אויפ׳ן שמש און איהם פארקלאָגט ביים רב. האָט דער רב געזאָגט:

— דער שמש איז גערעכט. ווען גאָט האָט געהייסען אברהם אבינו מקריב זיין זיין זוהן יצחק אויף דער עקידה, האָט ער עס, כביכול, אליין איהם אָנגעזאָגט, שפּעטער אבער ווען גאָט האָט

געהייסען אומבייטען אויף אן איל, שטעהט שוין „ויקרא אליו מלאך ד׳“, האט גאט ברוך הוא געהייסען א מלאך זאל עס זאגען אברהם׳ן, איז דאך די קשיה, האלט גאט פריהער אויך איהם הייסען בריינגען זיין זוהן צו דער עקידה דורך א מלאך? דער תירוץ איז, אז אויף אזא שליחות וואלט זיך ניט געפונען קיין מלאך.

———:———

## ער בריינגט „לחיי העולם הבא“.

אין שטעטעל איז געוועזן אדאקטאר, וועלכער איז געוועזן א פרייער און איז קיינמאל ניט געקומען דאווענען אין שוהל.

אז זיין מוטער האט געהאלטען ביים שטארבען, האט זי ביי איהם גענומען זיין ווארט, אז ער וועט אפהיטען די יאהר־צייטען נאך איהר.

איינמאל איז דער יאהר־צייט אויסגעפאלען שבת, איז דער דאקטאר געקומען אין שוהל דאווענען. ביי קריאת התורה האט מען דעם דאקטאר אויפגערופען אן עליה. און דער בעל־קורא האט אויסגערופען: „יעמוד מורנו ורבנו הרב הדאקטאר.“ האט עס די בעלי־בתים פארדראסען מען זאל דעם דאקטאר רופען „מורנו“ אזא אפיקורס.

האט זיי אבער דער רב בארוהיגט און געזאגט:

— איהם קומט דער טיטעל נאך גיכער פון רב. חז״ל זאגען „אביו ורבו — רבו קודם“ דער פאטער און דער רבי, איז דער רבי פריהער, ווייל דער פאטער האט איהם געבראכט אויף דער וועלט, און דער רבי — לחיי העולם הבא. אונזער דאקטאר בריינגט גיכער „לחיי העולם הבא“ נאך פון דעם רבי׳ן.

———:———

## דער כח פון וואסער.

ווען עס איז ארוים דער באפעהל פון „צאַר ניקאָלאַי“, אז אידען האָבען ניט קיין וואָהנרעכט טיעף אין רוסלאנד, איז א אידישער סוחר אין לאדז, וועלכער איז געווען פארבונדען מיט געשעפטען אין מאסקווא, געקומען צום רב מיט א שאלה, צו מעג ער זיך לאָזען שמד'ן נאָר לפנים, אבי מען זאָל איהם לאָזען זיין אין מאָסקווא.

— רבי, — האָט דער איד גע'טענה'ט — אין הארצען בלייב איך דאָך א איד ווי פריהער. וואס קען עס שאדען די פאָר טראָפּענס וואסער, וואס זיי וועלען אויף מיר ארויפגיסען?

— איך וועל דיר ערקלעהרען — האָט איהם דער רב גע־ענטפערט. — גאָט האָט געבענשט אונזער פאטער יעקב'ן, אז זיינע קינדער זאָלען זיין ווי די שטויב פון דער ערד, איז דאָך די קשיה, איז דען די שטויב די גרויסארטיגסטע זאַך אויף דער וועלט, וואס גאָט האָט אויסגעקליבען דאס מיט דעם צו פער־גלייכען די אידען? דער תירוץ איז, שטויב האָט אין זיך די גרויסע מעלה, וואס עס ווערט קיינמאָל ניט אנדערש און עס קען קיינמאָל ניט פארניכטעט ווערען. אזוי איז מיט די אידען, פון לאנד צו לאנד, פון אָרט צו אָרט אין גלות ווערט מען געיאָגט און מען בלייבט אידען. פאראן אָבער איין מיטעל אומצוברייננגען די שטויב, און דאס איז, ארויפגיסען א פאָר טראָפּענס וואָסער, דאמאָלט ווערט עס בלאָטע. זעהסטו שוין וואָס א פאָר טראָפּענס וואָסער זיינען?

———:———

## יעדער טרויערט אויף זיין אופן.

א גרויסען קארגען, וועלכער האָט זיך אפילו אין די ימים־טובים ניט פארגונען צו עסען א שטיקעל פלייש, האָט מען אום

תשעה באב געטראָפען זיצענדיג איבער א פעטע הוהן און פראַ־
ווענדיג א סעודה.

ווען מען האָט דאָס דערצעהלט דעם רב, האָט ער געזאָגט:

— דער קארגער טוט זעהר ריכטיג, וואס איז די כוונה פון
דעם תענית תשעה באב, נאָר כדי צו טרויערן אויפ'ן חורבן בית
המקדש. ווען דער מאן זאָל פאסטען, וועט עס ביי איהם גאָר
זיין א שמחה, ער וועט איינשפּארען געלט; דערפאר ווען ער
האָט געגעסען די הוהן, האָט ער גרוים צער, וואס ער האָט אויס־
געגעבען געלט און דאס איז זיין טרויער.

---

## אַ גאַנץ אַלטע תקנה.

דער ווילנער גאון רבי אליהו איז געזעסען טאָג און נאכט
און געלערנט. מען פלעגט איהם אבער אָפט שטערען דורכ־
דעם, וואס מען פלעגט איהם רופען צו די אסיפות פון דער
קהילה. האָט ר' אליהו אָנגעזאָגט, אז מען זאָל איהם רופען נאָר
אויף אזוינע אספות, וואו מען וויל איינפיהרען גאנץ נייע תקנות.
איינמאָל האָט די קהילה געוואָלט איינפיהרען א גאנץ נייע
תקנה, אז פרעמדע אָרימע לייט זאָלען ניט צוגעלאָזען ווערען צו
קלייבען נדבות ביי דער געמיינדע, האָט מען צו דער אספה
געשיקט רופען דעם „גאון".

אַז דער גאון האָט דערהערט וועגען וואס עס האַנדעלט זיך,
האָט ער אויסגעשריען מיט כעס, וואס מען האָט איהם גערופען
געגען זיין פארזאָג צו אַזאַ אספה, וואו מען מאכט ניט קיין נייע
תקנה.

— רבי, — האָט דער ראש-הקהל מיט ציטער גערעדט —
דאָס איז דאָך א נייע תקנה, נישט צו לאָזען די אָרימע לייט.

— דאָס איז שוין א גאַנץ אַלטע תקנה — האָט דער גאון צוריק געזעדט מיט כעס — סדום און עמורה האָבען עס נאָך פריהער פון אייך איינגעפיהרט.

———:———

## אַ שווערע האַנט.

צו דעם באַריהמטען בראָדער גאון און מחבר פון פיעל ספרים רבי אפרים שלמה מארגאַלים, וועלכער איז אויך געווען גאַנץ רייך, איז אַמאָל געקומען א באַוואוסטער רב בעטען א נדבה פאַר א דבר שבצדקה. רבי אפרים האָט דעם רב געגעבען א נדבה, וועלכע איז איהם אויסגעקומען צו קאַרג און האָט איהם ניט צופרידענגעשטעלט. נאָכדעם האָט רבי אפרים שלמה גע־בעטען דעם גאַסט נאָך מיט איהם פאַרברייינגען און איהם אויך געוויזען זיינע ספרים. דער רב האָט איבערגעקוקט די נעמען פון די ספרים און געזעהן, אז זיי טראָגען אַלע רבי אפרים'ס נאָ־מען: „בית־אפרים", „שער־אפרים", „ראש־אפרים" און „יד־אפרים, רופט זיך אָפּ דער רב:

— אַלע ספרים געפעלען מיר זעהר גוט, אויסער איינער.

— וועלכער? — האָט רבי אפרים געפרעגט.

— דער „יד־אפרים" — האָט דער רב געענטפערט — (רבי אפרים'ס האַנט) זעהט מיר אוים צו זיין אביסעל שווערליג.

———:———

## ווען דער וואָלף און הונט זיינען עהנליך.

אין א שבועות נאַכט, נאָכדעם ווי אַלע זיינען געווען פאַרמאַטערט פון א גאַנצע נאַכט וואַך זיין און לערנען, האָבען זיי אויפ'ן פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך ניט גוט געווען ליכטיג, זיך

אָנגעהויבּען רייסען צו דאוונען שחרית. האָט זיי אבער דער רב פארוועהרט, און געהייסען נאָך ווארטען אביסעל ביז עס וועט ווערען ליכטיגער. דאָס האט ניט געשמעקט דעם גבאי פון שוהל, מיט דעם נאָמען ראובן וואָלף, וועלכער האָט אויסגערופען צום רב:

— מיר וואונדערט, רבי, וואס איהר ווייסט ניט דעם דין, אַז מען מעג דאוונען גלייך ווי מען קען אונטערשיידען צווישען א הונט און א וואָלף?

— געווים איז מיר דער דין באקאנט — האָט דער רב געענטפערט — אָבער ווען דער וואָלף און דער הונט זיינען עהנליך און אויפגעמישט צוזאמען, דאמאָלט איז זעהר שווער צו באַשטימען די צייט.

———:———

## ער ווייס נאָך ניט פון רש״י.

צו רבי שלמה מינץ איז געקומען א איד, וועלכער האָט ביי זיך געהאט א סך בריף, וואו מען האָט אויף איהם געשריבען „גאון“, און זיך אָנגעגעבען פאר אן אדם גדול. קלעהרענדיג, אז דער מענש איז באמת א „גאון“, האָט ר׳ שלמה איהם געוויזען א שווערע שטיקעל רש״י, אויף וואס ער האָט זיך געמאטערט און ניט געקענט געפינען קיין תירוץ. באלד האָט ער זיך אָבער ארומגעזעהן, אז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אן עם־הארץ, וועלכער האָט ניט פארשטאַנען וואס דער רב רעדט צו איהם.

— איצטער פארשטעה איך שוין — רופט זיך אָפּ ר׳ שלמה צום אידען — פאר וואס מען רופט אייך גאון, ווייל איהר קענט נאָך גאָר רש״י ניט. (רש״י האָט געלעבט אין שפּעטערע צייטען פון די גאונים).

———:———

## איצט איז די שטאָט גוט.

דער סאראקער רב, רבי דוד שלמה אייבעשיץ, האָט אי־בערגענומען די רבנות אין צפת ארץ ישראל. ביי זיין אָפּפאָהרען פון שטאָט איז איהם ארוים די גאנצע קהלה באגלייטען. ווען ער איז שוין געווען ווייט הינטער'ן שטאָט, האָט ער געבעטען די בעלי־בתים זיך אומקעהרען און געדאנקט פאר זייער אָנטאָהן איהם דעם כבוד.

— יעצט זעה איך — זאָגט זיי דער רב א גוט וואָרט — סא גוטע שטאָט סאראקע איז.

— זעהט איהר, רבי, — רופט זיך אָפּ איינער פון די חשוב'ע בעלי־בתים — אבי ווען איהר זייט ביי אונז געווען, פלעגט איהר אונז אלץ אויפגעוואָרפען און אָנרופען שלעכטע מענשען?

— איז עס דען א סתירה צו מיינע רייד? — זאָגט לאַ־בענדיג דער רב — איך זאָג דאָך „איצט זעה איך סא גוטע שטאָט", איצט, ווען איהר אלע זייט דאָ מיט מיר הינטער'ן שטאָט און קיינער איז אין שטאָט ניט געבליבען.

———:———

## נאָר איין שאלה.

איינער א רב איז אָפּגעווען אין א שטעטעל פיר יאָר צייט. נאָכהער, אז ער איז אָנגעקומען אין אַן אנדער שטאָט, האָט ער דערצעהלט א גוואלדיגען חדוש:

— איך בין אָפּגעווען פיר יאָר צייט אין שטעטעל — האָט דער רב דערצעהלט — און אלע האָבען נאָר געפרעגט איין און די זעלבע שאלה: „רבי, ווען פאָהרט איהר אוועק פון דאנען?"

———:———

# תנו רבנן.

צו איינעם א רב פון די גרויסע רבנים איז געקומען א יונ־גער מאן בעטען סמיכה אויף רבנות. דער רב האָט א שמועס געטאָן מיט'ן יונגענמאן אין לערנען און באלד אָנגעטאפט דעם דופק, אז זיינע קענטעניסען זיינען זעהר שוואַך. נעמט דער רב ארויס פון שאפע א גמרא און ווייזט אָן דעם יונגענמאן, וואו ער זאָל אָנהויבען זאָגען. דער יונגערמאן נעמט באלד זאָגען אויפ'ן קול „תנו רבנן" — „די רבנן האָבען געלערנט". שטעלט איהם באלד אָפּ דער רב און זאָגט:

— ניין, יונגערמאן, איך קען אייך קיין סמיכה ניט געבען.

— פאר וואס? — וואונדערט זיך יענער.

— דערפאר — ענטפערט דער רב — וואָס „תנו רבנן" איז דער אמת'ער טייטש ניט „די רבנן האָבען געלערנט", נאָר „גע־לערנט האָבען די רבנן", פריהער, יונגערמאן, דארף מען לערנען, דערנאָך ערשט ווערט מען א רב.

---

## שוין צייט מקדש צו זיין!

רבי יואל סירקוס, דער מחבר פון ב"ח איז געזעסען אין דער סביבה פון זיינע תלמידים, ווען זיין טאָכטער, א יונגע מיי־דעל, איז אריינגעקומען און איהם עפּעס געזאָגט.

ווען די מיידעל איז אוועק, זאָגט ר' יואל מיט פאָטערליכען שטאָלץ:

— זי איז שעהן ווי די לבנה.

איינער פון די תלמידים, דער שפּעטער באריהמטער מחבר פון „טורי זהב", האָט זיך אויף דעם אָפּגערופען.

— שוין צייט די לבנה מקדש צו זיין.
האָט איהם ר׳ יואל גענומען פאר א חתן פאר זיין טאָכטער.

## ער לערנט עס פון יעקב אבינו.

דער רב האָט פארבעטען גאנץ שטאָט צו איהם אויף „קדוש". ווען מען האָט זיך געזעצט ארום די טישען, האָט מען געבראכט קליינע כוסות׳לאך, אין וועלכע מען האָט אלעמען געגעבען צו־ביסעלאך ווייַן. דער עולם האָט זיך געקרימט אויף די קליי־נינקע גלעזעלאך. און די נאָהנטע מקורבים פון רב האָבען עס איבערגעגעבען דעם רב. האָט דער רב אזוי געזאָגט:

— ביי יעקב אבינו דערצעהלט די תורה, נאָכדעם ווי ער האָט אריבערגעבראכט זיין פאמיליע איבער׳ן טייך, האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק, ווייל ער האָט פארגעסען פכים קטנים, קליי־נע קריגעלאך. איז דאָך קשה׳דיג, יעקב אבינו וואס איז געווען אזוי רייך, האָט זיך עס געדארפט שלעפען איבער׳ן טייך צוליעב קליינע קריגעלאך? דער תירוץ איז, ער האָט געדארפט די קליינע קריגעלאך זעהר נויטיג, ווייל ער האָט געהערט, אז עשו געהט מיט 400 מאן, האָט ער מורא געהאט, ווען ער זאָל ניצען גרויסע גלעזער, וועט איהם קיין וויין ניט קלעקען.

## בעסער אומקומען, איידער געלט.

אויף דער קהילה אין פרעסניץ איז עפּעם געקומען א צרה. דער פלאץ, וואו עס זיינען געשטאַנען די אידישע קראָמען, פון וועלכע כמעט די גאנצע שטאָט האָט געצויגען די יניקה, האָט געהערט צו א פריץ. האָט זיך דער פריץ מיישב געווען און געוואָלט אראָפּווארפען אלע קראמען, האָט קהל געשיקט א דע־

לעגאַציע און מען איז דורכגעקומען מיט׳ן פריץ פאר א געוויסע סומע געלד, ער זאל די קראָמען לאָזען צורוה.

די קהילה האָט אבער די געלט ניט געהאט, האָט מען ארויפגעלעגט א שטייער אויף יעדען איינעם לויט זיין פאר־מעגען. אז מען איז אבער געקומען מאָהנען די געלט, האָט יעדער איינער זיך געקלאָגט, אז מען האָט איהם אָפּגעשאצט העכער ווי ער פארמאָגט און ער קען אזוי פיעל נישט געבען.

אַז עס איז געקומען שבת, האָט דער רב געהאלטען וועגען דעם א דרשה און אָנגעהויבען אזוי:

— אין מגילת אסתר ווערט דערצעהלט, אז המן הרשע האָט געבאָטען אחשורוש׳ן „עשרת אלפים ככר כסף“, צעהן טויזענט שטיקער זילבער, אז מען זאָל איהם לאָזען אוים׳הרג׳נען די אידען. איז דאָך די קשיה, וואָס האָבען די אידען אזוי גע׳דאגה׳ט, האָבען זיי דאָך געקענט אָנבאָטען מעהר פון המנ׳ען, מען זאָל זיי ניט טאָן קיין שלעכטס? דער תירוץ איז, זיי האָבען טאקע גע־פּרואווט טאָן, אבער זיי האָבען ניט געקענט אויפמאָנען די געלט, ווייל יעדער איינער האָט געזאָגט, אז מען האָט איהם צופיעל געשטעלט, און זיי האָבען בעסער געלאָזען מען זאָל זיי אומ־ברייגגען איידער געבען געלט.

---

## דער פשט פון תלמוד.

ר׳ פנחס יעלסקי, איינער פון די שעהנסטע בעלי־בתים אין קנישין, האָט, נעבאך, געהאט א שלעכטען עלטער. ער איז גע־וואָרען פאראָרימט און געדארפט אָנקומען צו די קינדער, און די קינדער האָבען איהם אָפּגעשיקט איינער צום אנדערען. דער זוהן האָט גע׳טענה׳ט, ער וויל דעם טאַטען, נאָר די ווייב, די שנור, לאָזט ניט; און די טאָכטער האָט געזאָגט, אז איהר מאַן,

דער איידעם, האָט איהר פארזאָגט, זי זאל זיך ניט דערוועגען אריינגעהמען דעם טאַטען. האָט די מעשה גערירט דעם רב, ר׳ זונדעל טרעסטענער, און ער האָט שבת אין דער דרשה ברבים גערעדט וועגען דעם:

— עס איז מיר אלץ געווען קשה א גמרא — זאָגט ר׳ זונדעל — אויף דעם פסוק „והעם בוכה למשפחותיו“ דרשה׳ט די גמרא, זיי האָבען געוויינט, וואס מען האָט זיי פארבאָטען חתונה צו האבען מיט דער אייגענער משפחה. עס איז עפּעס שווערליך צו פארשטעהן, וואס האָבען זיי געהאט צו וויינען אויף דעם? איצט איז עס קלאָהר, דאָס האָבען געוויינט די אלטע לייט, וואס האָבען ניט געהאט אוואו צו זיין, ווען מען וואָלט מעגען חתונה האָבען מיט אייגענע, וואָלט א זוהן גענומען זיין שוועסטער פאר א ווייב, וואָלט דער זוהן ניט געקענט זאָגען, די שנור לאָזט ניט, און די טאָכטער וואָלט ניט געקענט זאָגען אויפ׳ן איידעם.

———:———

## מען קען ניט מאַכען לעבעדיג.

דער בעריהמטער בראָדער רבי, רבי שלמה קלוגער, האָט אויסגערופען א שוחט פאר פסול און איהם אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע. פאר׳ן שוחט האָט זיך אבער אָנגענומען א גרויסער צד, וועלכער האָט גע׳טענה׳ט, אז דער רב האָט א פערזענליכע שנאה צום שוחט.

דער צד שכנגד הרב האָט זיך געווענדט צו רבי אברהם טורקער, דער דאבראמילער רב, ער זאל אראָפּנעמען דעם אסור פון שוחט, ער זאל קענען צוריק פארנעמען זיין שטעלע, האָט ר׳ אברהם אויסגעהערט זייערע טענות און אזוי געזאָגט:

— איך מוז מודה זיין, אז אייערע טענות זיינען גערעכטע.

דער רב האָט ניט געהאט קיין רעכט אָפּצוזאָגען דעם שוחט. דאָך קען איך איהם ניט צוריק ערקלעהרען פאר כשר. אין דער הגדה ווערט דערצעהלט, דער מלאך המות האָט געקוילעט דעם שוחט, איז געקומען גאָט און געקוילעט דעם מלאך המות. איז דאָך די קשיה, מילא דער מלאך המות האָט געקוילעט דעם שוחט, ווייל דער שוחט האָט געקוילעט די אקסען, אבער גאָט ברוך הוא, ווען ער האָט ניט געוואָלט ליידען וואס דער מלאך המות האָט געקוילעט דעם שוחט, צו וואס האָט ער גענדארפט קוילענען דעם מלאך המות, וואָלט ער בעסער לעבעדיג מאכען דעם שוחט? דער תירוץ איז, א שוחט, אז ער ווערט איינמאָל גע־קוילעט, טאָר מען איהם ניט לעבעדיג מאכען!

---:---

## ווען יעדער „רוהט" צוביסלאך.

אין שטאָט האָט זיך דער חלול שבת פארגרעסערט. עס האָבען זיך געמעהרט די געשעפטען, וואָס האָבען אָנגעהויבען שבת האלטען אָפען זייערע טהירען. האָט עס דעם רב גע־ערגערט. דערהויפּט האָט איהם פארדראָסען אויף די האלב־פרומע אידען, וועלכע קומען נאָך שבת פריה אין שוהל און זייערע קראָמען זיינען אָפען. האָט דער רב געהאלטען איבער דעם זיין דרשה און אזוי געזאָגט:

— איהר ווייסט דאָך, ווי מען זאָגט פרייטאג צו נאכט „וינוחו בה", שבת פריה, „וינוחו בו", און צו מנחה „וינוחו בם". ביי אונז אין שטאָט איז עס זעהר ריכטיג. פרייטאג צו נאכט בלייבט דער מאן אין געשעפט און די ווייב בענשט נאָך ליכט, איז עס „וינוחו בה" זי רוהט; שבת אינדערפריה געהט דער מאן דאווי־נען און די ווייב בייט איהם אום, איז עס „וינוחו בו"; שבת פארנאכט בלייבט דער משרת אין קראָם און מאן און ווייב גע־

הען שפּאַצירען און קומען נאָך אַמאָל הערען דעם רב, איז עס „וינוחו בם".

———:———

## פאַרקעהרט דער פשט.

אַ באַריהמטער פּראָפעסאָר האָט געפרעגט אַ רב:

— וואָס איז די מעשה אַמאָליגע אידישע רבנים זיינען געוועזען אויסער גאונים אין לערנען אויך גרויסע געלעהרטע אין וועלטליכע וויסענשאַפטען, ווי למשל: ר' סעדיה גאון, דער רמב"ם, דער רלב"ג, און היינטיגע אידישע רבנים זיינען אין וועלטליכע וויסענשאַפטען כמעט אלף-בית'ניקעס?

— מיר אַרט אויך די זעלבע קשיה — האָט איהם דער רב געענטפערט — וואָס איז די מעשה, אַמאָליגע אידישע געלעהרטע זיינען אויך געוועזען גאונים אין לערנען, געווען קלאָהר אין ש"ס בבלי וירושלמי, ווי למשל: ר' סעדיה גאון, דער רמב"ם, דער רלב"ג, און היינטיגע אידישע געלעהרטע זיינען אין לערנען כמעט עמי-הארצים?

———:———

## פון וועמען די עצה שטאַמט.

אַן אָרימע אלמנה איז אַמאָל אריינגעקומען צו ר' אהרן קארלינער מיט אַ געוויין, איהר טאָכטער איז שוין צוויי יאהר אַ כלה, נאָר זי האָט נאָך אַלץ ניט די פופציג רובעל נדן, וואָס זי האָט צוגעזאָגט. יעצט וויל שוין דער חתן מעהר ניט ווארטען און אויב זי וועט נישט סילוק'ן דעם נדן, לאָזט ער אָפּ דעם שדוך. ר' אהרן קארלינער, וועלכער האָט גראדע געהאט געלט אין שטוב, איז צוגעגאנגען צו דער קאמאדע, ארויסגענומען פופציג רובעל און איהר געגעבען.

אין א שעה ארום קומט די אידענע ווידער אריין. מען האָט שוין מיט מזל אפגעשטעלט א טאָג אויף חתונה, נאָר זי האָט נים קיין זיידען קלייד צו דער חופה און עס דארף קאָסטען פינף רובעל. ר׳ אהרן איז ווייטער צוגעגאנגען לאנגזאם צו דער קאָמאדע, ארויסגענומען נאָך פינף רובעל און איהר ווידער דער־לאנגט.

איינער פון זיינע מקורבים, וואָס איז דערביי געווען, האָט איהם געפרעגט:

— מילא, די פופציג רובעל, וואס דער רבי האָט איהר געגע־בען, פארשטעה איך נאָך, הכנסת כלה איז איינע פון די גרעסטע מצות, אָבער די פינף רובעל אויף א זיידענע קלייד, וואלט דען נישט געווען מעהר מצוה צו קויפען צעהן פאָר שיכלאך פאר אָרימע יתומים?

— מיר איז אויך איינגעפאלען — האָט ר׳ אהרן געענט־פערט — דער זעלבער פלאן, ווי דו זאָגסט, גלייכער צו קויפען צעהן פאָר שיכלאך פאר בארוועסע יתומים, איידער איהר א זיידענע חופה-קלייד. נאָר ביי מיר איז געוואָרען א ספק, ווער גיט עס מיר די עצה, דער „יצר-טוב" אָדער דער „יצר-הרע"? און ביי מיר איז געבליבען, אז דאס שטאַמט פון יצר הרע. וואָרים, האָב איך מיר געטראכט, ווען עס זאל שטאַמען פונ׳ם „יצר-טוב", נאָך וואס האָט ער געדארפטווארטען מיט זיין עצה ביז יעצט, ווען די אידענע איז געקומען בעטען אויף דער קלייד? פארוואס האָט ער מיר נעכטען נים אָנגערעדט, איך זאָל קויפען שיכלאך פאר יתומים? מסתמא שטאמט עס פון „יצר הרע" און דעם „יצר הרע׳ס" עצות פאָלג איך נים. — האָט ר׳ אהרן פארענדיגט.

———:———

## ווען די פּאַס איז ליידיג.

ר' יעקב דוד סלוצקער איז געווען צו זיין גאונות אויך א קינסטלער אין דרוש. ער פלעגט מיט זיינע ריידען זעהר שטארק ווירקען אויפ'ן עולם.

איינמאָל האָט ער מספּיד געווען אַן אדם גדול און דער עולם האָט גאָר ניט געוויינט. האָט איהם איינער פון זיינע מקורבים געפרעגט:

— רבי, וואָס איז די מעשה, וואס אייער הספד האָט גאָר ניט געריהרט דעם עולם?

— מיין אומנות — האָט ר' יעקב דוד געענטפערט — איז נאָר אויפצודרעהען דעם קראַן, אָבער אז די פּאַס איז ליידיג בין איך ניט שולדיג.

---

## צו וואָס דאָס בילד — אז ער איז אליין דאָ.

ניקאָליי דער ערשטער האָט אמאָל געדאַרפט דורכפאָהרען א אידישע שטעטעל. געוועהנליך איז דאָס גאנצע שטעטעל מיט קינד און קייט געוועזען אויפ'ן גאַס אַפּוואַרטען דעם קיסר.

דאָס האָט אויסגענוצט א געוויסער שונא ישראל. ער איז אריינגעגאַנגען אין בית המדרש און האָט איבערגעדרעהט דעם קיסר'ס בילד, וואָס איז דאָרט געהאנגען, מיט'ן פּנים צום וואנד. באלד ווי דער קיסר איז נאָר אָנגעקומען, האָט ער פאַר'מסר'ט דאָס גאנצע שטעטעל אידען. די זאַך איז אָנגעקומען צו ני־קאָליי'ען און ער האָט געפאָדערט פון רב אַן ענטפער, האָט איהם דער רב אזוי געזאָגט:

— מיר אידען לעגען אלע טאָג תפלין, כדי מיר זאָלען זיך דערמאנען, אז מיר זיינען גאָט'ס קנעכט. שבת אָבער טאָרען מיר זיך צו די תפלין אפילו ניט צורירען, ווייל דער טאָג אליין דער־

מאנט אונז אָן גאָט. א גאנץ יאָהר מוזען מיר האָבען דעם קיסר'ס בילד, כדי מיר זאָלען האָבען אימתא דמלכותא, אָבער בשעת דו, אדוני קיסר, ביזט אליין דאָ ביי אונז, דארפען מיר קיינע סמנים ניט; דער טאָג אליין דערמאנט אונז.

———:———

## ביי בהמות איז עס קיין כלל ניט.

אין דער וועלט באריהמטער ישיבה וואלאזין איז געווען א מנהג, ווען דער עולם איז שוין געווען בגלופינ'דיג, פלעגט מען אויסקלייבען צווישען די בחורים א „פורים רב“, איהם גוט אָנ־שכור'ן און ער האָט געהאט דאָס רעכט פריי צו רעדען אויף אלעמען: אויפ'ן ראש-הישיבה, אויפ'ן משגיח און אויף די בחורים, אלעס וואס די תלמידים טראָגען אויפ'ן הארצען.

איינמאָל האָט אזא „פורים-רב“ זעהר שטארק אָפּגע'לצ'ע־וועט פון ראש ישיבה, איהם נאָכגעמאכט זיינע העויות און דער עולם האָט שטארק געלאכט. אויף מאָרגען האָט זיך דער בחור אויסגעניכטערט, און אוועק איבערבעטען דעם ראש-ישיבה.

— רבי, — האָט ער גע'טענה'ט — איך בין געווען צופיעל שכור און ממש ניט געוואוסט וואס איך רעד.

— איך האָב אויף דיר קיין פאריבעל ניט — האָט דער ראש ישיבה געענטפערט — די וועלט זאָגט „וואָס ביי א ניכטערען אויפ'ן לונג איז ביי א שכור'ן אויפ'ן צונג“, האָט דאָך לויט דעם כלל קיין בהמה קיינמאָל ניט געדארפט ווערען טריף. מען וואָלט געדארפט יעדע בהמה פאר'ן שחט'ן אָנטרינקען, ביז זי וואָלט ווערען שכור, דאן וואָלט אלץ וואס אויפ'ן לונג ארויס אויפ'ן צונג און מען וואָלט געזעהן צו די בהמה איז כשר אָדער נישט

— דער תירוץ איז — האָט דער ראש ישיבה פארענדיגט —

אז דער כלל איז נאָר ביי מענשען, ביי בהמות איז איבערהויפּט קיין כלל ניטאָ.

———:———

## זיי זעהען ווי מען מאַכט עס.

די טעלזער ישיבה איז געווען, ווי באוואוסט, איינגעטיילט אין פינף שעורים אָדער כתות. ר׳ אליעזר טעלזער, וועלכער האָט זעהר געהאלטען פון זיין ישיבה, האָט זיך אמאָל ארויסגערופען, אז זיינער א תלמיד פון צווייטען שעור קען בעסער לערנען ווי אַ קליינשטעטעלדיגער רב.

איינער א רב, וואס איז דערביי געווען, האָט איהם געפרעגט מיט פארדרוס:

— וואָס איז אזוי דער מעהר מיט די בחורים פון אייער ישיבה, מען הערט פון אייך א גוט שטיקעל תורה, זיינען דאָך אויך פאראן גאוני ארץ, וואס האָבען איבערגעלאָזט וועלט-באַריהמטע ספרים, ווי דער „קצות-החשן“, „נתיבות“, און נאָך, לערנט דער קליינשטעטעלדיגער רב די ספרים און האָט אויך גוטע תורה?

— יא, — האָט איהם ר׳ אליעזר געענטפערט — א איד, וואָס עסט שוין זעכציג יאהר קוגעל אלע שבת, קען פונדעסטוועגען אליין ניט מאכען קיין קוגעל, דערפאר א מיידעלע פון צעהן יאהר, וואָס העלפט דער מאמען ערשט א יאהר צייט אין קיך, קען שוין יא מאכען א קוגעל, ווייל זי זעהט ווי די מאמע מאכט דעם קוגעל. דער קליינשטעטעלדיגער רב נעמט פארטיגע תורה פון די ספרים; מיינע תלמידים, אבער, העלפען מיר מאכען די תורה דאָ אין ישיבה, דעריבער קענען זיי אליין מאכען דעם קוגעל.

———:———

## ער וועט שוין קיין תחית המתים ניט אויפשטעהן.

ר׳ פלטיאל, א שעהנער איד, וועלכער פלעגט דאוונען דער צווייטער פון רב אויבען אָן אין בית-מדרש, פלעגט שטענדיג, ווען דער ש״ץ פלעגט קומען צו די ווערטער אין שמונה עשרה „ונאמן אתה להחיות מתים״ זעהר שטארק וויינען, האָט איהם דער רב אמאָל געפרעגט:

— איהר וועט קיין פאריבעל ניט האָבען, ר׳ פלטיאל, אפשר קענט איהר מיר ערקלעהרען, וואס וויינט איהר עפּעס ביי דעם מעהר ווי ביי אנדערע תפילות?

— רבי, — האָט דער איד געענטפערט — איך האָב קינדער, זיינען זיי גרויסע הולטאיעס. ווען איך וואָלט ניט איינגעהיט מיין פארמעגען, וואָלטען זיי עס אויסגעבראכט אין גאָר א קורצע ווילע, און איך וואָלט געווען אן אָרימאן, דער גאנצער גליק וואס איך לאָז ניט. איך פארשטעה גאנץ גוט, אז ווי איך וועל נאָר שטארבען, וועט פון מיין גאנצע בעל-הבתיש׳קייט גאָר ניט ווע־רען, זיי וועלען עס פארהולטייעווען און פארשפּיעלען אין קאָר־טען. היינט ווען מיר זאָגען „ונאמן אתה להחיות מתים״ און איך וועל אויפשטעהן תחית המתים, ווייס איך געוויס, אז איך וועל דאן זיין אן אָרימאן און וועל ניט האָבען אויף מזון סעודה אחת, וויינט זיך עס מיר דעריבער שטארק.

— וויפיעל קינדער אזעלכע האָט איהר? — האָט איהם דער רב א פרעג געטאָן.

— פיער זיהן.

— נו, — האָט דער רב פארענדיגט — איהר האָט זיך גאָר ניט וואס צו שרעקען, ר׳ פלטיאל, ווען איהר פארמאָגט פיער אזוינע זיהן, וועט איהר שוין קיין תחית המתים אויך ניט אויפ־שטעהן.

———:———

## ווען די עזלען זיינען פריצים.

ר׳ יהונת׳ל פראגער האָט אמאָל זיך געטראָפען מיט א גלח, האָט איהם דער גלח געפרעגט:

— וואָס איז די מעשה וואס איהר אידען זייט ביי זיך גע־וואָרען אזוי געהויבען? אמאָל איז אייער עלטער־פאָטער יעקב מיט זיין ווייב און ק׳נדער געפאָהרען אויף עזלען, און איהר זייט אלע שררות און אייך שטעהט ניט אָן צו פאָהרען נאָר אויף פערד?

— וואָס זאָלען מיר טאָן?—האָט ר׳ יהונת׳ל געענטפערט — אז די עזלען זיינען געוואָרען גאנצע פריצים און ווילען אויף אונז פאָהרען, מוזען מיר פאָהרען אויף פערד.

———:———

## כדי צו פארדינען אַ טויזענטער.

איינער איז אמאָל תשעה באב געקומען צום רב פרעגען אַ שאלה:

— רבי, איך וויל אייך פרעגען — ווי איז דער דין, אויב איך וועל היינט עסען, וועל איך דורכדעם א אידען אריינברייגגען טויזענט דאָלער, מעג איך עסען אָדער ניט?

— איך וויל פריהער וויסען — האָט דער רב געזאָגט — ווי אזוי קענסטו דאס אימעצען אריינברייגגען טויזענט דאָלאר מיט דיין עסען אום תשעה באב?

— הערט איהר, רבי, היינט הער איך ווי צוויי אידען רעדען צווישען זיך: זאָגט איינער: אז היינט פאסטען אלע אידען — זאָגט דער אנדערער: אזוי פיעל טויזענטער זאָל איך האָבען, וויפיעל אידען עס עסען, היינט אז איך וועל עסען, וועט ער האָ־בען נאָך א טויזענטער.

———:———

## אַז די שערי רחמים זיינען פארמאכט, — מוז מען זיי אויפברעכען.

ביי א פּרנס העיר איז קראנק געוואָרען זיין איין־און־איינ־ציגע טאָכטער. עס איז איהר אלץ געוואָרען ערגער און ערגער, ביז איינמאָל אין מיטען נאכט איז איהר געוואָרען זעהר שלעכט און דער דאָקטאר האָט געזאָגט צום פאָטער:

— איך האָב מייניגע אָפּגעטאָן, יעצט בעט גאָט.

דער פּרנס העיר איז אין מיטען נאכט אוועקגעלאָפען צום רב מיט א געוויין און יאמער:

— רבי, איהר מוזט ראטעווען מיין קינד! נעמט צונויף גלייך א מנין אידען און זאָגט תהלים.

דער רב האָט זיך גלייך אָנגעטאָן און ארויסגעגאנגען אין גאַס זוכען א מנין און גלייך אָנגעטראָפען אויף א געוויסען גנב „בערקע מאכער".

— בערעל, — האָט זיך דער רב צו איהם געווענדט — נעהם צונויף אכט אידען פון דיין חברה און קומט אין שוהל זאָגען תהלים, איהר קריגט באצאָהלט.

עס האָט ניט לאנג גענומען און בערל מיט א מנין פון זיין חברה זיינען געווען אין שוהל און נאָכגעזאָגט נאָכ'ן רב דעם תהלים.

דעם פּרנס'עס טאָכטער איז געוואָרען בעסער. נאָכהער, אז דער פּרנס האָט זיך דערוואוסט, ווער עס האָט געזאָגט תהלים פאר זיין טאָכטער, האָט ער געפרעגט דעם רב:

— רבי, וואס האָט איהר עפּעס אויסגעקליבען גנבים צו זאָגען תהלים פאר מיין טאָכטער?

— פארשטעהט איהר מיך — האָט דער רב געענטפערט — איך האָב געזעהן, אז די שערי־רחמים זיינען פארשלאָסען, האָב איך געמוזט נעמען אזעלכע לייטע וואס ברעכען שלעסער.

## ניט זאָגען איז בעסער.

אַ רב אין אַ קליין שטעטעל האָט זעהר פיינט געהאט דרשות און מגידים. ער האָט די מגידים פארבאָטען צו דרשה'נען ביי איהם אין שטעטעל.

ויהי היום, איז געקומען אין שטאָט זיינער אַ קרוב, אַ באַריהמטער מגיד. דער רב האָט געמוזט ערלויבען צו עפענען די שוהל פאר זיין פריינד און נאָך אליין געהן איהם הערען. דער מגיד האָט געזאָגט אַ דרשה, וואס עס קען בעסער ניט זיין. נאָך דער דרשה פרעגט דער מגיד זיין קרוב דעם רב:

— רבי, וואס זאָגט איהר אויף מיין דרשה? איך האָב גוט געזאָגט, הא?

— יאָ, — האָט דער רב געענטפערט — דו זאָגסט זעהר גוט, אָבער צו ניט זאָגען, קומט עס נאָך ניט.

———:———

## ער קען גאָר ניט הערען.

צו רבי נתן אדלער, לאָנדאָנער רב, איז אריין אַ מאַן און גערעדט. עס איז אריבער אַ שטונדע און דער מאַן האָט נאָך אלץ גערעדט. ווען רבי נתן האָט איהם עפּעס געוואָלט ענטפערען, האָט יענער איהם איבערגעהאקט און ווייטער גערעדט:

— רבי, איך וועל אייך עפּעס דערצעהלען, וואס איך האָב אליין געהערט פון רבי יצחק אלחנן. — זאָגט דער מאַן.

— דאָס, זעהסטו, — זאָגט רבי נתן — איז שוין אַ ליגען.

— רבי, — שרייט יענער אויס — איהר ווייסט דאָך נאָך ניט וואס איך וויל זאָגען, פון וואנען ווייסט איהר, אז עס איז אַ ליגען?

— איך וויים עם געווים, — האָט רבי נתן געענטפערט — ווארום דו קענסט דען פון אימיצען עפעם הערען? דו אליין האלטסט דאָך נאָר אין איין ריידען.

———:———

## ניט דאָ איז זיין אָרט.

רב יוסף שאול לעמבערגער איז אמאָל פורים אריין אין בית מדרש און האָט דאָרט געטראָפען איינעם פון די שטאָטישע גרעסטע גבירים זיצענדיג פארטיעפט אין לערנען.

דער רב איז צוגעגאנגען צום גביר, פארמאכט זיין גמרא און מיט א בייזער געזאָגט:

— א היים גערה! ניט דאָ איז דיין אָרט. ניט היינט איז די צייט צו זיצען און לערנען. גערה בעסער אהיים, טייל צדקה פאר אָרימע לייט און מתנות פאר די נויטבאדערפטיגע.

———:———

## זיי בטלן מעהר — דארפען זיי באקומען מעהר.

— ווי קומט עס — האָט מען געפרעגט א רב — דאָס די אלטע רבנים האָבען זיך באנוגענט מיט קליינע שכירות, ווען היינטיגע רבנים באקומען גרויסע געהאלט אין די קלענסטע קהילות און זיינען נאָך ניט צופרידען?

— דעם געהאלט, וואס א רב באקומט — האָט דער רב ערקלעהרט — איז ניט פאר זיין תורה און חכמה, נאָר פאר שכר בטלה, ווייל פאר'ן לערנען איז לויט'ן שולחן־ערוך פארוועהרט צו נעמען שכירות. נו, די אלטע רבנים, וועלכע האָבען ווינציג גע'בטל'ט, נאָר געזעסען און געלערנט האָבען באקומען ווינציג

שכירות; די היינטיגע רבנים בטלנ׳ען אבער גאנצע טעג — מוזען זיי באקומען גרויסע שכירות.

---

## ניט צו פרעהען זיך, ניט צו וויינען — שווייגט מען.

דעם וואונדער, דאס ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים, איז „לא יחרץ כלב לשונו", (אלע הינט האָבען געשוויגען) האָט אמאָל א רב בדרך הלצה ערקלערט אין א גאנץ נאַטירליכען וועג. די חז"ל זאָגען: „כלבים צוהלים — אליה׳ הנביא בא לעיר; כלבים בוכים — מלאך המות בעיר" (ווען די הינט פרעהען זיך איז אליה׳ הנביא אין שטאָט; ווען די הינט וויינען, איז דער מלאך המות אין שטאָט). אין מצרים זיינען אבער ביידע צוזאמען געווען אין שטאָט. דער מלאך המות האָט געטויט די מצריים און גאָט האָט אויסגעלייזט די אידען, האָבען די הינט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, צו וויינען אָדער פרעהען זיך — האָבען זיי גאָר געשוויגען.

---

## פעלט איין זאַך!

ווען דער ש"ך איז געווען פרנס אין ווילנא, האָט ער גע־וואָלט אויפנעמען פאר א שטאָט־חזן דעם באוואוסטען גאון רבי משה רבקה׳ש, בעל „באר־הגולה", האָבען די איבריגע פרנסי העיר געשטערט און האָבען איהם געזאָגט:

— מיר האָבען געהערט, אז ר׳ משה האָט קיין שטימע ניט!

— איז וואָס, — האָט זיי דער ש"ך געענטפערט — וויפיעל מעלות דארף מען ביי א חזן? ער זאָל זיין א למדן, א ירא־שמים,

פרקו נאה וקולו נעים, נו, אלע מעלות האָט דאָך רבי משה, טאָ־מער פעהלט איהם די לעצטע, דער „קולו נעים“, וועט זיין אָהן די איינע.

---

## וואָס דער רב האָט געשריבען.

אין דער שטאָט פאדהאיצע, גאליציען, איז געווען א רב, וועלכער איז כל ימיו געזעסען און געשריבען. פלעגען זיך די בעלי־בתים מיט איהם באריהמען פאר אנדערע שטעט.

— ווארט, — פלעגען זיי זיך איבערנעהמען — לאחר מאה שנים, אז אונזער רב וועט שטארבען, און מיר וועלען אפדרוקען זיינע כתבים, וועט די וועלט געוואָהר ווערען, וואָס פאר א גרוי־סער גאון אונזער רב איז געווען.

ויהי היום, איז דער פאדהאיצער רב געשטארבען. נאָך שבעה האָבען זיך פארזאמעלט די ראשי העיר אין רב׳ם הויז, דורכצוקוקען דעם רב׳ם כתבים כדי זיי צו געבען דרוקען, ווי ער־שטוינט זיינען זיי געוואָרען, ווען זיי האָבען גאָר אויסגעפונען, אז די אלע כתבים וואס זייער רב האָט דעם גאנצען לעבען גע־שריבען, זיינען גאָר געווען... הספדים אויף אלע בעלי־בתים אין שטאָט.

---

## יעדער קריגט זיין שטראף.

איינעם א סוחר האָט אָנגעהויבען צו געהן שלעכט. עס איז געקומען פאר פסח, האָט זיך דער סוחר אָפגעמאכט, אז גלייך נאָך יום טוב מוז ער מאכען א סוף אָהין אָדער אהער. חול־המועד פסח האָט מען אבער דעם סוחר זעהר שטארק צוגע־דריקט, און ער האָט ניט געהאט קיין עצה. ער האָט באשלאָסען

זיך נעהמען דעם לעבען, כדי פּטור צו ווערען פון די אלע חרפּות און בזיונות. גראדע האָט ער זיך דערמאנט אָן דעם רב׳ס א דרשה שבת הגדול, אז דער וואס עסט חמץ אום פּסח, האָט כרת ימים. ביים סוחר איז געבליבען ער וועט אויפעסען א שטיקעל חמץ — און ער וועט שטארבען.

ער האָט געקראָגען ערגעץ א שטיקעל ברויט און האָט דאס אויפגעגעסען. ער האָט געענדיגט דעם לעצטען ביסען און איהם האָט גאר ניט געשאדט. איז ער אוועק צום רב פרעגען, ווי קומט עס, כאָטש ער האָט געגעסען חמץ און עס האָט איהם גאר ניט געשאדט?

— דאָס איז דאָך די מעשה — האָט דער רב געגעבען צו פארשטעהן — דער וואס עסט חמץ, קריגט אלס שטראף דעם טויט; דער אבער וואס וויל שטארבען און דערפאר עסט ער חמץ, דער קריגט א שטראף און — בלייבט לעבען.

———:———

## בעסער אַ פרעמדע קאַלב, איידער אן אייגענער מענש.

אין א געוויסע שטאָט איז אויפגענומען געוואָרען א נייער רב, א געוויסער גדול. אין דערזעלבער צייט איז געקומען אין שטאָט צו גאסט א גרויסער גאון, וועלכער איז געוועזען א געבאָרענער פון דיזער שטאָט, און האָט דאָרט געהאט פיעל קרובים.

ווען דיביידע רבנים האָבען זיך געטראָפען, האָבען זיי פארבראכט אין תורה, נאָכהער רופט זיך אָן דער שטאָט־רב צום גאָסט:

— מיר איז א חדוש, וואָס די שטאָט האָט אייך ניט אויפגענומען פאר א רב, איהר זייט דאָך היע געבאָרען.

האָט איהם דער גאון גלייך געענטפערט:

— ווען משה רבינו האָט זיך פאַרזאמט מיט א טאָג לענגער אויפ'ן בארג סיני, האָבען גלייך די אידען געכאפּט און געמאכט א גאָלדענע קאלב פאר א גאָט. איז דאָך די קשיה, וואס האָבען זיי געדאַרפט די קאלב, האלטען זיי בעסער מאכען אחרנ'ען פאר א גאָט? נאָר דער תירוץ איז, בעסער א פרעמדע קאלב, איידער אן אייגענעם מענשען.

———:———

## וואָס איז די „נפקא מיניה".

אַ רב איז איינמאָל אויסגעקומען צו זיין אויף א ישוב איבער שבת. אויפ'ן ישוב זיינען געווען ביי א מנין אידען, נאָר איינעם האָבען זיי געהאלטען פאר א גרויסען למדן. אז דער רב איז געקומען, האָט מען איהם באשטימט, ער זאָל שטעהן איבער שבת ביים למדן. פרייטאג צו נאכט, מען זעצט זיך עסען, נאָך די פיש, נעמט דער רב און זאָגט א שטיקעל תורה פון דער סדרה. אז ער האָט אָפּגעזאָגט וואסערע פופצעהן מינוט, רופט זיך אָפּ דער בעל-הבית צום רב:

— רבי, וואָס איז די נפקא מיניה?

דערוויל האָט מען אָפּגעגעסען די זופּ, זאָגט דער רב ווידער א שטיקעל תורה. מאכט דער בעל-הבית צום רב א צווייטען מאָל:

— רבי, וואס איז די נפקא מיניה?

נאָכ'ן עסען האָט דער רב געזאָגט תורה ביי א שטונדע צייט, און ווען ער האָט געענדיגט, פרעגט דער בעל-הבית:

— רבי, וואס איז די נפקא מיניה?

דער רבי טראכט זיך, אז מסתמא איז ער דאָ אריינגעפאלען צו א גרויסען למדן, פרעגט ער איהם הכנעה'דיג:

— איך האָב געזאָגט תורה עטליכע מאָל און נאָך יעדען

מאָל, האָט איהר אלץ געפרעגט, וואָס איז די נפקא מיניה, וואָלט איך אייך בעטען טאקע מפרש זיין וואס איהר מיינט, און איך וועל זיך באמיהען אם ירצה השם אייך פארענטפערען.

— ניין, רבי, — האָט דער ישוב'ניק געזאָגט — וואס פאַלט גאָר אייך איין אזא זאך? איך האָב געזאָגט „וואָס איז די נפקא מיניה" האָב איך געמיינט, וואס איז די נפקא מיניה צו איהר רעדט צו מיר צו איהר רעדט צו דער וואנט?

---

## ער איז ניט געזעסען.

אין סובאָלק איז געווען א ראש הקהל, א פיינער איד, וואס האָט פארנוצט קהל'שע געלט און איז דערפאר פאר'משפט גע־וואָרען צו דריי טעג אין געפענגעניש.

אז גוטע פריינט זיינען געקומען איהם זעהן וואס ער מאכט, האָבען זיי איהם געפונען שטעהענדיג.

— פארוואס זעצט איהר זיך ניט צו? — האָבען זיי איהם געפרעגט.

— זאָל מען ניט זאָגען — האָט דער ראש הקהל געענטפערט — אז איך בין געזעסען אין אסטראָג.

---

## אויב אזוי, איז שוין רעכט.

אַ דאָרפישער שוחט'ל איז געקומען צום רב פון שטעטעל פרעגען א קשיה אויף „חד־גדיא". פארוואס קומט דעם שוחט פון חד־גדיא, אז דער מלאך המות זאל איהם שעכטען, וואס פאר אן עולה האָט דער שוחט געטאָן? עס איז דאָך זיין מלאכה צו שלאכטען דעם אָקס?

— דו ווייסט דאָך — האָט איהם דער רב געענטפערט, — אז ווען א שוחט מאכט א שנעפסעל, טאָר ער ניט שלאכטען, און אז דער שוחט פון חד-גדיא איז אוועק נאָך די ארבע-כוסות שלאכטען דעם אָקס, האָט ער געטאָן אן עולה, קומט איהם דער פסק.

— אויב אזוי, — האָט געענטפערט דער דאָרפס-שוחט — איז שוין רעכט... יעצט פארשטעה איך שוין...

---

## אויף איהם איז א רחמנות.

אַ מחבר איז אמאָל געקומען צו רבי אבא'לען, דעם ווילנער רב, און ביי איהם געבעטען א הסכמה אויף זיינעם א חבור, א פרוש אויף משלי.

רבי אבא'לע האָט אריינגעקוקט אין חבור און האָט געזאָגט:

— דו האָסט בעסער געדארפט שרייבען א פרוש אויף איוב.

האָט זיך דער מחבר געוואונדערט:

— רבי, מיט וואס געפעלט אייך בעסער איוב?

— איך האָב א טעם אויף דעם — האָט ר' אבא'לע געענטפערט — איוב האָט געהאט א סך צרות, מאכט ניט אויס, וואָלט ער האָבען נאָך איינע, אבער שלמה, ער האָט אָפּגעלעבט א גליקליכען לעבען — אויף איהם האָב איך רחמנות.

---

## זי איז געגאנגען פרעגען דעם רב.

צו רבי אבא'לע פאסוואלער, ווילנער רב, איז אריינגעגאנגען אַ פרוי, איינגעשמירט אין סאזשע, און איהם געפרעגט:

— רבי, איך האָב א שאלה, וואס זאָל איך היינט קאָכען אויף מיטאג?

— געה אהיים — האָט איהר ר׳ אבא׳לע געענטפערט — און קאָך קרעפּלאך.

אַז זי איז ארויס, האָט דער רב ערקלעהרט זיינע תלמידים:

— איך האָב דערקענט אז די דינסט איז זעהר נאַאיוו, א תמה, ווען זי האָט געפרעגט איהר בעל־הבית׳טע, וואָס זאָל זי צושטע־לען פאר מיטאָג, האָט איהר די בעל־הבית׳טע געוויס געענטפערט „געה פרעג דעם רב״ — איז זי דאָס געקומען צו מיר.

—————:—————

## ווער עס מעג און ווער עס טאָר ניט.

צום באוואוסטען גאון ר׳ אבא פאסווילער, ווילנער מורה־הוראה, איז איינמאָל געקומען אן אָרימאן און מיט רחמים גע־בעטען דעם גאון ער זאל איהם געבען א כתב אויף צו קלייבען נדבות, ווייל ער האָט צוויי דערוואקסענע טעכטער און ער האָט זיי ניט מיט וואס חתונה צו מאכען. ר׳ אבא׳לע האָט זיך ניט געלאָזען לאנג בעטען און איהם געגעבען דעם כתב. אין עטליכע טעג ארום האָבען מענשען דערצעהלט ר׳ אבא׳לען, אז דער אָרימאן קלויבט אָן מיט׳ן כתב א סך נדבות און נאָכהער פאר־שכור׳ט ער דאס גאנצע געלט און וואלגערט זיך ארום אין די רינשטאָקען. ר׳ אבא׳לע האָט געשיקט רופען דעם אָרימאן און איהם גוט אויסגע׳מוסר׳ט. דערביי האָט ער געזאָגט:

— יעצט איז מיר קלאָר פארוואס מען זאָגט „שכור ווי לוט״. אין פלוג האָט מען דאָך געדארפט זאגען „שכור ווי נח״, ווייל וועגען נח׳ן, דערצעהלט אונז גאָר די תורה, אז ער האָט געטרונקען. דער תירוץ אבער אויף דעם איז אזוי: נח האָט געהאט אויסגע־געבענע זין, האָט ער געמעגט זיך אָנ׳שכור׳ן אמאָל; אָבער, לוט, — שכור דו איינער — דו האָסט נאָך ניט אויסגעגעבען דיינע טעכטער, ווי קומסטו צו שכור׳ן?

—————:—————

## תורה וגדולה במקום אחד.

ר׳ מאיר׳קע סלוצקער איז אמאָל געפאָהרען מיט א גביר פון שטאָט ערגעץ פון א חתונה. די נאכט איז געווען זעהר א פינס־טערע. קומענדיג ניט ווייט פון דאָרף האָבען זיך די פערד דער־שראָקען און זיך א וואָרף געטאָן אָן א זייט. דער וואָגען האָט זיך איבערגעקערט און ר׳ מאיר׳קע מיט׳ן גביר זיינען געבליבען ליגען אין א גרוב. דער ערשטער האָט זיך גענומען אויפהויבען דער גביר, ר׳ מאיר׳קען איז אָנגעקומען שווער זיך צו רירען, זאָגט ער צום גביר:

— ליגט, ליגט נאָך א ווייל׳ע!

— וואָס איז דער שכל פון ליגען? — האָט דער גביר גע־פרעגט.

— וואָס פערשטעהט איהר ניט — האָט ר׳ מאיר׳קע גע־ענטפערט — אז איהר וועט אויך ליגען, וועט זיין „תורה וגדולה במקום אחד“.

———:———

## קיינער קען עס ניט וויסען.

מען האָט אמאָל געפרעגט ר׳ ברוך מרדכי שעדליצער, פאר־וואָס זיינען אלע מענשען מקנא קרח׳ן זיין רייכקייט? קרח׳ס רייכקייט איז דאָך באגראָבען געוואָרען צוזאמען מיט איהם, ווער זשע קען וויסען ווי רייך ער איז געווען.

— דאָס איז דאָך די מעשה — האָט ר׳ ברוך מרדכי געענט־פערט — דער שטייגער איז, ווען א אידישער גביר לעבט, שאצט מען איהם אין די צעהנער טויזענטער, אבער ווי ער שטארבט, ווערט מען געוואויר, אז ער האָט קיין העלפט ניט איבערגעלאָזט ווי מען האָט גערעכענט. קרח, אבער, איז באגראָבען געוואָרען

צוזאמען מיט זיין רייכקייט, מעגען מיר דיינקען אז ער איז ווירק־
ליך געווען א גרויסער עושר.

---

## דער גוטער איד איז אין די מלבושים.

ר׳ שמואל מאליוווער האָט זיך אמאָל געטראָפען אין א פרעמדע שטאָט מיט א גוטען אידען. איין אָווענט רופט זיך אָן דער גוטער איד צו ר׳ שמואל מאליוווער:

— הערט, ר׳ שמואל, דאָ קאן אונז קיינער ניט, לאָמיר געהן אין טעאטער. אין דער היים קענען מיר דאס ניט טאָן פאר מראית עין, אבער דאָ זיינען מיר פרעמדע.

— ווי אזוי וועלען מיר געהן אין טעאטער, — האָט ר׳ שמואל איהם געפרעגט — ווען מען קען דערקענען לויט אונזערע מלבושים נאָך אז מיר זיינען רבנים?

— עס איז דארויף אויך פאראן אן עצה — האָט זיך דער גוטער איד אָנגערופען — איך וועל הייסען דעם גבאי און ער וועט אונז ברייננגען געווענליכע מלבושים.

— פארשטעהסטו מיך — האָט ר׳ שמואל מאליוווער גע־ענטפערט — א חסיד׳ישער גוטער איד, אז ער ווארפט אראָפּ פון זיך די זשופּיצע און דאָס שטריימעל, איז ער שוין מעהר קיין גוטער איד ניט און איז א געווענליכער בשר ודם, איך בין אָבער א רב, און וואָסערע מלבושים איך וועל ניט אָנטאָן, בין איך אַלץ א רב ביי אידען.

---

## דער כתב ווי דער כתב.

א סופר סת״ם האָט אמאָל געבראכט פאר ר׳ אלימלך דינא־ווער א זייטעל פון פּארמעט, וואס ער האָט געשריבען פאר א

ספר תורה. ער האָט געבעטען ר׳ אלימלך׳ן, ער זאָל איהם זאָגען מבינות און געבען זיין הסכמה. ר׳ אלימלך האָט געקוקט און גע־קוקט אין פּאַרמעט און געדרעהט מיט׳ן קאָפּ פון התפעלות.

— וואָס דיינקט דער רבי וועגען כתב? — האָט דער סופר צופרידען געוואָלט הערען די התפעלות פון ר׳ אלימלך׳ס מויל.

— דער כתב ווי דער כתב, — האָט ר׳ אלימלך געזאָגט — אָבער די שפּראַך איז צוקער זיס.

---

# דער אמת׳ער ווילען.

אין די צייטען פון ר׳ נחום׳קע דער גראדנער רב איז געווען זעהר א שלעכטער גובערנאטאר, אן אמת׳ער צורר היהודים און האָט אָנגעטאָן די אידען די גרעסטע צרות. ר׳ נחום׳קען אליין האָט דער צורר היהודים דוקא יא ליעב געהאט און פלעגט איהם זעהר עהרען, ווייל ער האָט געוואוסט אז ר׳ נחום׳קע איז זעהר אַן אָרענטליכער מענש.

איינמאָל, צום קריסטליכען נייעם יאהר, זיינען ר׳ נחום׳קע מיט נאָך בעלי־בתים חשובים געקומען באגריסען דעם גובער־נאַטאָר און איהם געוואונשען גליק און א גוט מזל. ווען די בעלי־בתים זיינען ארויסגעגאנגען, האָט דער גובערנאטאר פאר־האלטען נחום׳קען און צו איהם געזאָגט:

— איך ווייס גאנץ גוט, אז די אידען האָבען מיך ניט ליעב און ווינשען מיר ניט קיין גוטעס, איך ווייס אויך, אז איהר זייט מיך געקומען באגריסען נאָר מחמת דרכי שלום, ווייל איהר האָט מורא פאר מיר, אבער טיף אין הארצען, ווייס איך געוויס, שילט איהר מיר אויס אלע קללות. מילא אויף די איבריגע בעלי־בתים איז מיר ניט קיין וואונדער, סתם־מענשען, אָבער דו ר׳ נחום׳קע,

ביסט דאָך אַן אָרענטליכער מאַן, ווי קומט דאָס דו זאָלסט ריידען אַנדערש ווי דו מיינסט?

— חס וחלילה, — האָט ר׳ נחום׳קע געענטפערט, — מיר האָבען געזאָגט וואָס מיר האָבען געמיינט. מיר האָבען דיר גע־וואונשען אַ נייעם יאָהר און אַ גוט מזל. וואָס מיינט ביי דיר אַ גוט מזל? אַז דו זאָלסט דערהויבען ווערען צו דער מדרגה פון אַ סענאַטאָר אָדער מיניסטער און דאַמאָלסט וועסטו דאַרפען וואוי־נען אין פעטערבורג, און דאָס איז די איינציגע אמת׳ע בקשה פון די גראָדנער אידען.

———:———

## אַפריהער געהען די קלייזמאָרים.

ווי באַוואוסט איז ר׳ חיים בריסקער געוועזען אַ גרויסער מתנגד צו דער באַוועגונג פון חבת ציון און ציוניזם בכלל. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז מען וויל מיט דעם ציוניזם דוחה את הקץ זיין און ווער שמועסט נאָך, אַז געוויסע פיהרער זיינען ניט געוועזען קיין יראי שמים׳ניקעס.

— סטייטש, — האָט מען געפרעגט ר׳ חיים׳ען, — אָט די פרייע מענשען זיינען עוסק אין בנין הארץ; און איהר אמת׳ע עהרליכע אידען שטעהט פון דערווייטענס?

— פאַרשטעהט איהר מיך, — האָט ר׳ חיים בריסקער גע־ענטפערט — עס פיהרט זיך ביי דער וועלט, אַז ווען מען פיהרט חתן־כלה צו דער חופה זיינען די קלייזמאָרים די ערשטע צו לוי־פען פריהער, נאָך זיי קומען די כלי־זמר און ערשט צום סוף קומען חתן־כלה אליין.

———:———

## די גרעסטע שוהל איז צו קנאפּ.

מען האָט אמאָל געפרעגט ביי א רב א קשיא: אין פרק שטעהט „עז פנים לגיהינום" און דערביי שטעהט גלייך „יהי רצון שיבנה בית המקדש", וואס פאר א סמיכות האָבען דאס איינע צו די אנדערע?

האָט דער רבי גלייך מסביר געווען:

— עס איז דאָך א דבר ידוע, אז יעדע שוהל האָט זיך איהר עזות פנים. געוועהנליך, א קליינער עזות פנים באלאנגט צו א קליינע שוהל, — א גרויסער — צו א גרויסע שוהל. אָט דאָס זאָגט דער תנא אין פרק: יהי רצון, עס זאָל זיין אזא גרויסער עזות-פנים, אז פאר איהם זאָל שוין זיין די גרעסטע שוהל צו קליין, און דאן וועט אויפגעבויט ווערען דער בית המקדש — ווייל קיין גרעסערע שוהל קען דאָך ניט זיין.

---

## ער קען ניט סובל זיין די העזות.

דער ראש הקהל, וועלכער איז געווען זעהר באפריינדעט מיט'ן רב פון שטעטעל און געווען מיט איהם מעהר אָפּענהערציג, האָט איינמאָל געפרעגט דעם רב:

— רבי, ווען איהר געהט פארביי דעם פריסטאַווס הויז און זיין הונט הויבט אָן בילען, ווי איהר אנטלויפט עס אזוי געשווינד. עס איז ניט שעהן, רבי, איהר דארפט אזוי ניט אנטלויפען.

— איך האָב קיין מורא ניט פאר'ן הונט — האָט דער רב געענטפערט — נאָר איך קען ניט סובל זיין זיינע משוגענע העזות.

---

## טאָמער אָבער אהיים.

א רב פון אן אָרימער שטעטעל איז געווען גענויט צוליעב אָרימקייט ארומפאָהרען איבער די נאָהנטע ישובים און קלייבען נדבות. ער האָט שוין געהאט פאר דעם צוועק א פערד און א וואָגען, נאָר די לייצעס פון פערד האָבען זיך אָפגעניצט. איז גע־זעסען דער רב און גע'דאגה'ט:

— אוואו נעמט מען געלט אויף נייע לייצעס?

האָט איהם דער ראש-הקהל געפרעגט:

— רבי, אויף וואס דארפט איהר אין גאנצען לייצעס, איז דען ניט אלץ איינס פאר אייך אוואו דער פערד וועט אייך פיהרען, אין דעם אָדער אן אנדערען ישוב?

— איך האָב אָבער מורא — האָט דער רב געענטפערט — טאָמער ברייגנט ער מיך צוריק אהיים.

---

## דער שטוהל איז צו הויך.

דער אלטער רב איז געווען א נידריגער אין וואוקס אבער זעהר א גדול בתורה, אז ער איז געשטארבען, האָט די כסא הרבנות פארנומען א רב דוקא א הויכער אבער ניט אזא גדול אין תורה.

אז דער נייער רב איז געקומען אין בית המדרש און האָט זיך געזעצט ביים טיש אויף וועלכען דער אלטער רב פלעגט זאָגען דעם שעור, האָט ער געמוזט איינבויגען דעם קאָפּ. האָט דער רב גערופען דעם שמש און האָט צו איהם געזאָגט:

— דער טיש איז פאר מיר צו נידעריג.

האָט דער שמש א זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— רבי, אפשר איז פאר אייך דער שטוהל צו הויך...

---

## ער וועט שוין אליין פארשטעהן.

— רבי, — האָט א בעל־הבית געזאָגט אמאָל צו דעם רב פון זיין שטאָט — איך וואונדער זיך אויף אייך אז איהר, רבי, זאָלט חנפ׳נען די רייכע.

— איך טו על פי דין — האָט דער רב געענטפערט — עס איז בפרוש אָנגעזאָגט געוואָרען „מותר לש״ץ להחניף את הצבור (א חזן מעג חנפ׳נען דעם עולם).

— רבי, — האָט זיך דער בעל־הבית געוואונדערט — דאָס האָט מען דאָך גאָר געזאָגט וועגען א חזן?

האָט איהם אָבער דער רב גלייך געענטפערט:

— געזאָגט האָט מען וועגען א חזן, ווייל א חזן איז א נאַר, דארף מען איהם אָנזאָגען וואָס צו טאָהן. א רב, האָט מען זיך פארלאָזען, וועט אליין פארשטעהן.

———:———

## דאָס געווים ניט.

אַ גערויזירטער יונגערמאן איז אריינגעקומען צו א רבי׳ן. דער רבי, א קלוגער איד, האָט איהם ארומגעקוקט פון אלע זייטען און דערלאנגט איהם א פרעג:

— יונגערמאן, זאָג מיר נאַר, וואס ביזטו א כהן צו א לוי?

— וואָס? — האָט דער יונגערמאן געשטאמעלט.

— ווייל — האָט דער רבי געלאסען אויסגעפיהרט — קיין ישראל זעהסטו געווים ניט אויס.

———:———

## דער עיקר איז די כוונה.

ר' חיים אויערבוך, דער לענשיצער רב, האָט געהאַט א סך מתנגדים, צווישען זיי פּראָסטע יונגען.

איינמאָל האָט מען געזעהן, אז ר' חיים רעדט אין מארק מיט א פרוי, האָט מען אָנגעהויבען מורמלען אויף איהם: א רב זאָל ריידען אין מארק מיט אן אשה.

אַז מען האָט עס דערצעהלט ר' חיים'ען, האָט ער א שמייכעל געטאָן און געענטפערט:

— עס איז גלייכער צו ריידען מיט א פרוי און האָבען אין זינען דעם רבונו של עולם, איידער ריידען מיט'ן רבונו של עולם און אין זינען האָבען א פרוי.

———:———

## היינט און אלע טאָג.

צום וואָלקאָווישקער רב, ר' ברוך מרדכי, איז געקומען א איד גאַנץ פריה זיך אויסצו'טענה'ן וועגען א זאַך און גענומען רעדען מיט גרויס עזות. ר' ברוך מרדכי האָט אויף דעם אידען אָנגעשטעלט א פּאָר אויגען און איהם געזאָגט אזוי:

— הערט איהר, אלע מיינע יאהרען פלעגט מיר זיין קשה די זאַך, ווי קומט עס וואס ביי אונז איז איינגעפיהרט צו זאָגען אין דאווענען „יהי רצון שתצילנו היום ובכל יום מעזי פנים" וואס דארפען מיר בעטען גאָט ער זאָל מציל זיין פון עזות-פּנים'ער „היינט און אלע טאג", איז דען ניט גענוג צו בעטען יעדען טאָג אויף היינט אליין, צו וואס נאָך צולעגען דערצו „אָלע טאָג?" איצט פאַרשטעה איך שוין דעם רעכטען טעם דערפון: די אנשי כנסת הגדולה האָבען ארויסגעזעהן מיט רוח הקדש, אז עס קען זיך מאכען אזא עזות פּנים, מחוצף, וואָס זאָל גאָר קומען גאַנץ

פריה פאר׳ן דאוונען, האָבען זיי דערפאר איינגעפהירט מען זאָל אויך זאָגען „אלע טאָג״, בעטען גאָט אויך אויף מאָרגען פאר־טאָג...

---

## ווען א רב מוז זאָגען.

דער פּרעסבורגער רב, רבי זכריה שרייבער, האָט געהאַט א זוהן, וועלכער איז געזעסען און געלערנט. איינמאָל קומט דער זוהן צום טאטען און זאָגט, ער האָט מחדש געווען א שעהנע שטיקעל תורה און וויל עס פאר איהם איבערזאָגען. דער רב האָט מסכים געווען. ווען דער זוהן האָט געענדיגט זאָגען די תורה, רופט זיך אָפּ ר׳ זכריה:

— אזוינע תורה דארף איך גאָר זאָגען.

דער זוהן האָט איהם אָנגעקוקט און געוואָלט פארשטעהן, וואָס מיינט דער טאַטע מיט דעם.

— גאנץ פּשוט, — זאָגט ר׳ זכריה — איך אלס רב אין שטאָט, מוז זאָגען, פאלט מיר ניט איין קיין גוטע, מוז איך אויך זאָגען שלעכטע תורה; דו אָבער, קיינער נייט דאָך דיך ניט ריידען, פאלט דיר ניט איין קיין גוטע תורה, איז בעסער אז מען שווייגט גאָר.

---

## אַ מ צ ו ת ע ש ה.

דער קראָקאָווער רב רבי העשל, דעם ש״ך׳ס רבי, איז אלס קינד געווען זעהר א גרויסער שטיפער. איינמאָל איז ער אריין אין קיך און געטראָפען זיין מוטער קאָכענדיג צוויי טייבעלאך, וועלכע זי האָט באשלאָסען אוועקשענקען אן אָרימע קינפּע־טאָרין. דער אינגעל האָט געוואוסט אז ער קען פון די טויבען

גאָר ניט געניסען, רופט ער זיך אָפּ צו זיין מאמען, אז דער טאַטע רופט איהר, ער דארף עפּעס מיט איהר ריידען. די מוטער איז אַרויסגעגאנגען. ווען זי האָט זיך צוריקגעקעהרט, איז שוין דער אינגעל דאָרט ניט געווען און צוזאמען מיט איהם האָבען אויך געפעלט די טויבען. שפּעטער האָט איהם דער פאָטער געשלאָגען און געפרעגט צו וואס האָט ער עס געטאָן?

— איך האָב נאָר געוואָלט מקיים זיין א מצות עשה אין דער תורה — האָט דער אינגעל זיך פארענטפערט — „שלח תשלח את האם ואת הבנים תקח לך".

———:———

## דער שטן וועט צומישט ווערען.

דעם דערנאָך באריהמטען ר' הירש חריף, פיהרטער רב, ווען ער איז אלט געווען זיבען יאָהר, האָט זיין טאַטע איהם געטראָפען עסענדיג ראש השנה פאר תקיעות.

— הערשעלע, — זאָגט צו איהם דער פאטער — דו ווייסט גאָר נישט, אז מען טאָר ניט עסען פאר תקיעות?

— געוויס וויים איך! — ענטפערט הערשעלע.

— טאָ פארוואס עסטו איצט?

— דאָס טהו איך נאָר „כדי לערב את השטן", דער שטן וויים דאָך, אז מען טאָר ניט עסען פאר תקיעות, און ווען ער וועט זעהן אז איך עס, וועט ער מיינען אז עס איז שוין נאָך תקיעות און וועט קלערען ער האָט שוין פארשפּעטיגט מקטרג צו זיין.

———:———

## נאָך א חכמה פון דעם קינד.

הערינג איז געווען הערשעלעס ליעבסטע שפּייז און פאר א גאנצען הערינג, וואס די מאמע האָט איהם צוגעזאָגט, האָט ער

אָפּגעדאַווענט דעם גאַנצען דאַווענען אויסווייניג. ווען די מאַמע האָט איהם געדאַרפט געבען דעם הערינג, האָט זי מורא געהאַט, עס זאָל איהם ניט פאַרשאַטען א גאַנצער הערינג, האָט זי אויפ־געלעגט דעם קאָפּ מיט'ן עק איהם געגעבען און געזאָגט:

— אָט האָסטו א גאַנצען הערינג.

אויף מאָרגען אינדערפריה ביים דאַווענען האָט הערשעלע אָפּגעזאָגט „מה טובו" און גלייך גענומען זאָגען „עלינו".

— וואָס איז דאָס מיט דיר, הערשעלע, — האָט די מאַמע געפרעגט — פאַרוואָס היפּסטו איבער דעם גאַנצען דאַווענען?

— ווען א קאָפּ און עק איז א גאַנצער הערינג, איז „מה טובו" און „עלינו" דער גאַנצער דאַווענען, — האָט דאָס קינד געענטפערט.

---

## זאָלען עס אַנדערע זאָגען.

אויף איינעם א דין ר' ברוך, האָט מען אין שטאָט געמור־מעלט, אז ער ווייסט צופיעל א צורת מטבע און ער איז שטאַרק געכאַפּט אין נעמען אמאָל שוחד אויף גערעכט צו מאַכען דעם שולדיגען. איינמאָל, נאָכדעם ווי עס האָט זיך געענדיגט ביי איהם א דין תורה, האָט איהם איינער פון די צדדים געגעבען אָנצוהערען גאַנץ אָפען, אז דער פּסק־דין זיינער איז ניט קיין אמת'ער. רופט זיך אָן דער דין:

— אויף מיר קען מען אַזאַ זאַך ניט זאָגען, ווייל עס שטעהט דאָך בפירוש: „ברוך דיין אמת" (ד. ה. ברוך איז אַן אמת'ער דין).

— הערט איהר, רבי, — מאַכט יענער אויפגעבראַכט — שלמה המלך דער גרויסער חכם האָט שוין לאַנג געזאָגט: „יהללוך זר" (לאָז דיר לויבען א פרעמדער) דערפאַר וואָלט גלייכער געוועזען אז אַנדערע זאָלען דאָס אויף אייך זאָגען.

---

## ער האָט נאָך זיין טייל ניט גענומען.

דער באַריהמטער רב זלמן ריבלין פלעגט זיין אָן אָפטער אריינגעהער צו א געוויסען גביר, וויטענבערג, און ער פלעגט ביי איהם נעמען פיינע נדבות פאר פארשידענע צדקה זאכען. דערביי פלעגט איהם דער רב שטענדיג זאָגען א גוט ווערטעל, פון וואָס דער גביר פלעגט שטארק הנאה האָבען און אָפט דאָפּ־לען זיין נדבה.

איינמאָל איז רבי זלמן ריבלין אריינגעגאנגען צום גביר און איהם געזאָגט:

— איך בין געקומען דיך מבקר חולה זיין, איך האָב גע־הערט, אז דו ביסט קראנק.

— איך, קראנק? — האָט זיך דער גביר געוואונדערט — וואו האָט איהר רבי דאָס געהערט? און וואס פאר א קראנקהייט?

— שלמה המלך האָט מיר געזאָגט, אז דו ביסט קראַנק, מיט א געפעהרליכע קרענק, בין איך דאס דיר געקומען גע־וואָהר ווערען.

— שלמה המלך? — האָט זיך דער גביר נאָך מעהר גע־וואונדערט — וואָס איז דאס פאר א מין קרענק?

— די קרענק איז מחלת העשר אזוי ווי עס שטעהט „יש רעה חולה — עשר שמור לבעליו לרעתו".

האָט זיך דער גביר צולאכט און געזאָגט:

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט אז איך בין קראנק. יעצט דאנק איך אייך, רבי, פאר דעם באזוכען, איהר האָט מקיים געווען די מצוה „בקור חולים".

— דער דאנק איז נאָך ניט אלעס — רופט זיך אָפּ דער רב — די גמרא זאָגט „כל המבקר חולה נוטל אחד מששים מחליו" (דער וואס באזוכט א קראנקען, נעמט א זעכציגסטעל

טייל פון זיין קרענק) און איך האָב נאָך דערוויייל פון דיין קרענק גאָר ניט גענומען.

דער גביר האָט זיך פארנאנדערגעלאכט און געגעבען איהם א שעהנע נדבה.

---

## אויב איהם פעלט, איז זיי אָבער איבעריג.

די חשובי העיר האָבען געפרעגט א געוויסען רב, וואָס איז ערשט געווען א קורצע צייט ביי זיי אין שטאָט, אויב ער איז צופרידען מיט זיין געמיינדע. האָט דער רב געזאָגט:

— עס וואָלט געווען אלעס גוט, נאָר ביי אונז אין קהלה פעלט אַ אידישער חודש.

— וועלכער? — האָבען איהם די בעלי-בתים פארוואונדערט געפרעגט:

— כסליו — האָט דער רב געענטפערט — ווער עס האָט דעם כיס האָט ניט קיין לב, און ווער עס האָט א לב פארמאָגט ניט קיין כיס.

— מיר האָבען אבער דערפאר איין מאָנאַט אַן איבריגען, — האָט זיך איינער פון די בעלי-בתים אָפּגערופען.

— וועלכער? — האָבען איהם דער רב און די איבריגע צוהערער געפרעגט.

— איר (איהר) — האָט ער אָנגעוויזען אויפ'ן רב.

---

## אַ גוטע ראיה.

ר' הערש ליב דער בדחן האָט געפרעגט א רבי'ן א שאלה:

— וואָס איז „תשובה" לשון זכר צו לשון נקבה?

— אודאי לשון נקבה. — זאָגט דער רבי.

— עס קען ניט זיין, — רעדט דער בדחן — ווארום ווען דאָס זאָל זיין אמת, וואָלט איך זיכער דערפון געהאט א הרהור.

———:———

## אַ גוטער פשט.

עס איז געשטארבען א רייכער מאן, וועלכער איז געווען אַן אָרענטליכער איד אויך, ער האָט אָבער געלאָזען צוויי זיהן משומדים און גרויסע אנטיסעמיטען. ווען דער רב פון שטאָט האָט איהם מספיד געווען, האָט ער אזוי געזאָגט:

— חז"ל זאָגען „בכו בכו להולך, זה ההולך בלא בנים" דאָס מיינען זיי, דער וואס האָט בנים משחיתים און ער געהט אוועק אָהן זיי, נעמט זיי ניט מיט צוזאמען, ווען ער שטארבט.

———:———

## ווען „לעיני כל ישראל"

אַ מינסקער גביר האָט חתונה געמאכט א טאָכטער, זיינען אויף דער חתונה געווען זעהר שעהנע בעלי-בתים, און אפילו אויך דער מינסקער גדול. נאָך דער חופה, אז מען האָט שוין גע-פראוועט די צערעמאָניע, נעמט דער חתן און גיט א קוש דער כלה פאר אלעמען אין די אויגען. האָט דעם מינסקער גדול פאר-דראָסען די חציפות און ער האָט געזאָגט:

— אז עס האלט שוין „לעיני כל ישראל" איז שוין א סוף צו דער תורה.

———:———

## ער האָט ניט קיין פנים.

אַ רב האָט אמאָל מיט זיינע מעשים אויפגעבראכט די גאנצע שטעטעל. האָט דער פרנס צו איהם אזוי געזאָגט:

— אייער גליק, רבי, וואס איהר האָט ביי אונז קיין פּנים ניט, אזוי וואָלטען מיר אייך גוט אויסגעפּאטשט.

———:———

## ער האָט געהאט העלפער.

אַ חזן מיט משוררים איז אמאָל געקומען אין א שטאָט און פארקויפט „בילעטען" אויף איהם הערען דאווגען אין שול. אז ס'איז געקומען די צייט פון דאווגען, האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער חזן האָט זיך פארקעלטערט און האָט ניט געקענט קומען. די וואָס האָבען געקויפט די בילעטען, זיינען געוואָרען אין כעס און אָנגעהויבען מאָנען זייערע געלט צוריק. האָט דער חזן גע־טענה'ט, אז ער איז ניט שולדיג: עס איז אן אונס און אן אונס — „רחמנא פטריה". האָבען די בעלי־בתים איהם גענומען צום רב.

דער רב האָט באטראכט דעם ענין און געזאָגט צום חזן:

— דו קענסט זיך ניט אָפּפּטר'ן מיט דער טענה פון אן אונס... דעם דין פון אונס לערנען מיר אָפּ פון „נערה המאורסה", און די מעשה ביי דער נערה המאורסה איז געווען פונקט פאר־קערט ווי דאָ: דאָרטען האָט די „נערה" געשריען נאָר זי האָט ניט געהאט קיין העלפער, און דו — דו האָסט יע געהאט די „העלפער" (משוררים) נאָר דו האָסט ניט געשריען...

———:———

## ווער וועמען געהערט.

צו דעם רב ר' ליפּא זיינען געקומען צוויי בעלי־בתים צו א דין־תורה וועגען א שטיקעל פלאץ צווישען זייערע נחלאות. ר' ליפּא האָט אויסגעהערט זייערע טענות און גענומען זיי מפשר

זיין, אָבער די בעלי־דברים האָבען גאָר ניט געוואָלט הערען פון קיין פשרה. זיי האָבען זיך געקריגט און ארומגעשלאָגען זיך אָהן א סוף. אז ר׳ ליפא האָט געזעהן, אז ער וועט דאָ צו קיין טאָלק ניט קומען, זאָגט ער צו זיי, „פיהרט מיר ווייזען דעם פּלאַץ". אז די בעלי־דין האָבען ר׳ ליפא׳ן געבראכט צום פּלאַץ, האָט ער זיך איינגעבויגען און צוגעלעגט דעם אויער צו דער ערד.

— הערט איהר, מיינע ליבע אידען — רופט זיך צו זיי אָפּ ר׳ ליפא — איך האָב געהערט ווי איהר קריגט זיך. יעדערער זאָגט, אז די ערד איז זיינע, האָב איך זיך איינגעבויגען הערען, וואָס זאָגט די ערד דערצו, ווערמענס איז זי? האָב איך אבער געהערט ווי זי זאָגט, זי איז ניט דיינע און ניט זיינע, איהרביידע געהערט גאָר צו איהר.

———:———

## זיי וועלען זיך אויס׳טענה׳ן.

אַ אידישער אדוואָקאט האָט אמאָל געפרעגט זיין רב פון שטאָט אזא מין שאלה:

— רבי, צווישען גיהנם און גן־עדן, ווי באוואוסט, טיילט אָפּ איין וואנט; היינט ווי איז דער דין, רבי, אויב די דאָזיגע וואנט זאָל איינפאלען? די גן־עדן לייט וועלען זאָגען, אז אויפבויען די וואנט זאָלען די גיהנם־לייט; די גיהנם־לייט, ווידער, וועלען טענה׳ן פארקעהרט, אַז אויפבויען די וואנט דארפען די גן־עדן לייט! ווי קומט אוים, רבי, לויט אייער מיינונג, ווער פון די ביידע צדדים וואָלט דעם משפט געוואונען?

— לויט דעם שכל — ענטפערט דער רבי — וואָלטען באַ־דארפט געווינען די גן־עדן לייט, ווייל גיכער קען די וואנט איינפאלען נאָר צוליב דעם העלישען פייער, וואס פלאקערט אין גיהנם; נאָר אין גיהנם געפינען זיך דאָך אזוי פיעל אידישע אד־

וואַקאַטלאַך מיט געשליפענע צינגלאַך, מסתמא וואָלטען זיי דעם משפט געוואונען.

---

## די זילבערנע לעפעל אלס צוגאָב.

איינער האָט אמאָל צוגע׳גנב׳עט זילבערנע לעפעל און מען האָט איהם דערנאָך געכאַפּט און געבראַכט צום רב. האָט דער גנב גע׳טענה׳ט:

— רבי, וואס איז דאָ פאַר א גוואלד? ווען איך גנב׳ע ניט די לעפעל, וואָלט איך דאָך סיי־ווי־סיי עובר געווען אויף א לאו פון „לא תחמוד“. נו, האָב איך געביטען דעם לאו אויף אן אנדער לאו פון „לא תגנב“ און איך האָב נאָך א זילבערנע לעפעל אלס צוגאָב.

---

## פון וואנען וויים עס אָבער דער הונט?

צוויי אידען האָבען געהאט א דין תורה וועגען א שטיקעל פּלאַץ, איז דער רב אליין געגאנגען אָנקוקען דעם אָרט. אָבער אין שכנות פון פּלאַץ האָט זיך געלאָזט הערען א שטאַרקער בילען פון א הונט. דער רב האָט זיך אָפּגעשטעלט און ווייטער ניט געגאנגען. באַלד איז ארוים דער בעל־הבית פון הונט און זעהט ווי דער רבי האָט מורא צו געהן, זאָגט ער צו איהם:

— פאַרוואס האָט איהר אזוי מורא, רבי, ווייסט איהר דען נישט, אז הינט וואס בילען בייסען נישט?

— וואָס פאַר א שאלה? — ענטפערט דער רב — אודאי וויים איך דעם כלל, אבער פון וואנען בין איך זיכער, אז דער כלב ווייסט דאָס אויך?

---

# מסתמא איז עס ווערט.

א בעל-הבית האָט אמאָל געוואָרפען אַן אומ׳חן אויף זיינעם א מענשען אין געשעפט און איהם פלוצלונג אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע.

דער מענש איז ביי איהם אָפּגעווען א צייט מיט יאהרען און האָט דעם בעל-הבית גערופען צום רב מיט דער טענה, וואס האָט ער צו איהם, ער מאכט איהם אונגליקליך און ער האָט איהם געדארפט אָנזאָגען מיט א צייט פריהער.

— איך קען איהם מעהר ניט האלטען — האָט דער בעל-הבית גע׳טענה׳ט — איך האָב מיין טעם.

זאָגט דער רב צום בעל-הבית:

— איהר מוזט איהם אבער עפּעס געבען געלט. איהר קענט ניט אזוי אוועקלאָזען א מענשען הפקר.

האָט דער בעל-הבית איינגעשטימט צו געבען 100 רובעל.

דער מענש האָט אבער די געלט ניט געוואָלט נעמען.

— ניט ווינציגער ווי דריי הונדערט רובעל — האָט דער מענש גע׳טענה׳ט — ער האָט מיר געדארפט אָנזאָגען.

האָט דעם רב עטוואס פארדראָסען דעם מענשענס תקיפות, און האָט זיך געווענדעט צום בעל-הבית:

— דער מענש איז גערעכט, איהר מוזט איהם געבען דריי הונדערט רובעל.

— ס׳טייטש, — האָט זיך דער בעל-הבית געוועהרט — פארוואס, רבי, איהם קומט דאָך גאָר ניט.

— אז ער שפּארט זיך נאָר דריי הונדערט — האָט דער רב געענטפערט — מסתמא ווייס ער, אז פטור ווערען פון איהם איז ווערט דריי הונדערט רובעל.

———:———

## צוויי לייבען ווי די פערד.

צוויי אידען זיינען געקומען האָבען א דין-תורה ביים רב, פרעגט דער רב דעם ערשטען בעל-דין:

— מה שמך?

פארשטעהט ניט יענער וואס מען רעדט צו איהם. פרעגט דער רב דעם צווייטען:

— מה שמך?

ווייס יענער אויך ניט. זאָגט שוין דער רב אין אידיש:

— ווי רופט מען אייך?

— לייב, — האָבען ביידע געענטפערט.

— ביידען לייב? — האָט דער רב ווייטער געפרעגט.

— יע, — האָבען די בעלי-דין געענטפערט.

— אָה, — האָט זיך דער רב געכאפט — מיר איז דאָך ערגער פון א בעל-עגלה. א בעל-עגלה האָט צוויי פערד ווי די לייבען, און איך האָב צוויי לייבען ווי די פערד.

———:———

## ווי די בכורים אַזוי די כהנים.

א ליטווישער שניידער איז אוועקגעפאָהרען אין אמעריקא און איז דאָרטען געוואָרען — א רב.

אין א צייט ארום איז צו איהם געקומען צופאָהרען זיין ברודער און ער זעהט ער פיהרט א רבנות, — האָט דער ברודער געשוויגען און גארניט געזאָגט.

אויף מאָרגען האָט מען דעם „רב" איינגעלאדען צו א פדיון הבן און מען האָט ביי איהם אויסגעלייזט דעם בכור פאר פינף טאָלער.

האָט זיך שוין דער ברודער ניט געקענט איינהאלטען און געפרעגט:

— זעה, מיין ברודער, מילא א רב — קען זיין, אפשר האָסטו דאָ אין אמעריקא געלערנט און דערגרייכט צו רבנות אבער א כהן, ווי קומסטו צו א כהן, אונזערע אבות אבותינו זיינען דאָך קיין כהנים ניט געווען.

— זיי רוהיג, מיין ברודער, — האָט איהם „דער רב און כהן" געענטפערט: אזוי ווי דאָס קינד איז א בכור, אזוי בין איך א כהן.

———:———

## זיי ברייגגען די קרענק.

ר' שמשון רפאל הירש, דער פראנקפורטער רב, האָט אמאָל געזאָגט:

— צייט די דייטשע רבנים רופען זיך אויך דאָקטוירים, ליגט דאָס אידישע פאָלק קראנק.

———:———

## אַ שטאָט פול מיט יראה.

דער בערלינער רב, רבי הירש בערלין, פלעגט זאָגען:

„מיין בערלין איז אן „עיר מלאה יראה", א שטאָט פול מיט יראה, ווער סע קומט מיט יראה, לאָזט עס דאָרט איבער."

———:———

## ריכטיג פארקויפט.

א שטעטעל האָט זיך פארוואָלט נאָכטאָן די גרויסע שטעט, און האָט אויפגענומען פאר א רב א דר. ראבינער.

עס איז געקומען ערב פסח, האָט זיך די שטעטעל דער-

וואוסט, אז דער דר. ראבינער האָט פארגעסען פארקויפען זייער חמץ צו א גוי. זיינען צוויי בעלי־בתים חשובים געפאָהרען אין דער נאָהנטער שטאָט פרעגען ביים אלטען רב א שאלה, וואס זאָלען זיי איצטער טאָהן?

— וועמען האָט איהר פארקויפט דעם חמץ? — האָט זיי דער רב געפרעגט.

— מיר האָבען פארקויפט אונזער ראבינער, — האָבען די בעלי־בתים געענטפערט — נאָר דער ראבינער האָט פארגעסען ווייטער צו פארקויפען א גוי.

— עס איז געווען א ריכטיגער מכירת חמץ, — האָט דער רב געענטפערט — דער ראבינער דאָקטאר איז אליין א גוטער גוי.

---

## מבינים זיינען דאָ ווינציג.

אַ רעפאָרם ראבי האָט זיך צוזאמענגעטראָפען מיט אן אָר־טאָדאָקסישען רב און זיי האָבען זיך צורעדט צווישען זיך. פרעגט דער ראבי דעם רב:

— וויפיעל שכירות נעממ איהר א וואָך?

— צוועלף דאָלאר.

— אזוי ווענים! — האָט דער ראבי אויסגעשריען — אונזער שמש פון טעמפעל קריגט דאָך פינף מאָל אזוי פיעל און איך צעהן מאָל אזוי פיעל. און אייערע פרומע אידען באריהמען זיך נאָך אז זיי האָבען ליעב די תורה?

— די מעשה איז אזוי, — האָט דער רב איהם געענטפערט — די רעפאָרם תורה, וואס איהר זאָגט אין אייער טעמפעל איז א שפּאָגעל נייע סחורה, און אויף נייע סחורה איז לייכט צו געפינען בעלנים; איך אבער לערען מיט מיינע בעלי־בתים די

אַלטע תורה. אויף אַלטע סחורה דאַרף מען שוין האָבען מבינים און מבינים זיינען דאָ ווינציג, קריג איך ווינציג באצאָלט.

———:———

## דער מילך-טאָפּ האָט זיך אָנגעהויבען...

צו א רעפאָרם ראבינער איז געקומען א פרוי מיט א שאלה: עס איז אויסגעלאָפען א טאָפּ מיט מילך און די מילך האָט זיך ארויפגעגאָסען אויף א טאָפּ מיט פלייש. האָט דער ראבינער גע'פסק'ט, אז דער מילך־טאָפּ איז טריפה און דער טאָפּ מיט די פלייש איז כשר. איז דער אידענע געווען קשה'דיג דער פסק, און זי האָט ציטערדיג איבערגעפרעגט:

— רבי, דער מילך־טאָפּ האָט זיך ניט אומגעקעהרט, נאָר די מילך איז אויסגעלאָפען און פארגאָסען דעם טאָפּ מיט די פלייש.

— נו, ריכטיג, — האָט דער ראבינער געזאָגט — איך האָב טאקע אזוי געהערט. איז דאָך דאָס דעם מילך־טאָפּ'ס שולד, ער האָט זיך אָנגעהויבען.

———:———

## אָהן „שפּרעכשטונדען“.

אַן אָרימער רב איז געקומען צו א דייטשען ראבינער בעטען שטיצע. האָט מען איהם ניט צוגעלאָזען צום ראבינער און ער־קלעהרט, אז דער ראבינער האָט זיין „שפּרעכשטונדע“ פון 2 ביז 3 בייטאָג. ווען ער איז צו דער „שפּרעכשטונדע“ געקומען, האָט איהם דער ראבינער „אָנגענומען“ און האָט געבעטען דעם רב זאָגען איהם עפּעס א גוט וואָרט. זאָגט דער רב:

— אין בענשען זאָגען מיר „שאתה זן ומפרנס לכל בכל יום ובכל עת ובכל שעה“ איז עפּעס שווערליך, צו וואָס דאס אזוי

פיעל ריידען „בכל יום“, „בכל עת“, „ובכל שעה“? איצט איז עס קלאָהר, ווען גאָט וואָלט האָבען, ווי א דייטשער ראבינער זיינע „שפרעכשטונדען“, וואָלטען דאָך מענשען דעם ערשטען האלבען־טאָג געדארפט הונגערען, ווארטען אויף גאָטס „שפרעכשטונדע“ פון 2 ביז 3, דעריבער לויבען מיר גאָט און בענשען וואס ער ענטפערט אונז צו יעדער צייט.

---

## צעהלען ווי א איד.

אַ רבי איז געקומען אין א קליין שטעטעל און געדאווענט פאר׳ן עמוד. אין מזרח איז געשטאַנען אן אויפגעקומענער גביר, א גראָבער יונג, און ווען עס איז געקומען צו שמונה עשרה, אלע זיינען שוין אויסגעגאנגען, אפילו דער רבי אויך און דער גביר שטעהט נאָך אבער אלץ און שאָקעלט זיך.

נאָכ׳ן דאווענען פרעגט דער רבי דעם גביר, וואס האָט עס איהם גענומען אזוי לאנג די שמונה-עשרה?

— רבי, — זאָגט דער גביר — עס שטעהט דאָך, אז שמונה־עשרה דארף מען צעהלען יעדעס וואָרט אזוי ווי מען צעהלט געלט?

— עס איז אמת, — ענטפערט דער רבי — אָבער מען דארף דאָך דאָס ניט צעהלען ווי א גוי.

---

## אַן איבערגעניצעוועטע זאַך טויג ניט.

אַ שניידער, אן אויפגעקומענער עושר, האָט געטאָן א שדוך מיט א גרויסען רב. צו דער חתונה זיינען זיך צוזאמענגעקומען א סך רבנים פון רב׳ס צד און אביסעל פראָסטע מענשען פון

שניידער׳ס צד. ווי געוועגליך, האָט יעדער געזאָגט א שטיקעל תורה אָדער אזוי א גוט וואָרט. אלע האָבען גערעדט, נאָר דער שניידער האָט געשוויגען. רופט זיך אָן זיין מחותן, דער רב:

— נו, מחותן, וואָס שווייגט איהר עפּעם? זאָגט עפּעס א גוט וואָרט.

— הערט איהר מחותן, — רופט זיך אָן דער שניידער — מיין טאַטע האָט אמאָל געזאָגט א גוט וואָרט: אַז אן איבערגע־ניצעוועטע זאַך טויג ניט.

———:———

## געשטאָרבען פון גאוה.

צו ר׳ אברהם זעטלער איז מען געקומען צוגעהן און דער־צעהלט, אז א בעל־הבית אין שטעטעל איז געשטארבען פון הונגער.

— וואָס הייסט, פון הונגער? — האָט ר׳ אברהם זיך גע־וואונדערט — ער האָט דאָך געקענט קומען צו מיר, צו אייך, צו יעדען איינעם. אפילו א גוי וואָלט איהם ניט אָפּגעזאָגט א שטיקעל ברויט מיט וואסער?

— רבי, — האָט מען איהם ערקלערט — ער איז געוועזן א איד א בעל־הביר איהם האָט ניט געפּאסט געהן בעטען ביי יענעם.

— אויב אזוי — האָט ר׳ אברהם געזאָגט — איז ער דאָך געשטארבען פון גאוה, ניט פון הונגער.

———:———

## ווען מען איז יוצא מיט׳ן זאָגען.

אין שטעטעל האָט מען אויפגערופען די גאנצע קהילה אידען אין שוהל און זיי אויפגעפאָדערט געבען אויף א נויטיגע צדקה

לצרכי העיר. האָבען זיך אַלע אויסגערופען מיט נדבות, איינער מעהר דער אנדערער ווינציגער. זאָגט דער ראש־הקהל צום רב:

— איהר ווייסט, רבי, עס פאסט ניט. רופט זיך אויך ארויס לפנים מיט א נדבה. מיר וועלען דאָס ביי אייך ניט מאָהנען.

איז דער רב ארויף אויפ'ן בימה און געזאָגט, אז ער איז מנדב 200 רובעל. שפעטער האָט דער ראש־הקהל געפרעגט דעם רב:

— רבי, א נדבה געבען האָט איהר גערארפט, אבער צו וואָס האָט איהר זיך אויסגערופען מיט אזוי פיעל, וואָס דער גרעסטער גביר האָט ניט געגעבען?

— פארשטעהט איהר מיך, — האָט דער רב געענטפערט — אין „איזה מקומן" זאָגען מיר „יהי רצון כאלו הקרבתי עולה; יהי רצון כאלו הקרבתי חטאת". פאַר וואס זאָגען מיר אויך ניט „יהי רצון כאלו הקרבתי קרבן עולה ויורד?"

דער תירוץ איז פשוט: בשעת מען האָט געבראכט די אמת'ע קרבנות, האָט זיך אַן אָרימאַן געמוזט באַגעהן מיט א קרבן עולה ויורד, ווייל ער האָט ניט געקענט ברייגנען קיין בע־סערען, אָבער היינט, אז מיר זיינען יוצא נאָר מיט'ן זאָגען „כאלו", אזוי ווי מיר ברייגנען קרבנות, טאָ צו וואָס דארף מען זיך נאריש מאכען און זאָגען ווי אַן אָרימאַן?

———:———

## ריין דייטש.

אַ יונגערמאַן א מחוצף, איז שבת אָנגעפאלען אויף א רב, צו ווענען ער האָט עפּעס געהאט טענות און איהם שטארק גע־זידעלט. ער האָט געמאכט אזא סקאנדאל דעם רב, אז אידען האָבען געשיקט רופען פּאָליציי און מען האָט דעם יונגענמאַן ארעסטירט.

אין א טאָג ארום, האָט דער פּאָליציימייסטער געשיקט רופען דעם רב, איהם פרעגען, צו איז ער מוחל דעם יונגענמאן.

— איך קען אבער ניט קיין רוסיש — האָט דער רב געבעטען דעם פּאָליצמייסטער.

— און דייטש קענסטו?

— אָ, יע! וועלכער איד קען עס ניט קיין דייטש?

— אויב אזוי, — זאָגט דער פּאָליצמייסטער — רעד דייטש, איך פארשטעה דייטש אויך.

האָט דער רב אָנגעהויבען:

— לכתחילה בין איך געווען מלא כעס, אזא שייגעץ, מחוצף פנים, איז זיך מישב שבת, בשעת קריאת התורה, בפני כל עם ועדה און איז מחרף ומגדף א מרא דאתרא; נאָר בדיעבד בין איך איהם מוחל במחילה גמורה.

———:———

## מיט דעם הרג׳עט ער זיך אליין.

קומט דער רבי צו א בעל-הבית:

— איך וואָלט געוואָלט, ר׳ גרשון, ביי אייך בעטען א גמילת-חסד עטליכע קערבלאך.

מאכט דער בעל-הבית א זיסע מינע און זאָגט:

— רבי, איהר האָט דאָך נעכטען אליין גע׳דרשה׳ט, אז מען טאָר ניט לייהען קיינעם קיין געלט אויף פּראָצענט, ווייל דאס איז גלייך, ווי מען וואָלט זיין א הורג נפשות.

— וואָס רעדט איהר, רבי גרשון? — וואונדערט זיך דער רב — איך מיין גאָר ניט אויף פּראָצענט, איך וויל נאָר א גמילת-חסד.

— אָ, אזוי, — ענטפערט ר׳ גרשון — דאָס איז נאָך ערגער, מיט דעם וואָלט איך זיך אליין אוועקגע׳הרג׳עט.

———:———

## דער אמת איז מצליח.

אין דער אידישער קהילה אין קאָוונע זיינען געווען פרומע און אויך פרייע פארשטעהער. איז דאָרט איינמאָל ביי א זיצונג אויסגעבראָכען א קריעג איבער קהל'שע געלדער. די פרומע האָבען געוואָלט מען זאל פאר די געלט אויסהאלטען נאָך א תלמוד-תורה פאר אָרימע קינדער, און די פרייע האָבען גע־טענה'ט, אז תלמוד-תורה'ס איז דאָ גענוג און זיי האָבען געוואָלט פאר די געלט גרינדען א ביבליאָטעק.

זיינען די פרומע אריינגעלאָפען מיט א געשריי צו ר' יצחק אלחנן:

— רבי, ס'איז שלעכט, די פרייע וועלען אויספיהרען, חס־ושלום.

— איך האָב עס פריהער פארשטאַנען, — זאָגט ר' יצחק אלחנן — דער אמת איז תמיד מנצח.

— וואָס הייסט, רבי, — וואונדערען זיך די פרומע — איהר האלט אויך מיט זיי?

— פארשטעהט איהר מיך — ענטפערט זיי ר' יצחק אלחנן — די פרייע זיינען פריי אויף אנ'אמת — מוזען זיי מצליח זיין; די עהרליכע אידען — זיינען אבער ניט קיין אמת'ע עהרליכע אידען.

———:———

## זי באקומט וואָס ער פארדינט.

צום פרעסבורגער רב קומט אן אָרימע פרוי מיט א געוויין. איהר מאן פארדינט ניט צום לעבען, זי דארף נאָך שטעהן אויפ'ן מארק און דערצו, אז זי קומט אהיים, שלאָגט ער איהר נאָך מכות אכזריות. די פרוי וויינט, זי וויל א גט. האָט דער רב גע־

שיקט רופען דעם מאן צו בית-דין. דער מאן האָט לכתחילה געפּרואווט אָפּלייקענען דער ווייב'ס טענות, אבער, דאָרט אויפ'ן אָרט, האָט זיך באלד ארויסגעוויזען, אז די ווייב איז גערעכט. ווען זי האָט איהם אויסגערעדט א וואָרט, האָט ער גענומען און איהר אראָפּגעלאָזען צוויי פּעטש. דער רב האָט געזאָגט זיין מיינונג, אז די פרוי דארף באקומען גט און אויך געפרעגט א דין, וואָס זאָגט ער.

— מיין מיינונג איז — זאָגט דער דין — אז די פרוי דארף קיין גט ניט באקומען.

— פארוואָס? — האָט דער רב און די איבריגע דינים זיך געוואונדערט.

— ווייל קיין בעסערער שלום בית ווי ביי דער פּאָר-פאָלק גיט עס ניט — ענטפערט דער דין — דער מאן באקומט וואָס די ווייב פארדינט, און די ווייב באקומט, וואָס דער מאן פארדינט.

———:———

## ערקלעהרט מיט אַ משל.

רבי שלמה פפעפערמינץ, דער באריהמטער גאון, האָט ניט געלעבט בשלום מיט זיין ווייב, און האָט באשלאָסען, זיך מיט איהר צו גט'ן. האָבען די פריינד איהם שטארק געטאדעלט, ער זאָל וועלען אָפּ'גט'ן די רבי'ציך, וואָס איז געווען אומעטום שטארק באליבט און געאכטעט. האָט ר'. שלמה אראָפּגעצויגען א שוך פון פוס און עס אויפגעהויבען הויך פאר די אויגען פון זיינע פריינד:

— זעהט, — האָט ער זיי געזאָגט — ווי שעהן דער שוך איז, ווי גלאט ער איז געמאכט, אבער קיינער ווייס ניט, אוואו ער דריקט מיך.

———:———

## ניט אויסזאָגען די בעלי־בתים.

ארום חנוכה־צייט האָט דעם רב וועה געטאָן די ציין און ער איז געגאנגען צום ציין־דאָקטאר, א בעל־הבית אין שטעטל. דער ציין־דאָקטאר האָט דעם רב ארויסגענומען א צאָן. אז עס איז געקומען צום באצאָהלען, האָט דער דאָקטאר ניט געוואָלט נע־מען קיין געלט און געזאָגט צום רב, דאס זאָל זיין פאר חנוכה־געלט, וואס ער דארף געבען דעם רב. דער רב האָט איהם באַ־דאנקט און געזאָגט:

— דערצעהלט עס אבער ניט מיינע בעלי־בתים; יעדערער וועט מיר וועלען ארויסנעמען א צאָן, דאס זאָל זיין פאר חנוכה־געלט.

———:———

## וואָס פאר אַ טייערע פאָלק אידען זיינען.

א רב האָט געדארפט פאָהרען אין א קליין שטעטעל אריין, האָט ער געדונגען א בעל־עגלה. זיי פאָהרען אָפּ א דריי וויאָרסט, ערשט די פוהר שטעלט זיך אָפּ, און דער בעל־עגלה בעט דעם רב, ער זאל מוחל זיין אראָפּגעהן א ווייל׳ע פון וואָגען, ער דארף פאררריכטען א ראָד. דער רב האָט זיך דערווייל דערמאָנט אז ער קען שוין דאווגען מנחה, האָט ער זיך געשטעלט אָן אַ זייט שמונה־עשרה. ער האָט נאָך ניט באוויזען אָפּדאווגען, ווי דער בעל־עגלה שרייט שוין:

— רבי, רבי, קריכט, זייט מוחל, אויפ׳ן וואָגען. מיר קענען שוין פאָהרען.

— ווי אזוי האָסטו דאס אזוי שנעל געמאכט? — פרעגט דער רב.

— איך האָב א גוי דאָ אָנגעדראלט א ראָד.

— וואָס האָסטו געמאַכט מיט'ן ראָד? — האָט דער רב ניט פארשטאַנען.

— עס איז דורכגעפאָהרען א גוי, האָב איך איהם אָנגעפייפט א ראָד — ערקלערט דער בעל־עגלה.

— וואָס עפּעס אָנגעפייפט א ראָד? — פארשטעהט אלץ ניט דער רב.

— נו, איך האָב איהם אָנגעפוידעט, — מאטערט זיך דער בעל־עגלה געבען דעם רב צו פארשטעהן.

אָבער דער רב האָט אלץ ניט פארשטאַנען, און דער בעל־עגלה האָט איהם דערצעהלט דייטליכע דבורים: עס איז אָנגע־פאָהרען א גוי, האָט ער אראָפּגענומען די ראָד פון זיין וואָגען און ארויפגעזעצט אויף זיינעם.

אז דער רבי האָט עס דערהערט, רופט ער זיך אָפּ צו זיך:

— סאַ טייערע פאָלק אידען זיינען, זיי דראָלען, זיי פייפען, זיי פוידען — אָבער גנב'ענען, גנב'ענען זיי ניט.

———:———

# אַ גרויסער עניו.

אַ היימישער חברה־מאַן, וועלכער איז געפאָהרען נאָך אמע־ריקא, האָט באשלאָסען זיך אויסגעבען פאר א גוטען אידען. ער האָט אויפ'ן שיף געקראָגען א שותף, וואס האָט באוויליגט צו ווערען זיין גבאי.

ווען די פּאָר רמאים זיינען געקומען אין אמעריקא און מען האָט זיי געפרעגט, ווער זיי זיינען, האָט דער חברה־מאַן געזאָגט:

— איך בין דעם „דובר־שקרים'ס" אן אייניקעל.

זאָגט דער גבאי צו די אנוועזענדע:

— איהר זאָלט וויסען זיין, אז דער רבי איז א גרויסער עניו, ער האָט פיינט זיך צו באריהמען. דער אמת איז, אז ער איז

ניט דעם „דובר־שקרים׳ס“ אן אייניקעל, נאָר ער איז טאקע דער „דובר־שקרים“ אליין.

—:—

# ער מעג.

א בעל־עגלה איז ארייגעקומען צו א רב אין א קליין שטע־טעל און געפרעגט:

— רבי, איך בין א כהן, מעג איך נעהמען א גרושה?

— דו מעגסט. — האָט דער רבי ניט קלערענדיג געענטפערט.

די ארומיגע האָבען זיך שטארק געוואונדערט, נאָכדעם ווי דער בעל־העגלה איז אוועק, פרעגען זיי דעם רבי׳ן:

— רבי, וואס איז דער טעם, וואס איהר האָט מתיר געווען א כהן צו נעמען א גרושה?

— פארשטעהט איהר מיך — ענטפערט דער רב — דער איד איז א בעל־העגלה, וויל ער וויסען, אויב ער מעג נעמען אַ גרושה אויפ׳ן וואָגען, ברענגען איהר צום יריד.

—:—

# עס איז זיין שולד!

אַ איד פון אלטען דור קלאָגט זיך פאר דעם רב פון זיין קאָנגרעגיישאָן:

— אָט, היינטיגע „היברו סקולס“ — טענה׳ט ער — מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס מען לערנט אין זיי, ווייטער „אָב“ — איז א טאַטע און „כלב“ איז א הונט, און ווידער דאָס זעלבע.

— עס איז אייער אייגענע שולד — האָט דער רב געענט־פערט — אז איהר האָט געהערט ווי אייערע קינדער הויבען אָן צו זאָגען „אב“ איז א הונט און „כלב“ איז א טאַטע און איהר האָט געשוויגען, מוזען זיי עס כאָטש פאררעכטען...

—:—

## וועגען רבי׳צינס



### נאָך אַ יחוס וואָלט ער געוועז גליקליך.

דער „נודע ביהודה" איז אמאָל געוועזן צו־גאַסט ביים „פני יהושע". ווען זיי זיינען אזוי געזעסען און פארבראכט אין חדושי־תורה, איז אריינגעקומען דעם „פני יהושע׳ס" ווייב, און געשריען אויף איהר מאן, דער „נודע" ביהודה" האָט א קוק געטאָן אויף דער פרוי און האָט געזעהן דאס זי איז געוועזן א הינקענדיגע אויף איין פוס, געהאט א הארב אויפ׳ן פלייצע און א בעלעם אויף איין אויג, האָט ער פארוואונדערט געפרעגט דעם „פני יהושע" ווי קומט צו איהם אַזאַ ווייב. האָט איהם דער „פני יהושע" גע־ענטפערט, זי שטאמט פון א גרויסע פאמיליע מיט מיוחסים, און מיין צרה איז וואס זי האָט ניט געהאט מעהר קיין מיוחסים אין דער פאמיליע... ווען דער „נודע ביהודה" האָט איהם געזאָגט, אז ער פארשטעהט ניט וואס ער מיינט, האָט ער איהם ערקלעהרט:

— פערציג טעג פאר׳ן געבאָרען רופט מען אויס „בן פלוני ופלוני לבת פלונית ופלונית". ווען מען האָט אין הימעל אויסגערופען, אז זי געהט זיין מיין פרוי, איז איהר זיידע, א גרוי־סער צדיק, געקומען צום רבש"ע מיט א טענה, אז ער וויל ניט, דאָס זיין אייניקעל זאָל חתונה האָבען מיט אַזאַ פּראָסטען מענשען ווי איך. האָט איהם גאָט ברוך הוא געענטפערט, דאָס זי געהט זיין אַ הינקעדיגע אויף איין פוס, — איז ער שוין געבליבען שטיל. איז אָבער געקומען איהר עלטער זיידע, דער גרויסער גאון, און גע׳־טענה׳ט, ווי קומט זי צו אַזאַ עם הארץ ווי איך? האָט איהם

גאָט געזאָגט, אַז זי געהט האבען אַ האָרב אויף איהר פּלייצע, — און ער האָט שוין מעהר אַ וואָרט ניט גערעדט. איז אבער נאָכ־הער געקומען דער עלטער־עלטער זיידע און באשטאַנען, אַז זיין אור־אור־אייניקעל איז צו הויך פאר אַזאַ ווי איך, האָט איהם גאָט איינגעשטילט מיט דעם, וואס זי וועט האָבען אַ בעלעם אויף איין אויג.

— אָבער — האָט דער „פּני יהושע“ פאַרענדיגט — ווען זי וואָלט געהאט נאָך אַ יחוס אין דער משפּחה, וואָלט זי דאַן גע־באָרען געוואָרען אַ שטומע און ניט געקענט שרייען אויף מיר.

---

## די ווייב וואָלט ניט אריינגעלאָזען.

אומעטום וואו ר׳ אייזעלע חריף פלעגט נאָר קומען, פלעגט דער רב מיט די בעלי־בתים קומען איהם מקבל פּנים זיין. איינ־מאָל אַזי ר׳ אייזעלע געקומען אין אַ שטאָט, וואו דער רב איז געווען עפּעס ניט געזונד, איז ר׳ אייזעלע איהם געגאַנגען מבקר חולה זיין. די רבי׳צין, ניט וויסענדיג ווער דאס איז, האָט איהם ניט אריינגעלאָזען צו רב. האָט ר׳ אייזיק אָנגעשריבען אַ צע־טעלע בזה הלשון:

„חזקיה האָט טאקע געדארפט זיין קראנק“ און זיך אונטער־גע׳חתמ׳עט אייזעל הריף. אַז די רבי׳צין האָט איבערגעגעבען דעם רב דעם צעטעל און דער רב האָט דערזעהן ר׳ אייזיק׳ם חתימה, האָט ער גלייך געשיקט שלוחים איהם איבערצובעטען און ברייגגען צו איהם.

ווען ר׳ אייזיק איז געקומען, פרעגט איהם דער רב, וואָס האָט ער געמיינט מיט זיין צעטעלע.

— גאַנץ פּשוט, — זאָגט ר׳ אייזעלע — ווען חזקיה האָט זיך געדארפט טרעפען מיט ישעיה הנביא, איז דאָך געוואָרען אַ

קלעהר, ווער צו ווּעמען זאָל געהן, חזקיה צו ישעיה הנביא אָדער ישעיה צו חזקיהו. האָט דער רבונו של עולם געמאכט חזקיה'ן קראנק, האָט שוין ישעיה הנביא געמוזט געהן איהם מבקר חולה זיין. איז דאָך א קשיה, פאר וואס האָט דער אייבערשטער ניט געמאכט ישעיה הנביא קראנק — וואָלט חזקיהו איהם געגאנגען מבקר חולה זיין, נאָר דער תירוץ איז: חזקיהו איז געווען א בחור, האָט ער געקענט זיין קראנק, אבער ישעיה הנביא, ווען ער וואָלט געווען קראנק וואלט זיין ווייב די רבי'צין צו איהם ניט אריינגעלאָזט.

---

## „אבק לשון הרע".

די פרוי פון מהרש"ל (רבי שלמה לוריא) איז געווען זעהר געבילדעט און קלוג. איינמאָל איז זי געגאנגען מיט איהר מאן און זיי האָבען געזעהן פון ווייטען ווי איד, וועלכער האָט גע־האלטען א לאמבארד און פלעגט פארלייהען געלט אויף משכנות, שטעהט און קלאפּט אוים שטויב פון קליידער.

רופט זיך אָפּ ר' שלמה אין א געלעכטער:

— דאָס איז אבק רבית.

— און דיינע רייד זיינען — „אבק לשון הרע". — האָט די קלוגע פרוי געענטפערט.

---

## פאַר וואָס ניט?

דעם מהרש"ל'ס ווייב איז געווען איינגעלאדען צו א שמחה ביי א חשוב'ן בעל־הבית פון שטאָט. ביי דער שמחה איז אויך געווען דער „בורגמייסטער" פון שטאָט, א פארבאָרגענער שונא

ישראל. ווען זיי זיינען געזעסען ביים טיש, רופט זיך אָפּ דער „בורגמייסטער" צו דער רבי'צין:

— איך האָב געהערט מען ריהמט אייך פאר א קלוגע פרוי, ערקלערט מיר, פאר וואס ווען מען פרעגט עפּעס א פראגע ביי א אידען, וועט ער קיינמאָל ניט ענטפערען גלייך, נאָר ער וועט ענטפערען צוריק מיט א פראגע.

— פארוואָס טאקע זאל ער ניט ענטפערען מיט א פראגע?

— האָט איהם די רבי'צין גלייך געענטפערט.

———:———

## טאָמער דוכט זיך עס איהר.

צום מהרש"ל איז אמאָל געקומען אן אורח הגון. האָט איהם די רבי'צין, וועלכע איז אליין געווען א מלומדת און מכבד געווען תלמידי-חכמים, גראַסארטיג אויפגענומען.

ביינאכט, האָט זי איהם אליין אויסגעבעט דעם געלעגער, און אונטערגעלעגט צוויי פּערינעס מיט עטליכע קישענס צו־קאָפּענס. אויף אין דער פריה זאָגט דער אורח צו דער רבי'צין:

— האָט איהר עס, רבי'צין, מיר אויסגעבעט אזא ווייכען געלעגער, אז איך האָב געמיינט, איך ליג אין פּוטער.

— פארשטעהט איהר מיך — האָט די רבי'צין געענט־פערט — „אשה עיניה רעה באורחים", ווען איך האָב אייך אויסגעבעט מיט איין פּערענע, האָב איך געטראכט, עס איז גענוג ווייך, איך בין אבער געווען מסופקת, טאָמער דוכט זיך עס מיר, ווייל ווען מען קוקט מיט אן עין רעה, איז אלץ גענוג, האָב איך דעריבער געמאכט אזוי ווייך, עס זאל זיין לכל הדעות.

———:———

## דער ערשטער געגען צווייטען.

די אלמנה פון רבי יום טוב ליפמאן העלער, דער מחבר פון „תוספות יום-טוב“ איז געווען א געלעהרטע פרוי. זי האָט אויך גוט געקענט תלמוד. א צייט נאָך איהר מאנ'ס טויט האָט מען איהר גערעדט א שדוך און גראדע האָט מען דעם פארגעשלאָגענעם מאן אויך גערופען יום טוב, האָט די פרוי געזאָגט:
„יום טוב שני לגבי ראשון כחול“. (דער אנדערער יום-טוב געגען ערשטען איז ווי וואָכענטעג).

---

## פון וואנען מען שטאַמט.

די שטעטעל איז געווען צופרידען מעהר מיט דער רבי'צין ווי מיט'ן רב. דער רב, כאָטש ער איז געווען א גרויסער גאון, איז ער אבער אויך געווען נאָך א גרעסערער תמים. ער האָט אלעמען געגלויבט און ביי א דין-תורה פלעגט יעדער שווינדלער איינריידען דעם רב, אז ער רעדט אמת און קיינמאָל קיין אומרעכט ניט געטאָן. דערפאר, די רבי'צין פלעגט שוין מיט איין קוק פון איהרע אויגען גלייך דערקאנען, ווער עס רעדט אמת און ווער שקר.

אז מען האָט עס דערצעהלט דעם רב, אז די רבי'צין איז קליגער פון איהם, האָט ער געזאָגט:

— עס איז ניט קיין וואונדער. זי האָט זיך עס אויסגעלערנט ביי איהרע עלטערן אין הויז. ביי יצחק און רבקה'ן געפינען מיר אויך אזוי. יצחק האָט ליעב געהאט עשו'ן, און האָט ניט געוואוסט אז ער איז א רשע, און רבקה האָט איהם פיינט געהאט. זי האָט איהם גלייך דערקענט ווער ער איז. ווייסט איהר פאר וואָס דאָס איז? ווייל יצחק'ס טאטע איז געווען אברהם, האָט

ער דאַרט קיין שווינדלער ניט געזעהן, איז ער ניט געווען קלוג צו פארשטעהן; אבער רבקה׳ס טאטע איז געווען לבן, דאַרט האָט זי זיך אויסגעלערנט צו פארשטעהן אלע מינים שווינדלער.

———:———

* *
*

א רב האָט אמאָל גע׳דרש׳ט: „ותצא מרים בתופים ובמחולות“, ווען מרים וואָלט ניט כאפען דעם פויק, פארטויבען די אויערן, מען זאָל ניט הערען וואס זי זינגט, וואָלטען אלע זיך גלייך געכאפט, אז זי זינגט איבער איהר ברודער משה׳ס „אז ישיר“.

———:———

## אַז ער וועט בעטען גאָט, וועט ער האָבען וועש אויך.

אַ לערנער האָט גענומען א רב׳ס א טאָכטער פאר א ווייב. דעם רב׳ס טאָכטער איז געווען זעהר קלוג און פרום, אָבער אויף איהר מאן האָט זי געהאט א חשד, אז ער איז ניט אזוי פרום ווי ער מאכט זיך פאר איהר.

איינמאָל איז דער מאן געפאָהרען אין א גרויסע שטאָט האנדלען, האָט זיין ווייב, די בת הרב, חושד געווען אז ער וועט דאַרט אפילו ניט דאווגען, אז דער מאן האָט איהר געבעטען איינפאקען איהם די נויטיגע זאכען צום וועג, האָט זי גענומען און אריינגעלעגט די וועש אין תפלין זעקעל.

אז דער מאן איז געקומען אין שטאָט, האָט ער זיך געאיילט איבערצוטאָן די וועש. ער האָט אבער איבערגעזוכט דעם גאנ־צען טשעמאדאן און די וועש ניט געקענט געפינען.

ער האָט זיך גלייך אוועקגעזעצט און אָנגעשריבען דער ווייב אַ בריוו:

„מיין ליבע פרוי! דאָס נויטיגסטע האָסטו פארגעסען מיר מיטצוגעבען; דו האָסט פארגעסען אריינצולעגען די וועש".

אין א פאָר טעג ארום האָט ער באקומען אן ענטפער פון זיין ווייב:

„מיין ליבער מאן! בעט גאָט, ועסטו האָבען וועש אויך."

---

# פון רב — רעב.

ר' שמשון סוכאוואליער רב'ס ווייב, איז געווען א גרויסע מלומדת אין דער העברעאישער שפראך, איז אבער געווען א קארגע און פלעגט ניט וועלען ליידען, ווען ר' שמשון פלעגט בריינגען אורחים צום טיש. איינמאָל זאָגט צו איהר ר' שמשון:

— זעה, ליפשע, דו מוזט עס ווייזען, אז די חכמים זיינען געווען גערעכט, ווען זיי האָבען געזאָגט: „אשה עינה רעה באורחים".

— ביי א רבי'צין האָבען דאס די חכמים ניט געזאָגט — האָט די רבי'צין געענטפערט — דעם רב'ס „עין" אליין מוז זיין א „רעה", ווייל א רב מיט א גוטען „עין" ווערט פון רב — א רעב.

---

# ווי מען בעט פאר זיך.

ר' וועלוועלע בוטנער'ס ווייב איז געווען א גרויסע מכנסת-אורחים. איז געקומען צו איהר אן אורח, האָט זי איהם ניט אָפּ-געלאָזט, זי האָט איהם געגעבען עסען און טרינקען פון דאס בעסטע און איהם אליין משמש געווען.

איינמאָל איז צו ר' וועלוועלען געקומען אן אורח הגון, האָט

זיך די רבי׳צין שטארק מתעסק געווען ארום איהם, און ביינאכט האָט זי אליין פאר איהם אויסגעבעט דעם געלעגער און עטליכע מאָל איבערגעקוקט, עס זאל איהם זיין ווייך און ווארים. דעם אורח איז געווען פריקרע, און ער האָט צו איהר געזאָגט:

— צו וואָס, רבי׳צין, דארפט איהר זיך אזוי פיעל מטריח זיין און נאָך אליין בעטען פאר מיר?

— איך בעט נים פאר אייך — האָט זי איהם געזאָגט — איך בעט פאר מיר.

———:———

# וואָס איהר איז.

די רבי׳צין פון פילווישאקען האָט זיך זעהר פיעל אָנגע־הערט פון דעם דייטשען פראָפעסאר פאָן לאדען, זיינע וואונדער ווי ער היילט אוים אלע קראנקהייטען, און האָט באשלאָסען זיך לאָזען פון איהם אונטערזוכען.

ווען דער פראָפעסאר האָט איהר באטראכט, פרעגט ער איהר אויף וואס קלאָגט זי זיך; האָט די רבי׳צין אָנגעהויבען:

— זייט מיר מוחל, הער פראָפעסאר, איך האָב שמערצען אין קאָפּ, אויף אלע רשעים געזאָגט געוואָרען; קרעמפּפען אין בויך, ניט פאר קיין אידיש קינד געדאכט; עס רייסט מיר אין די הענט, זאָל השם יתברך זיך מרחם זיין; עס טשאפּט מיר דאס הארץ און ברעכען די ביינער, א קלאָג איז צו מיר, אז איך קען ניט הערען און ניט זעהן, נאָר צוליב דעם בין איך פונ־דעסטוועגען צו אייך ניט געקומען; איך פיהל מיך אינגאנצען ניט געזונד — אָט צוליב וואס איך בין דאָ ביי אייך.

———:———

## דעם רב׳ס טאָכטער.

אַז די טאָכטער זאָל זיין א פרומע אידישע טאָכטער, האָט שוין די רבי׳צין געזאָרגט. זי האָט איהר געלערנט אלע נויטיגע דינים און איהר דערהויפט אָנגעזאָגט זיך אָפּהיטען אין פליי־שיגס און מילכיגס, ניט אויפמישען די כלים צוזאמען. איינ־מאָל איז די רבי׳צין קראנק געוואָרען און מען האָט גערופען א דאָקטאר. דער דאָקטאר האָט געוואָלט א קוק טאָן די רבי׳צין אין האלז און געהייסען ברייננגען א לעפעל.

מיט היץ איז די טאָכטער אוועקגעלאָפען אין קיך ברייננגען די לעפעל, אבער איז תיכף געקומען צוריק און געפרעגט:

— הער דאָקטאר, וועלכע זאָל איך ברייננגען — א פליישיגע אָדער א מילכיגע?

———:———

## א טענה צום רבונו של עולם.

געהט חנה שרה די „זאָגערקע" מוצאי יום־כפור פון שוהל, פארטשעפּעט זיך ביים שוועל פון הויז און פאלט, זאָגט זי וויי־נענדיג:

— רבונו של עולם! צו איך האָב ביי דיר גע׳פועל׳ט מיט מיין וויינען און קלאָגען א גאנצען טאָג, צו ניט, אָבער שטויסען באַדאַרפסטו דאָך מיר ניט.

———:———

# ב.
# מגידים



## אלע זאָגען גוט, ער נאָך בעסער.

דער כוואוינער מגיד פלעגט זאָגען:

— אלע מגידים זאָגען, אז קיין מגיד קען ניט דרשה'נען, נאָר ער אליין זאָגט אויסגעצייכענט איך, אָבער, דער כוואוינער מגיד, זאָג, אלע מגידים דרשה'נען זעהר און זעהר גוט, און איך, דער כוואוינער מגיד, נאָך בעסער פון זיי אלעמען.



## ער וועט קריינען, וועט מען זיך דערמאנען אָן אלעמען.

אַז ווילנא האָט באשלאָסען נעהמען א שטאָט-מגיד, האָבען די מורי-הוראה'ס פון שטאָט דאָס ניט געוואָלט לײדען. זיי האָבען מורא געהאט, אז קהל וועט ניט האָבען גענוג געלט פאר אלעמען און מען וועט זיי מוזען פארקלענערען די שכירות. ווען דער שטאָט-מגיד איז געקומען אין ווילנא, האָבען זיי, דעריבער, אויף איהם געקוקט מיט א קרומע אויג.

— איהר זייט א מסיג גבול, — האָבען זיי צו איהם גע־טענה'ט — מיר האָבען אליין קוים אויף צו לעבען, און איצט וועט איהר נאָך צוקומען.

— זייט רוהיג — האָט זיי דער שטאָט-מגיד געענטפערט — איך וועל אייך געבען א משל: א בעל-הבית'טע האָט אמאָל גע־

האָדעוועט היהנער. זי האָט די היהנער געהאלטען אין קאטוך*). ביי דער בעל-הבית׳טע איז אבער דער קאָפּ געווען פארדרעהט, פלעגט זי אָפט פארגעסען געבען די היהנער עסען. די היהנער פלעגען הונגערען און שטיל קוואקטשען. איינמאָל האָט די בעל-הבית׳טע געקויפט א האָהן און איהם אריינגעווארפען אין קאטוך. פון דאן אָן האָט שוין קיינער ניט געליטען קיין הונגער. דער האָהן פלעגט הויך קרייען, פלעגט זיך די בעל-הבית׳טע דערמאנען און ברייגגען עסען אויך פאר די היהנער. די זעלבע איז מיט מיר, אז איהר זייט געווען אליין אין שטאָט, האָט קיינער פון אייך ניט געטראכט, אָבער איצט, וועל איך אָנהויבען צו קרייען דרשות, אז מען וועט זיך דערמאנען אָן מיר און אָן אייך, און מיר וועלען אלע לעבען א גוטען טאָג.

———:———

## די מזיקים וועלען ניט איינפאלען.

אין א קליינער שטעטעל האָט אמאָל א באקאנטער געטראָפען דעם דובנער מגיד געהענדיג שפעט ביינאכט איינעם אליין אין גאַס.

—איך בין נשתומם, — זאָגט דער באקאנטער — ווי האָט איהר עס קיין מורא ניט צו געהן אליין אזוי שפעט, איהר ווייסט דאָך דעם מאמר חז״ל: „תלמיד חכם אל יצא יחידי בלילה מפני המזיקין“.

— עס מאכט ניט אוים, — האָט דער דובנער געענטפערט — א תלמיד-חכם אין אייער שטאָט איז אזא זעלטענהייט, אז די מזיקים וועלען גאר ניט איינפאלען איהם ביי אייך צו טרעפען.

———:———

*) „קאטוך“, אזא לאָך אויסגעמויערט אין אויוועז ביי דער ערד, אויף צו האלטען עופות.

#ביידע מעלות אין איינעם.

דער דובנער מגיד האָט אמאָל אָפּגעזאָגט א דרשה און נישט געענדיגט, ווי דער שטייגער פון מגידים איז, מיט די ווערטער „ובא לציון גואל במהרה בימינו ונאמר אמן“.

קיינער האָט ניט געהאט די העזה איהם איבערפרעגען. אויסער איינער, קענטיג א גרויסער קבצן, האָט איהם מיט א חוצפה'דיגען טאָן געפרעגט:

— רבי, וואָס איז די מעשה, וואס איהר האָט ניט געענדיגט אייער דרשה מיט „ובא לציון גואל“?

— איך וועל דיר זאָגען, — האָט איהם דער דובנער ערקלעהרט — ס'איז א שטענדיגע מחלוקת צווישען די גבירים מיט די אָרימע לייט. די גבירים זאָגען: צוליעב אונז וואָלט שוין משיח לאנג געקומען, ווייל עס שטעהט „בעקבתא דמשיחא חוצפא יסגי“, איידער משיח וועט קומען וועט זיין אויף דער וועלט א סך חוצפה, און מיר גבירים האָבען טאקע גענוג עזות אין זיך, נאָר איהר אָרימע לייט מיט אייערע רחמנות-פּנים'לאך זייט מעכב די גאולה. טענה'ן אבער די אָרימע לייט פארקערט: פון אונזער זייט וואָלט שוין משיח לאנג געקענט קומען, ווייל עס שטעהט: אז איידער משיח וועט קומען וועט זיין „כלתה פּרוטה מן הכיס“, קיינער וועט קיין געלט ניט האבען. מיר קבצנים האָבען שוין לאנג ניט דעם מין, נאָר איהר גבירים מיט אייערע אפּיתוקא'ס זייט מעכב די גאולה. אזוי איז א שטענדיגע מחלוקת. נאָר ביי דיר, ווייזט אויס, האָבען זיך צוזאמענגעטראָפען ביידע זאכען, אן עזות פּנים ביזטו א גרויסער און קיין פּרוטה האָסטו אויך נישט ביי דער נשמה, פון דיינטוועגען קען מען טאקע ענדיגען „ובא לציון גואל במהרה בימינו, אמן“.

———:———

# אַ פאַרקערטע וועלט.

דער דובנער מגיד איז געווען אַ גרויסער געגנער פון די חסידים, און ביי יעדער געלעגענהייט איז ער אָפען געגען זיי אַרויסגעטראָטען. איינמאָל איז דער דובנער מגיד איינגעשטאַנען אין אַן אכסניה אין אַ שטעטעל, וואו ער האָט זיך געגרייט האַלטען שבת אַ דרשה. פּלוצלינג האָט דער מגיד דערהערט דורכ'ן פענסטער געזאַנג און טענץ. ער איז אַרויס אין דרויסען אַ קוק טאָהן, און זעהט ווי אַ גרויסע מחנה חסידים טאַנצען און זינגען אַרום זייער רבי'ן רבי בער, דער מעזעריטשער מגיד, און נעמען זיך פאַרפאַהרען אין דער זעלבער אכסניה. דער דובנער האָט זיך געוואָלט אַריינכאַפּען צוריק אין הויז און זיך פאַרבאַהאַלטען. די חסידים האָבען איהם אָבער באַמערקט און האָבען זיך אַלע אַ לאָז געטאָן צו איהם מיט קולות: „אָט איז ער, דער דובנער, אונזער שונא", „לאָמיר זיך אָפּרעכענען מיט איהם". די חסידים האָבען איהם אַרומגערינגעלט און געוואָלט איהם שלאָגען, אָבער אַז דער רבי, רב בער, האָט זיך דערוואוסט האָט ער געהייסען דעם מגיד ניט אָנרירען און ברייינגען איהם צו איהם. ווען מען האָט דעם דובנער געבראַכט פאַר רבי בער'ן, זאָגט צו איהם דער רבי:

— דו זעהסט דאָך, וואָס די חסידים ווילען פון דיר דאָ מאַכען. אויב דו וועסט מיר זאָגען אַ גלייך־ווערטעל, וועל איך דיר, אָבער, אויסהיטען.

— איך האָב אַ גוט וואָרט, אָבער איך האָב מורא, ווען די חסידים וועלען עס הערען, וועלען זיי ערשט מיך שלאָגען נאָך מעהר.

— איך פאַרזיכער דיר, אַז קיינער וועט דיך ניט אָנרירען — האָט רבי בער געזאָגט.

— היינט איז מיר ווידער באַשטעטיגט געוואָרען, וואס איך

זאָג שטענדיג אויף אייך חסידים — האָט דער דובנער געזאָגט — אַז ביי אייך איז א פארקעהרטע וועלט. אומעטום איז עס געוועגליך, אז די ציגיינער שפילען און דער בער טאנצט; ביי אייך איז אָבער פונקט פארקערט, דאָ שפיעלט דער בער און די ציגיינער טאנצען.

———:———

## דאָ איז אבא אַ הונט.

דער דובנער מגיד איז אמאָל אָנגעקומען אויף א שבת אין א שטאָט דרשנ׳ען. ארויסגעהענדיג, זונטאג, מיט׳ן שמש צוזאמענצונעהמען פאר דער שבת׳דיגער דרשה, זיינען זיי אויך אריין צום שטאָט-גביר, ר׳ אבא, זעהר א קמצן.

דער גביר האָט דערזעהן דעם דובנער מגיד, האָט ער מורא געהאט איהם אָפּזאָגען און איהם געגעבען צוויי רוסישע גילדען.

דעם מגיד האָט די קארגע נדבה זיינע פארדראָסען, זאָגט ער צום גביר, ר׳ אבא׳ן:

— איך וויל אייך דערצעהלען וואס מיט מיר האָט געטראָפען: אמאָל אן ערב פסח זייענדיג אונטערוועגס, האָב איך פארבלאָנדזשעט. א גאנצען טאָג בין איך אַזוי ארומגעוואנדערט אין וואלד ביז ענדליך אין אָוועגט בין איך אָנגעקומען אין אַ דאָרף. אריינקומענדיג אין קרעטשמע, האָב איך געטראָפען דעם קרעטשמאר מיט א האק און דעם זוהן מיט אן אייזען, גרייט איינער דעם צווייטען צו דער׳הרג׳נען. דערזעהענדיג מיך, רופט זיך אָפּ דער פאטער: „יעצט וועלען מיר וויסען ווער עס האָט רעכט“, און ער דערצעהלט מיר, אז דאָס איז זיין זוהן. ער האָט איהם געוואָלט מאכען פאר א לייט. צעהן יאָהר האָט ער איהם אָפּגעהאלטען אין שטאָט, געגעבען איהם לערנען, און יעצט, אז ער האָט איהם געפרעגט דעם טייטש פון „דזבין אבא

בתרי זוזי", זאָגט ער, „דזבין — געקויפט" ; אבא — א הונט", „בתרי זוזי — פאר צוויי גילדען". איך זאָג „אבא — איז אַ טאטע" און ער זאָגט „אבא — איז א הונט". נו, האָבען מיר זיך אזוי לאנג געשפּארט, ביז... איהר זעהט דאָך.

בין איך געבליבען שטעהן און ניט געוואוסט וואס צו טאָן, זאָל איך זאָגען, אז „אבא" איז א טאטע, קען מיר נאָך דער זוהן דערלאנגען מיט'ן אייזען, זאָל איך זאָגען, אז „אבא" איז א הונט, וועט מיר נאָך דער פאָטער געבען מיט'ן האק איבער'ן קאָפּ. בין איך געפאלען אויף א פּלאן און געזאָגט : איהר האָט ביידע רעכט.. איבעראל איז אבא טאקע א טאטע, נאָר אבא פאר צוויי גילדען איז א הונט.

———:———

## קריכען אין בלאָטע.

דער דובנער איז אמאָל געקומען צו א גביר א קמצן בעטען א נדבה פאר א נויטיגע צדקה. ס'איז געווען הערבסט-צייט, נאַס און בלאָטיג, און ביים דובנער זיינען די שטיוועל געווען שטארק פארשמוצט.

דער גביר, דערזעהענדיג דעם דובנער, האָט פארשטאַנען, אַז ער איז געקומען נאָך א נדבה און אָנגעהויבען שרייען מיט כעס :

— ווי קריכט איהר דאָס מיט אייערע שמוציגע שטיוועל צו מיר אין הויז ? האלט איהר אָנטאָהן קאלאשען !

— איך האָב ניט געוואוסט, — האָט דער דובנער קאלט געענטפערט — אז איך וועל דארפען קריכען אין אַזאַ בלאָטע.

———:———

## דעם דובנער מגיד'ס אַ פסוק.

דער דובנער מגיד, ווי עס איז באוואוסט, פלעגט זעהר פיעל ארומפאָהרען. איינמאָל קומט ער אריין אין א וואקזאל און גע־פינט דאָרט א כאפטע בחורים און מיידלאך, וואָס האָבען זיך געלאָזט וואויל געהן מיט עסען און טרינקען.

דערזעהן דעם דובנער מגיד, האָבען חברה אויסגעשריען:

— ברוך הבא! אליהו הנביא איז דאָ!

דער דובנער מגיד האָט א קוק געטאָן אויף די יונגעלייט און געזעהן, אז זיי זיינען פון די אמת'ע לצים, רופט ער זיך אָן צו זיי:

— יע, יע, יונגעלייט, איהר זייט גערעכט, איהר האָט גע־טראָפען א גמרא „כלבים משחקים אליהו הנביא בא לעיר“.

---

## אַ פסוק פאר א פסוק.

דער דובנער מגיד איז פארבייגעגאנגען דאס הויז פון א גרויסען אפיקורס, אז דער אפיקורס האָט דערזעהן, אז דאס איז דער דובנער מגיד, האָט ער אָנגערייצט דעם הונט. דער דובנער האָט אבער מיט זיך געהאט א שטעקען, האָט ער דעם הונט מכבד געווען א שעהנע פּאָרציע קלעפּ. דער אפיקורס האָט דאס דערזעהן און האָט אָנגעהויבען שרייען: „רשע, למה תכה את רעך?“ האָט איהם דער דובנער גלייך געענטפערט:

— אחיכם יבואו למלחמה ואתם תשבו פה?

---

## ער וועט זיין דער דריטער.

ר' יעקב דער דובנער מגיד איז אמאָל געקומען צו א נגיד א קמצן, ער זאָל איהם געבען א נדבה פאר צרכי צבור. דער גביר האָט, ווי זיין שטייגער, זיך אָפּגעזאָגט פון געבען.

וועקגעהענדיג האָט זיך דער דובנער אָפּגערופען צום קמצן:

— וויסען זאָלסטו, אז דו וועסט האָבען עולם הבא.

— ס'טייטש, — האָט זיך דער קמצן געוואונדערט — דער־פאר וואס איך וויל ניט געבען, וועל איך נאָך האָבען עולם הבא?

— פארשטעהסטו מיך, — האָט דער דובנער מגיד געענט־פערט — איך וועל דיר דערצעהלען א מעשה שהיה, וועסטו שוין פארשטעהן פארוואָס דיר קומט עולם הבא. א קמצן האָט אנומעלט איבערגעלאָזען א צוואה, אז זיין גאנצען פארמעגען זאָל מען איהם מיטגעבען אויף יענער וועלט. ווען ער איז גע־קומען פאר'ן בית דין של מעלה און מען האָט איהם געפרעגט, פארוואס ער האָט ניט געגעבען קיין צדקה אין זיין לעבען, האָט ער געענטפערט, אז ער האָט אלע זיינע יאהרען מורא געהאַט, טאָמער וועט זיין צדקה־געלט אריינפאלען אין ניט קיין אָרענט־ליכע הענט און ער האָט ניט געוואָלט, אז זיין געלט זאל געהן לאבוד, יעצט אָבער אויפ'ן עולם האמת איז ער זיכער, אז זיינע געלט וועלען אריינפאלען אין ריכטיגע הענט.

דער בית דין של מעלה האָט באשלאָסען, אז אויב מען וועט געפינען נאָך צוויי מענשען וואס וועלען טאָן ווי דער קמצן האָט געטאָן, וועט מען איהם געבען עולם הבא.

מען האָט נאָכגעזוכט און מען האָט דערווייל געפונען נאָר איינעם, דאָס איז קרח, וואס איז, כידוע, באגראבען געוואָרען צוזאמען מיט זיין געלט. קיין דריטען האָט מען דערווייל ניט געפונען. יעצט זעה איך, — האָט דער דובנער מגיד פארענ־דיגט, — אז דו וועסט זיין דער דריטער, און דערפאר בין איך זיכער, אז דו וועסט האָבען עולם הבא.

———:———

# גרעסערע קענער.

דער דובנער מגיד האָט זיך שבת אין אן אכסניה געטראָפען מיט א חברה אפיקורסים, פרייע יונגען, וועלכע האָבען גערוי־כערט פאפיראָסען און מחלל שבת געווען בפהרסיה. האָט זיי דער דובנער אויסגערעדט, ווי שעהמען זיי זיך דאָס ניט צו טאָן פאר איהם אין די אויגען. האָט איהם איינער אָנגעהויבען פרעגען:

— וואו שטעהט עס, אז מען טאָר ניט רויכערן?

האָט זיי דער דובנער געענטפערט:

— קיין ויכוחים פיהר איך מיט אייך ניט, ווייל איהר זייט גרעסערע קענער פון מיר.

— אויב אזוי, ווייסען מיר דאָך בעסער, — האָט דער חברה־מאן געזאָגט.

— דאָס הויבט זיך נאָך גאר ניט אָן — האָט זיי דער דוב־נער געענטפערט, — איך מיין גרעסערע קענער, ווייל איהר קענט וואס א איד א שומר מצוה קען ניט. למשל, איך שטעה אויף אין דער פריה און וויל טרינקען א גלאָז טהיי — קען איך ניט, כ'האָב נאָך קיין נעגעל־וואסער ניט אָפגעגאָסען; טרינק איך אָפּ די טהיי און וויל עסען — קען איך ווייטער ניט: איך האָב נאָך ניט געדאווענט, און אזוי כסדר, איך קען ניט עסען איידער איך וואש די הענט, איידער איך מאך אן המוצא — אָבער איהר, פרייע, קענט אלץ וואָס איך און מיין גלייכען קענען ניט.

———:———

# אויך ניט אומזיסט.

מען האָט אמאָל געפרעגט ר' יעקב'ן, דעם דובנער מגיד:

— דו שטראפסט דאָך די אידען און דו בעטסט נאָך געצאָלט?

האָט ר' יעקב געענטפערט:

— אפילו גאָט ברוך הוא איז אויך אזוי — ער שטראָפט אויך ניט אומזיסט...

---

## נאָך מעהר מחמיר פון רבינו גרשום.

דער רייצער מגיד האָט זיך אמאָל געטראָפען אין א וואגאָן פאָהרענדיג צוזאמען מיט צוויי רבנים פון דעם נייעם סטיל, פילאָסאָפיע דאָקטוירים, און ער האָט געזעהן ווי זיי פארברייננגען שטארק מיט א שעהנע פרוי און שמייכלען צו איהר לעבעדיג.

האָט דער מגיד צו זיי געזאָגט:

— איצטער זעה איך, אז אזוינע רבנים ווי איהר זייט נאָך פרימער פון רבינו גרשום מאור־הגולה.

— ווי אזוי? — האָבען די רבנים אָנגעשטעלט א פּאָר אויגען.

— פארצייטען — האָט זיי דער רייצער מגיד געענטפערט — פלעגט יעדער איד מעגען נעמען צוויי ווייבער און נאָך מעהר, איז געקומען רבינו גרשום און ארויפגעלעגט א חרם, אז יעדער איין איד מוז זיך באנוגענען מיט איינע. איצטער זעה איך, אז איהר זייט נאָך מעהר מחמיר פון רבינו גרשום און איהר צוויי באנוגענט זיך גאָר מיט איינע.

---

## אויך א דאָקטאָר.

דער רייצער מגיד פלעגט זאָגען:

עס זיינען דאָ דריי מינים דאָקטוירים: „סומך נופלים“ — א דאָקטאר פאר פאַליגע; „רופא חולים“ — א דאָקטאר פאר אלע מחלות; „מתיר־אסורים“ — א רב, א דאָקטאר פילאסאָפיע, וואס איז מתיר אלע אסורים אין דער וועלט.

---

## ער באהאלט זיך אינגאנצען.

דער רייצער מגיד האָט גע׳דרש׳ט אין שוהל און איז אויפ־מאָרגענס געגאנגען איבער׳ן שטאָט אויפקלייבען פאר דער דרשה. ווען ער איז אריין צו א קארגען גביר אין הויז, האָט דער מגיד באמערקט ווי דער גביר האָט געכאפּט און זיך באַהאלטען ערגעץ אין א ווינקעל. די דינסט האָט געזאָגט דעם מגיד, אז דער גביר איז ניטאָ אין הויז. פארנאכט האָט דער רייצער מגיד געטראָפען דעם גביר אין גאַס און זאָגט צו איהם אזוי:

— דורך אייך פאַרשטעה איך א שווערען מאמר חז״ל. דער תלמוד זאָגט „גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה“. ווען די שכינה האָט זיך באוויזען צו משה׳ן, האָט ער נאָר פאַר־שטעלט זיין פנים, און ווען צו אייך קומט אן אורח, באהאלט איהר זיך אינגאנצען.

---

## נאָך צוויי גוטע ווערטער פון רייצער.

### א.

דער רייצער איז אריינגעקומען צו א קארגען אין הויז בע־טען א נדבה, נעמט דער קארגער און ווארפט איהם ארויס. זאָגט צו איהם דער רייצער:

— איהר זייט א „מדקדק במצות“. די חכמים זאָגען „יהי ביתך פתוח לרוחה“, דו זאָלסט האלטען דיין הויז ברייט אָפען און איהר טהוט אויך אזוי: איהר האלט אָפען די הויז כדי — יענעם ארויסווארפען.

---

ב.

אן אנדערען קארגען האָט דער רייצער גערופען: „קדוש“ און ער האָט ערקלעהרט דעם טעם:

— די גמרא זאָגט, מען האָט דעריבער גערופען ר׳ יהודא הנשיא „רבינו הקדוש“, ווייל ער האָט די הענט ניט אראָפּגע־לאָזען נידריגער פון גארטעל. דער קארגער טוט אויך אזוי, ער האלט דעם בייטעל אין די הויזען־קעשענע און לאָזט דאָרט קיינמאָל ניט אראָפּ די הענט.

---

## פריהער די ערד, דערנאָך דער מענש.

דער רייצער מגיד איז איינמאָל אין א רעגענדיגען טאָג גע־קומען צו א רייכען מאן אין הויז בעטען א נדבה.

דער רייכער האָט דעם רייצער גאר ניט אריינגעלאָזען אין שטוב, ווייל ער האָט געהאט שמוציגע שיך.

— איהר האָט גאָט׳ס מעלות, — האָט דער מגיד ארויסגע־הענדיג געזאָגט צום גביר.

דער גביר איז געוואָרען נייגעריג צו וויסען, וואס דער מגיד מיינט און איהם גערופען צוריק.

— גאנץ איינפאך, — זאָגט דער מגיד, — אויף גאָט זאָגען מיר אלע טאָג, אז ער איז „מרחם על הארץ“ (האָט רחמנות אויף דער ערד) און דערנאָך „מרחם על הבריות“ (האָט רחמנות אויף לייטען) איהר זייט אויך אזוי, פריהער די ערד דערנאָך דער מענש.

---

## ער וועט שוין פארזאָגען זיינע קינדער.

אַ מגיד האָט פארבלאָנדזשעט אין אַן אָרימע שטעטעל, וועל־כע איז נאָך געווען דערצו אויך שלעכט ווי סדום, און האָט אפילו דעם מגיד איינמאָל אפעסען ניט געגעבען. דער מגיד האָט גע־נומען זיין קעסטעלע און גלייך פארקירעוועט ווייטער. ביים אוועקגעהן, זאָגט ער צום גבאי פון שוהל:

— וואָס איך בין צו אייך געקומען, טוט מיר א הנאה. מיר פארדריסט נאָר, וואס מיין פאטער איז ביי אייך ניט געווען.

— וואָס מיינט איהר דערמיט? — פרעגט איהם דער גבאי.

— גאנץ פשוט, ווען מיין פאָטער וואָלט דאָ געווען, וואָלט איך שוין דאָ פארשפאָרט צו זיין. יעצט וועל איך עס שוין פאר־זאָגען מיינע קינדס־קינדער, זיי זאָלען דאָ ניט קומען.

---

## ער פארטרויט איהם אַ סוד.

אַ מגיד איז געגאנגען איבער'ן שטאָט קלייבען נדבות נאָך א דרשה אין שוהל. ער איז אויך אריין צו דעם גביר פון שטע־טעל, וועלכער איז אבער געווען מעהר קמצן ווי רייך. האָט איהם דער גביר אָפּגעזאָגט און געהייסען געהן. האָט דער מגיד זיך גע־שטעלט אמפערן מיט'ן גביר און איהם גע'מוסר'ט, אזוי אז דער גביר האָט אויסגעשריען:

— איהר געהט אַוועק, ווייל איך וואַרף אייך ארויס ווי א הונט.

— איך געה, — ענטפערט דער מגיד — אָבער איהר מוזט נאָך אויסהערען דעם וואָרט. די וועלט וואונדערט זיך, פאר וואָס ווען א הונט יאָגט א חזיר, כאפט ער איהם פאר'ן אויער?

איך וויים אבער א טעם: די גמרא זאָגט, אז ס'איז ניטאָ קיין גרעסערער אָרימאַן ווי א הונט, און ס'איז ניטאָ קיין רייכערער פון א חזיר. זאָגט עס דער הונט א סוד דעם חזיר אין אויער: „ווי באלד דו ביזט אזוי רייך, טו פארוואס ביזטו אזא חזיר?"

———:———

## פאסט פאר „פרשת פרה".

א מגיד האָט אָפּגע'דרשה'ט א פּאָר שעה און די רייד זיינען געווען אָהן א טעם, עס האָט זיך ניט געקלעפּט איין וואָרט צום אנדערען.

דער מגיד האָט נאָך געמיינט, אז ער האָט געזאָגט אַן אוים-נאַם און געפרעגט דעם רב, וואָס זאָגט ער צו זיין דרשה.

— איך מיין, — זאָגט דער רב, — אז אייער דרשה וואָלט זיך בעסער געפּאסט פאר „פרשה פרה".

— וואָס עפּעס? — פרעגט דער מגיד.

— גאנץ איינפאך, — ענטפערט דער רב — די פרה איז אָהן א טעם און אייער דרשה האָט אויך קיין טעם ניט געהאט, וואָלטען זיי געפּאסט איינער צום אנדערען.

———:———

## זיין שולד.

ווען דער מגיד האָט געהאלטען די דרשה, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט א שטארקער כראָפּען פון א אידען, וואָס איז איינ-געשלאָפען.

— שמש, וועקט אויף דעם אידען! — האָט דער מגיד א געשריי געטאָן.

דעם שמש האָט פארדראָסען די עזה פון מגיד, ווי ער באַ-פעהלט עם איהם אזוי, און האָט גלייך געענטפערט:

— איהר אליין, רבי, דארפט עס טאָהן. איהר האָט איהם איינגעשלעפערט, דארפט איהר איהם אויפוועקען.

---

## ער גנב׳עט דעם שכל אליין.

א מגיד האָט געהאלטען א דרשה און זעהר אויסגענומען ביים עולם. ביי דער דרשה איז אויך געזעסען דער רב, וועלכער האָט געוואוסט, אז די גאנצע דרשה האָט דער מגיד ארויסגע־גנב׳עט ערגעץ פון א ספר.

נאָך דער דרשה רופט אָפּ דער רב דעם מגיד און זאָגט:

— אז איהר זאָלט האלטען נאָך אזוינע דרשות, וואָלטען מעהר קיין גנבים ניט געווען אויף דער וועלט.

— ווי אזוי? — וואונדערט זיך דער מגיד.

— גאנץ פשוט, — זאָגט דער רב — מיט וואס גנב׳עט א גנב? — מיט שכל! איהר גנב׳עט דאָך אבער צו דעם שכל אליין, וועלען גנבים ניט האָבען מיט וואס צו גנב׳ענען.

---

## „בא“ און „בשלח“ צוזאמען איז א נייעס.

אן אָרימער מגיד האָט זיך געווענדט צו דעם גבאי פון בית המדרש, ער זאָל איהם געבען עפּעס שטיצע פון שוהל. דער גבאי האָט איהם אָפּגעזאָגט, און איהם געגעבען די עצה, ער זאָל פאָהרען אין דער נאָהנטער שטעטעל, דאָרט וועט מען איהם געבען.

האָט דער מגיד איהם געזאָגט:

— אז תזריע און מצורע זיינען צוזאמען, דאָס ווייס איך

שוין פון לאנג, אבער אז „בא“ און „בשלח“ איז ביי אייך אויך צוזאַמען — דאָס הער איך איצט.

—————:—————

## פארקלענערט די זאָרגען.

פאַר יום טוב, איז נחמן דער מגיד געקומען צום באנקיר ראָזענקראַנץ און זיך באקלאָגט, דאס ער האָט טויזענד זאָרגען. עס קומט פסח, ער ברויכט מצה, די קינדער דארפען שיכלאך, זיין ווייב א קלייד, און דערצו האָט ער נאָך אויך קיין דירה-געלט ניט באצאָהלט.

— א נארישקייט, — ענטפערט דער באנקיר — צו וואָס זאָלט איהר זיך מאכען טויזענט זאָרגען, אָט וועל איך אייך זיי פארקלענערען.

דער באנקיר האָט ארויסגענומען א פאַפּיר און געבעטען דער מגיד זאָל איהם אויסרעכענען וואָס ער דארף.

דער מגיד, קלערענדיג אז דער גביר געהט איהם דאָ עפּעס ארויסהעלפען, האָט זיך אָנגעשטריינגט, קיין זאך ניט צו פאר־געסען.

— אויף מצה — האָט ער געזאָגט, און דער גביר האָט גע־שריבען — דארף איך 5 רובעל; אויף שיכלאך — 2 רובעל; א קלייד דער ווייב — 3 רובעל; דירה געלט — 10 רובעל.

דער גביר האָט אויפגעצויגען דעם סך הכל און געזאָגט:

— סך הכל דארפט איהר האָבען 20 רובעל, טאָ צו וואָס דארפט איהר האָבען אזוי פיעל זאָרגען, איהר האָט נאָר איין זאָרג, וואו נעמט מען דאָס געלט?

—————:—————

## ער האָט ממלא כריסו געווען.

אן אָרים געקליידעטער מאן איז געקומען אין בית-המדרש און ערקלעהרט דעם גבאי, אז ער איז א מקובל און וויל דרש׳נען פאר׳ן עולם. דער גבאי האָט איהם ערלויבט.

ארויפגעהענדיג אויפ׳ן בימה, האָט דער מאן אזוי געזאָגט:

— רבותי, איהר וועט פרעגען, אויב, ווי איך האָב אייך דערצעהלט, אז איך בין פארנומען מיט קבלה, צו האָב איך שוין געלערנט ש״ס און פוסקים, ווי די חז״ל זאָגען אונז „לעולם ימלא אדם כריסו בש״ם ופוסקים ואחר כך ילמוד קבלה״? קען איך אייך זאָגען, אז איך האָב דעם מאמר מקיים געווען ממש כלשונו: רבותי, איך האָב פארמעגט א ש״ם בבלי וירושלמי און פוסקים ראשונים ואחרונים, איך האָב עס אלעם פארקויפט און דערמיט „ממלא כריסי״ געווען, איך האָב דערפאר געקויפט ברויט, יעצט האלט איך שוין ביי קבלה — איך מוז מקבל זיין נדבות — ווייל עס זיינען אויסגעגאנגען אלע עצות.

---

## נויטיגע תקנות.

אַ מגיד איז געקומען אין א שטאָט און געוואָלט דרש׳נען שבת אין שוהל. האָט איהם אבער דער פרנס נישט ערלויבט מיט דעם טעם, דאס עס איז פאראן אזא תקנה אין שוהל, אז שבת מברכים טאָר ניט דרש׳נען קיין מגיד, נאָר דער עולם דארף זיצען און לערנען.

דער מגיד האָט דעם פרנס שטארק געבעטען, ער זאל פאר איהם מאכען אן אויסנאהמע, ווייל ער איז אן אָרימאן און קען ניט ווארטען אויף דעם אנדער שבת. דער פרנס האָט זיך אָבער

געהאלטען ביי דאָס זייניגע און האָט ניט געלאָזען דעם מגיד האלטען די דרשה. דאן האָט דער מגיד איהם געפרעגט:

— איהר היט עס אָפּ אייערע תקנות אזוי הייליג, אז איהר קענט גאר ניט משנה זיין?

— געווים היטען מיר אָפּ. — האָט דער פרנס געענטפערט.

— אויב אזוי, — האָט דער מגיד געזאָגט — האָט איהר געדארפט ארייננשטעלען נאָך זעהר נויטיגע תקנות.

— וועלכע? — האָט דער פרנס נייגעריג געפרעגט.

— די עשרת הדברות. — האָט דער מגיד געענטפערט.

---

## דאָס איז דאָך די צרה.

א מגיד איז אמאָל געקומען אין א שטעטעל און געבעטען דעם שמש, ער זאָל רופען אלעמען אין שוהל צו מנחה, וועט ער דרשה'נען. זאָגט דער שמש, אז אין הויף ביים פריץ איז אן אויספארקויף און די גאנצע שטעטעל איז איצט אין הויף. אויף מאָרגען האָט שוין דער מגיד געהאלטען זיין דרשה און ער האָט אזוי געזאָגט:

— „קול אומר קרא, ואמר מה אקרא? — כל הבשר חציר" טייטש איך אזוי, „קול אומר קרא" איך האָב געזאָגט דעם שמש, ער זאל אייך רופען אין שוהל, האָט דער שמש געזאָגט „מה אקרא? כל הבשיר חציר" וואָס זאָל איך רופען, אז אלע מענשען זיינען אין חצר (הויף).

האָט איהם איינער נאָכ'ן דרשה א פרעג געטאָן:

— רבי, ווי אזוי טייטשט איהר דאָס „חציר" א הויף, יענער חצר איז דאָך אָהן א יוד?

— אָט דאָס איז דאָך די צרה — ענטפערט דער מגיד —

וואָס דער יוד איז געשטאַנענען אין חצר, אזוי וואָלט ער דאָך גע־
קומען צו מנחה אין שוהל.

———:———

## פון אַ מגיד׳ס אַ דרשה.

דריי זאכען, רבותי, דערמאנען דעם מענשען צו תשובה טאָן, ווען ער ווערט עלטער: די אויגען, די צייהן און די באָרד. די אויגען ווערען דונקעל; די צייהן פאַלען ארוים און די באָרד ווערט גרוי. יעצט, רבותי, איז גאָר קיין וואונדער ניט וואס מען טוט היינט ניט קיין תשובה, אז די אויגען ווערען דונקעל — טוט מען אָן ברילען; אז די צייהן פאַלען ארוים — שטעלט מען אריין נייע, און א באָרד טראָגט מען דאָך איינגאנצען ניט. היינט ווי אזוי זאל אַ מענש תשובה טאָן?

———:———

## אַ ס י מ ן.

אַ נגיד האָט גענומען א מגיד אויף שבת. אז עס איז געקומען צום עסען, האָט דער נגיד מיט די בני־בית זיך געזעצט ביים טיש אין גרויסען חדר און דעם מגיד האָט ער געזעצט ביי א טיש אין קיך. אזוי איז געווען צו אלע דריי סעודות. אז עס איז געקומען ביים זעגענען זיך, בעט דער בעל־הבית, דער מגיד זאל איהם עפּעס זאָגען.

זאָגט דער מגיד:

— איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה: א הונט האָט זיך פארוואָלט טאָן א שדוך מיט א וואָלף. ער ווייס דאָך אבער, אז אַ וואָלף קען ניט פארטראָגען א הונט, איז ער געפאלען אויף אַן המצאה. ער האָט ערגעץ געקראָגען א פעל פון א בער, עס ארויפ־געשלעפּט אויף זיך און געקומען צום וואָלף.

— איך בין א בער — זאָגט דער הונט צום וואָלף — און דו א וואָלף, וויל איך מיט דיר טאָן א שדוך.

דער וואָלף האָט איהם באטראכט און האָט זיך געקלערט: ער זעהט אוים ווי א בער, אָבער עפּעס האָט ער הינטישע גענג... איז ער אוועק צום קעניג דעם לייב פרעגען אן עצה, ווי זאָל ער דערגעהן וואָס ער איז, א הונט אָדער א בער. האָט דער לייב געזאָגט:

— דו היים געבען עסען. וועט ער עסען מיט דיר צוזאמען איז ער א בער; וועט ער, אבער, נעמען דאס עסען און אוועק־געהן באזונדער — איז דאָס געוויס א הונט.

---

## דער אנדער שלאָס איז אויך מהאי טעמא.

אַ בעל הבית האָט אמאָל גענומען א משולח אויף נאכט־לעגער. איידער מען איז אוועק דאוונען, האָט דער בעל־הבית באמערקט, ווי עס הענגט א גרויסער שלאָס אויף דעם משולח׳ס רייזע־קעסטעל, נעהמט דער בעל־הבית און הענגט אויף נאָך א שלאָס און דערצעהלט קיינעם ניט. דער משולח איז געקומען אהיים, ערשט ער זעהט אויף זיין רייזע־קעסטעל הענגט נאָך א שלאָס. רופט ער צו דעם בעל־הבית און פרעגט איהם, וואָס איז דאָס פאר א שלאָס?

— וואָס רעדט איהר א שלאָס? — חדוש׳ט זיך דער בעל־הבית — עס הענגען דאָך צוויי שלעסער.

— מילא, איינעם האָב איך אויפגעהאנגען. — זאָג דער משולח.

— צוליעב וואס האָט איהר עס אויפגעהאנגען דעם שלאָס? — פרעגט דער בעל־הבית.

— פארשטעהט איהר מיך — זאָגט דער מגיד — „כבדהו

וחשדהו" אין דער פרעמד... אומבאקאנטע מענשען... האָב איך מורא געהאט מען זאָל עפּעס ניט ארויסנעהמען.

— און דער אנדערער שלאָס איז אויך מהאי-טעמא — האָט דער בעל-הבית געזאָגט, — איך ווייס, א פרעמדער משולח... „כבדהו וחשדהו"... האָב איך אויפגעהאנגען דעם שלאָס איהר זאָלט עפּעס ניט אריינלעגען.

———:———

# צואווערטעלט זיך.

אין סטויבץ איז אמאָל געקומען אויף שבת א מגיד, א הארבע-וואטער איד, און געוואָלט דרשנ'ען אין בית מדרש. גראדע איז דער גאנצער בעל-דעה געווען דער שמש און ער האָט איהם בשום אופן ניט ערלויבט. ווען דער מגיד איז פון איהם ניט אָפּגעטראָ-טען, האָט דער שמש זיך נאָך צובייזערט און אויסגעשריען:

— דער הר-עיבל איז פארשאָלטען געוואָרען; דער הר-גריזים איז אויסגעריסען געוואָרען און דער הר-בול (האָרבול) ניט ער ווערט פארשאָלטען, ניט אויסגעריסען.

איז דער מגיד איהם ניט געבליבען שולדיג און גלייך גע-ענטפערט:

— דער שמש פון ציצית ווערט פארדרעהט; דער שמש פון חנוכה ליכט ווערט פארברענט און דאָ, דער שמש פון סטויבץ, ניט ער ווערט פארדרעהט, ניט ער ווערט פארברענט.

———:———

# פון בלאָטע נעמט מען ניט צוריק.

אָ געוויסער מגיד איז אמאָל אריינגעקומען צו א גרויסען גביר בעטען א נדבה. דער גביר איז אבער געווען א גרויסער

קמצן און ווען דער מגיד האָט זיך אָנגערעדט ביי א שעה צייט, האָט ער איהם ערשט אָפּגעזאָגט.

— איהר ווייסט, — האָט איהם דער מגיד א זאָג געטאָן — איהר וועט שוין בלייבען אויף אייביג א גביר.

דער גביר, וואָס האָט שטענדיג געציטערט איבער זיין פארמעגען, איז געוואָרען זעהר נייגעריג צו וויסען, פון וואנען דער מגיד נעמט עס.

— די זאַך איז פשוט, — האָט איהם דער מגיד ערקלערט — ווען אן אָרימאן ווארפט אראָפּ א קאָפּיקע אין בלאָטע, וועט ער זיך איינבויגען און עס אויפהויבען צוריק. א גביר, אָבער, אז ער לאָזט אראָפּ א קאָפּיקע אין בלאָטע, וועט ער זיך ניט איינ־שמוצען די הענט צוליעב אזא קלייניגקייט. דער רבונו של עולם איז דאָך א מיליאָנער („לי הכסף ולי הזהב״ — שטעהט דאָך) ביי איהם אזא פארמעגען ווי אייערער איז דאָך פונקט ווי א קאָפּיקע. היינט אז ער האָט אראָפּגעלאָזט א קאָפּיקע אין אזא בלאָטע ווי איהר זייט, וועט ער עס שוין אמאָל ארויס־נעהמען?

———:———

## אין דער הגדה איז פאר אלעמען.

א מגיד איז אמאָל אריינגעקומען אין א הויז נאָך א נדבה און דאָרט געטראָפען א חברה לצים זיצענדיג אָהן היטלען און שפּילענדיג אין קאָרטען. אז חברה האָבען דערזעהן דעם מגיד, האָט מען גענומען זיך וויצלען, און איינער פון זיי האָט זיך גע־נומען חכמה׳נען מיט׳ן מגיד:

— פאר וואָס שטעהן עפּעס די עשר מכות אין דער הגדה און ניט אין ויתן לך?

— ווען די מכות זאָלען שטעהן אין ויתן לך, — האָט דער

מגיד געענטפערט — וואָלט דאן געווען „ויתן לך (דער מגיד האָט אָנגעטייטעלט מיט'ן פינגער אויף דעם ליץ, וועלכער האָט איהם געפרעגט די קשיה) ווען עס שטעהט אָבער אין דער הגדה, דאן קומט אוים לך, ולך, כי לך, אף לך. (דערביי האָט דער מגיד אָנגעוויזען אויף יעדען ליץ באזונדער).

———:———

## א ראיה מן התורה.

אַ מגיד איז געקומען מיט א בעל-הבית פאר א רב צו א דין-תורה.

— ער האָט מיך פארשעמט — האָט דער מגיד גע'טענה'ט— ער האָט מיך גערופען גוי.

— און טאָמער ביזטו טאקע א גוי? — האָט דער רב גע-פרעגט.

— וואָלט איך דאָך קיין מגיד ניט געווען. — האָט דער מגיד גע'טענה'ט.

— דאָס איז קיין ראיה ניט — האָט זיך דער רב אָנגע-רופען — איך האָב א בפירוש'ע ראיה פון דער תורה, אז נאָך אין מצרים זיינען ביי אידען געווען גוים מגידים, עס שטעהט: „ויאמר ליוסף הנה אביך חולה", מאַכט רש"י „אחד מן המגידים", היינט וועט דען געהן א איד אָנזאָגען א שלעכטע בשורה? — מוז מען זאָגען, אז עס איז געווען א גוי'שער מגיד.

———:———

## פארשטעהן מיט אַ משל.

אַ מגיד האָט געהאלטען אין א שוהל א דרשה. האָט ער אָנגעהויבען:

— עס שטעהט „מלך ממית ומחיה" א קעניג מאכט טויט

און לעבעדיג. איז עס עפּעס קשה צו פאַרשטעהן: „טויט", „לעבעדיג", „לעבעדיג", „טויט"? וועלען מיר דאָס ערקלעהרען מיט א משל:

אמאָל איז געוועזן א גרויסער קעניג, און ווי יעדער גרויסער קעניג האָט ער זיך געהאַט זיינע קאפּריזען, האָט ער איינמאָל אויסגעטראַכט א רעטעניש און גערופען זיינע חכמים דאָס באַשיידען. האָט קיינער ניט געוואוסט קיין פּתרון. האָט דער קיסר געשיקט רופען די גרעסטע חכמים און געלעהרטע פון לאַנד און זיי געזאָגט די רעטעניש, אבער אויך זיי האָבען ניט געקענט באשיידען. איז דער קעניג געוואָרען מלא חמה, און ער האָט אויסגעקליבען דריי פון די גרעסטע חכמים און זיי געגעבען דריי טעג צייט, אויב אין דריי טעג וועלען זיי איהם ניט ברייגגען דעם ריכטיגען פּתרון — וועט ער אראָפּנעמען די קעפּ פון זיי.

זיינען די דריי חכמים געזעסען די דריי טעג און נעכט געקלעהרט און געקלעהרט און ניט געקענט געפינען קיין פּתרון. איז געקומען דער דריטער טאָג, האָט דער קעניג אויסגעבויט אַ גרויסען עשאפאט אויפ'ן מארק פון שטאָט, געשיקט רופען די דריי חכמים און זיי געפרעגט אויב זיי ווייסען שוין די בעשיידונג. די חכמים זיינען געשטאַנען מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ און געשוויגען. זיי האָבען נעבאך ניט געוואוסט. וואס, מיינט איהר, איז געוועזן דער סוף? דער קעניג, דער אכזר, האָט זיי אלע דריי איינציגווייז אראָפּגענומען די קעפּ.

— היינט, — האָט דער מגיד זיך צוזונגען — זאָל איינער זיי וועלען יעצט מאכען לעבעדיג, וועט ער דען קענען? אָבער גאָט איז א ממית, ער האָט זיי געטויט און „מחיה", ער קען זיי מאכען לעבעדיג.

———:———

# דעם ערשטען לוינט.

אַ מגיד איז אמאָל געקומען דרש׳נען אין א שטאָט. זאָגט צו איהם דער גבאי, אז ביי זיי אין שטאָט איז פאראן א מחלל שבת׳ניק, וועלכער האלט אָפען דאס געשעפט אום שבת, דעריי־בער זאָל דער מגיד האלטען א הארבע דרשה, ווייל דער מחלל־שבת׳ניק האָט דוקא ליב דרשות.

דער מגיד האָט טאקע געהאלטען די דרשה וועגען חלול־שבת און שטארק גע׳מוסר׳ט די וואס האלטען אָפען די גע־שעפטען אום שבת.

אויף מאָרגען איז דער מגיד געגאנגען קלייבען געלט פאר׳ן דרש׳נען, האָט איהם דערזעהן דער מחלל־שבת׳ניק און איהם אריינגערופען צו זיך און איהם געגעבען גאנצע צעהן רובעל. אַז דער מגיד האָט דאס דערזעהן, האָט ער געדריקט די האנט פון מחלל שבת׳ניק און געזאָגט:

— נאָך מעהר ווי די געלט, פרעה איך זיך, וואָס איך האָב אייך געבראכט צו תשובה, דער אויבערשטער איז מוחל, ווי עס שטעהט: „במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גומרים יכולים לעמוד“...

דער מגיד האָט זיך נאָך געקליבען רעדען מעהר, אָבער דער מחלל־שבת׳ניק האָט איהם אָפּגעהאקט אין מיטען און געזאָגט:

— ס׳איז א שאָד אייערע רייד, טייערער מגיד, איך וועל ווייטער האלטען דעם געשעפט אָפען שבת.

— טאָ פארוואס גיט איהר מיר צעהן רובעל?

— ווייל נאָך אזא הארבע דרשה וועט זיך שוין קיינער ניט דערוועגען האלטען אָפען שבת די געשעפטען, און איך וועל זיין איינער און לייזען מעהר...

———:———

## זיי וועלען האנדלען נאָך זיינע רייד.

צום סוף פון זיין שבת׳דיגער דרשה פלעגט דער באקאנ־טער ברונשוויגער רב, רבי סאבאל, זאָגען: „איך וויים געווים, אז איהר וועט האנדלען נ אָ ך מיינע רייד".

———:———

## דער ווייזער טויג נים.

א יונגענמאן, א משכיל, איז איבערדריסיג געוואָרען דאָס זאָגען פון מגיד אין קלויז, נעמט ער ארוים זיין זייגער און ווייזט, דער מגיד זאל זעהן, אז עס איז שוין שפעט און זאָל אויפהערען.

דער מגיד קוקט גוט אויפ׳ן זייגער און זאָגט:

— דער זייגער איז גוט, נאָר דער ווייזער טויג נים.

———:———

## געה טרעף ווען מלא ווען חסר.

אַ מגיד האָט שבת געהאלטען א דרשה, דערביי איז גע־שטאַנען א מאן און געוויינט. דער מגיד האָט עס באמערקט. אויף מאָרגען, ווען דער מגיד איז ארומגעגאַנגען מיט׳ן גבאי איבער׳ן שטאָט צוזאמענקלייבען געלט, האָט ער זיך נאָכגע־פרעגט אויף יענעם אידען, וואָס האָט געוויינט ביי זיין דרשה.

— לאָמיר צו איהם אריינגעהן — האָט דער מגיד געזאָגט — אויב עס האָט איהם גערירט מיין דרשה, וועט ער געבען א שעהנע נדבה.

— יע, — האָט איהם דער גבאי ערקלעהרט, — ווען דער מאן איז ניכטער גיט ער טאקע א שעהנע נדבה, דאָס רוב איז ער אבער שכור און אז מען קומט צו איהם דאן אריין, זידעלט

ער יענעם שטארק אוים און ווארפט ארוים. דער מגיד איז צו איהם ניט אריין. פארנאכט איז אויף דער אכסניה פון מגיד געקומען א משרת פון יענעם אידען און געזאָגט, אז יענער איד האָט געבעטען דער מגיד זאל צו איהם קומען.

אז דער מגיד איז אריין צו איהם אין הויז, האָט דער איד איהם אויסגערעדט:

— איך האָב געזעהן ווי איהר זייט געגאנגען מיט'ן גבאי איבער'ן שטאָט און מיין הויז האָט איהר איבערגעהיפּט. איך האָב אויף אייך דערפאר פאריבעל. אויב אָבער איהר וועט מיר זאָגען א גוטען תירוץ, וועל איך אייך געבען א שעהנע נדבה.

— גוט, — זאָגט דער מגיד — איך וועל עס אייך ערקלע־רען בדרך משל: אמאָל איז געווען א שניידער, וואס איז ווי טאָג און ווי נאכט געזעסען אין הויז און געארבייט. ער האָט זעהר מורא געהאט פאר קעלט, און ווינטער פלעגט ער קויפען א סך האָלץ צו האלטען ווארים די הויז. איינמאָל, א ווינטער־נאכט, קומט ער ארוים מחדש זיין די לבנה און האָט געכאפּט א ציי־טער. זאָגט די לבנה צו איהם: דו, אז דו קומסט ארוים איין מאָל א חודש, כאפּסטו א ציטער, וואס זאל איך אָבער טאָן אז איך דארף זיין אלע נאכט אין דרויסען? עס וואָלט געווען ניט מעהר ווי א יושר, אז דו זאָלסט מיר מאכען א בגד...

האָט דער שניידער זיך פאַרענטפערט:

„דו, לבנה, ביזט טאקע גערעכט מיט דיין טענה, אבער ווי אזוי זאָל איך וויסען ווי דיר צוטרעפען, אז אמאָל ביזטו „מלא" און אמאָל — „חסר"?

———:———

## אויף וואָס מען שטעלט זיך ביי א דרשה.

אַ רב, וועלכער איז געווען ווי גרוים אין תורה אזוי קליין אין געוואוקס, איז פארפאָהרען אין א שטאָט און געהאלטען דאָרט א דרשה שבת אין שוהל. דערווייל האָט מען ביי איהם אין אכסניה אבגע׳גנב׳עט דעם רייזע-קופערט און מען האָט עס בשום אופן ניט געקענט געפינען. אין א צייט ארום איז דער רב ווידער געקומען אין דער שטאָט און גע׳דרשה׳ט אין שוהל, האָבען זיך די צוהערער ניט געקענט אָפּוואונדערן, ווי דער רב איז דאָס מיט אמאָל אויסגעוואקסען אזוי הויך. פריהער האָט ער קוים דערלאנגט צו די שטאַבּעטען פון בימה און איצט האָט זיך זיין אייבערשטער האלבער קערפער ארויסגעבויגען אין דעה הויך.

דער רב האָט זיי באלד אָבער אין דער דרשה אליין ער־קלערט די סיבה פון זיין אויסוואקסען, און ער האָט אזוי געזאָגט:

— ווען איך בין ביי אייך דעם ערשטען מאָל געווען, האָב איך זיך געשטעלט ביי מיין דרשה אויף דעם יסוד פון אונזער אמונה און תורה, איצט אבער, ווען איך קאָן אייך שוין, וואָס פאר א מענשען איהר זייט, האָב איך זיך געשטעלט ביי מיין דרשה — אויף מיין רייזע-קופערט.

———:———

ג.

# רביים און חסידים

שמועסען צווישען זיך און וכוחים מיט מתנגדים.

o———o

## מיינע שונאים זאָלען זיין מתנגדים.

נאָכדעם, אז ר' שמריה, דעם חסיד'ישען רבי'ס חוזר, האָט, זיצענדיג צווישען זיינע חסידים, אויסגעטרונקען א גאנצע פלעשעל בראנפען און האָט פארביסען א געבראָטענע הוהן, האָט ער געזאָגט:

— מיינע שונאים זאָלען זיין מתנגדים.

———:———

## אויסגעוועזען אַ וועלט.

דער גרויסער גאון ר' זעלמעלע האָט, זיצענדיג צווישען חסידים, אמאָל געזאָגט אין שפאס:

— א איד, אז ער געהט אוים שמונה-עשרה דארף מען איהם געבען „שלום-עליכם“.

— פארוואָס? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ווייל אוואו איז ער נים אויסגעוועזען אין דער צייט שטעהענדיג „שמונה-עשרה“, — איז געוועזען זיין ענטפער.

———:———

# אַ שאַרפּער ענטפער.

דער באוואוסטער רבי, ר׳ ליב׳עלע שפּאלער, האָט שטרענג אָנגעזאָגט זיינע חסידים, זיי זאָלען איהם למעה״ש ניט רופען „רבי״ נאָר „זיידע״. איינמאָל האָבען זיך אויפגעקליבען אלע חסיד׳ישע רביים אין בערדיטשוב זיך צו בעראטען וועגען טובת כלל ישראל. ר׳ ליב׳עלע איז אויך געווען צווישען די געררו־פענע. דאָס האָט אבער שטארק פאַרדראָסען ר׳ ברוך׳ן, דעם בעל שם טוב׳ס אייניקעל, וועלכער האָט מקנא געווען ר׳ ליב׳ע־לען זיין גרויסען נאָמען און געטראָגען אין הארצען א כעס אויף איהם. אז מען האָט זיך געזעצט צום טיש פאר דער בעראטונג, רופט זיך אָפּ ר׳ ברוך צו ר׳ ליב׳עלען פאר אלעמען אין די אויגען:

— איך וויל אייך פרעגען, פארוואס רופט מען אייך „זיידע״ און ניט „באבע״? דוכט זיך אלע אייערע מעשים פאסען פאר וויבער?

ר׳ ליב׳עלע האָט זיך אויפגעקאָכט און גלייך געענטפערט:

— יא, אמת, איך בין א זיידע, און „זיידע״ רופען מיך אלע מיינע טרייע חסידים, ווייל די שעהנקייט פון די אייניקלאך זיינען די „זיידעס״ און ווען ניט א שעהנער „זיידע״ וואָלט מען פון דעם אייניקעלס געביין אפילו ניט געהערט.

---

# ווען „שמחה״ וועט זיין לארצך — וועט זיין „ששון״ לעירך.

אין דער שטאָט פּרעסבורג, אונגארען, איז געווען א איד אַ גרויסער מסור מיט׳ן נאָמען שמחה. דער מסור האָט פיעלע אידען אומגליקליך געמאכט און עס איז ניט געווען קיין עצה ווי צו פטור ווערען פון איהם. איז מען אוועק צום גרויסען גאון,

דעם „חתם סופר“, און איהם דערצעהלט די צרות ונגושים, וואָס דער מסור טוט אָן די אידען.

— ווי רופט מען איהם? — האָט דער „חתם סופר“ גע־פרעגט.

— שמחה. — האָט מען איהם געענטפערט.

האָט דער גאון אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און געזאָגט:

— „שמחה לארצך, רבונו של עולם, וששון לעירך“.

אין א קורצע צייט ארום איז שמחה געשטארבען און אין שטאָט איז געוואָרען „ששון“.

---

## מעגליך, זיי מאַכעןביידע א טעות.

ווען עס איז געקומען צו רייד וועגען ר׳ יאָסעלע קוטנער, האָט ר׳ האצקעלע ווישניצער איהם גענומען זעהר לויבען: אָ, דער קוטנער? ער איז אַן אדם גדול! א חריף! א גאון הדור!

רופט זיך אָן א חסיד פון ווישניצער:

— רבי! ס׳איז זעהר פיין פון אייך, וואס איהר לויבט אזוי אייער געגנער ר׳ יאָסעלע׳ן. ער, ר׳ יאָסעל, האָט וועגען אייך ניט אזא גוטע מיינונג.

— דאָס מאכט ניט, — ענטפערט ר׳ האצקעלע — מעגליך, אז מיר מאכען ביידע א טעות.

---

## אַ ר י י נ ע צ ו נ ג.

ר׳ לייבעלע קאָוונער איז אמאָל קראנק געוואָרען, האָט מען געשיקט רופען א דאָקטאר. דער דאָקטאר איז געקומען, באטראכט דעם חולה און געהייסען איהם ווייזען דעם צונג.

— אייער צונג, רבי, — איז ניט ריין.

— יא, — האָט ר' לייבעלע צוגעקרעכצט, — איך ווייס עס. ווער האָט עס היינט, בעוונותינו הרבים, א ריינעם צונג?

——:——

## לאנג לעבען — ווערט מען ווערען אַ צדיק.

דעם היינטיגען ראדזינער רבי'ן, ר' מרדכי יוסף שליט"א, האָט אמאָל א חסיד געפרעגט דעם פשט פון די ווערטער „דתורין לן חיין בטיבותא ולהוי אנא פקידא בגו צדיקיא", וואָס מיר זאָגען אלע מאָנטאג און דאָנערשטאג אין דער תפלה פון „בריך שמיה", וואָס פאר א סמיכות הפרשיות איז דאָס „דו זאָלסט מיר פאר־לענגערען די יאָהרען און איך זאָל ווערען ארייגערעכענט צווי־שען די צדיקים?"

האָט איהם דער רבי אזוי ערקלעהרט:

— די וועלט ווערט וואס ווייטער אלץ ערגער און ערגער. ווען די אמאָליגע אפיקורסים וואָלטען היינט געלעבט, וואָלטען זיי געווען צדיקים גמורים. אָט דאָס איז דער פשט פון דער תפלה: מיר בעטען ביים רבונו של עולם, לאָז מיר לאנג לעבען, וועל איך נאָך אמאָל אויך זיין א צדיק.

——:——

## דער טייטש פון פסוק.

א חסיד האָט געפרעגט א רבי'ן די כונה פון דעם מאמר „יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך".

האָט דער רבי געזאָגט:

— נאָכ'ן דאווענען וועל איך דאָס דיר מפרש זיין.

אז עס איז געקומען נאָכ'ן דאווענען, ווען דער רבי האָט גע־

נומען ארויסגעהן פון שוהל, הערען אלע ווי דער רבי רעדט צו זיך:

— גוט מאָרגען, רבי! מאכט א ווארע, דער רבי געהט!

און אז ער איז ארוים פון „שטיבעל“, האָט ער נאָך אלץ צו זיך געמורמעלט:

— דאָ געהט דער רבי! דער צדיק געהט, מען דארף זיך שטעלען!

האָבען זיך אלע געוואונדערט, וואס דער רבי רעדט צו זיך אליין. שפעטער האָט דער רבי ערקלערט:

— איהר האָט געזעהן, אז מען גיט אָפּ זיך אליין כבוד האָט עס א פּנים פון חוזק, אָט דאָס זאָגען מיר „יהי כבוד חברך“, דער כבוד, וואס דיין חבר גיט דיר, זאָל זיין ביי דיר אזוי „חביב כשלך“, ווי דו אליין וואָלסט זיך אָפּגעבען דעם כבוד.

---

## ער וויל די דין־תורה ניט פּאָלגען.

צוויי חסידים האָבען זיך געשפּארט, וועמענס רבי עס איז א גרעסערער. פרעגט דער ערשטער חסיד דעם צווייטען:

— וואָס טהוט עפּעס דיין רבי צו דעם, וואס מען נעהמט אכט־יאהריגע קינדער פאר סאָלדאטען?

— ער זאָגט, אז דאָס איז א גזרה מן השמים. — ענטפערט דער חסיד.

— דאָס הייסט ביי דיר א רבי?

— ער האָט געטאָן אין דעם אויך, — זאָגט דער צווייטער חסיד — ער האָט אראָפּגעבראכט דעם שר של רום און געהאט מיט איהם א דין־תורה.

— נו, און וואס איז געווען? — פרעגט דער ערשטער חסיד.

— און דער רבי האָט טאקע געוואונען די דין־תורה.

— טאָ ווי קומט עס וואָס מען נעהמט נאָך אלץ קליינע קינדער פאר סאָלדאטען?

— הערסטו, פאניע וויל ניט פאָלגען די דין־תורה. — האָט דער צווייטער חסיד געענטפערט.

———:———

## וואָס דער סוף וועט זיין.

צום רבי׳ן איז געקומען א איד פרעגען אן עצה, ער האָט געלט און וויל טאָן א געשעפט, נאָר ער איז ניט פראקטיקירט, רעדט מען צו ער זאל נעהמען שלום דרעהער פאר א שותף, וועלכער איז גוט פראקטיקירט אין דעם געשעפט, אָבער ער האָט ניט קיין געלט. האָט ער אבער מורא, טאָמער איז שלום דרעהער ניט אָרענטליך.

דער רבי האָט א טראכט געטאָהן און געזאָגט:

— דער סוף פון אזא שותפות וועט זיין, אז דו וועסט ווערען פראקטעקירט און שלום וועט האָבען געלט.

———:———

## וואָס ראשי תיבות באדייטען.

צוויי חסידישע יונגעלייט זיינען געקומען צום רבי׳ן און געבעטען ביי איהם אן עצה, זיי ווילען געהן בשותפות אין אַ מסחר, און ווייסען ניט ווי צו טאָן.דער רבי איז ארוים א ווײלע אין א באזונדער חדר און זיך אומגעקעהרט מיט צוויי פארמאכטע בריף אין די הענט: איין בריף האָט ער געגעבען איין יונגען־מאן, דעם אנדערען בריף — דעם אנדערען. דער רבי האָט זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלען געהן באזונדער און לייענען די בריף, וועלען זיי שוין האָבען א תשובה.

די יונגעלייט זיינען געקומען אהיים, געעפענט די בריף,

ערשט עס שטעהט דאָרט גאָר ניט געשריבען, אויסער די אותיות א. ב. ג. ד. האָבען זיך די יונגעלייט געוואונדערט און געגאנגען פרעגען דעם רבי'ן די באדייטונג.

— גאנץ פשוט, — האָט דער רבי געזאָגט — די פיער אותיות איז דער יסוד פון אייער הצלחה. דער „אלף“ מיינט אחדות, ווען ביי אייך אחדות, וועט זיין „ב“—ברכה; וועט אָבער ביי אייך זיין „ג“—גנבה — וועט זיין „ד“—דלות.

---

## אָט מיט וואָס ער איז גרעסער.

אַן אָנהעזעגער פון סאדיגורער רבי איז געשעפטליך געוועזן אין אַן אנדער שטאָט און האָט באזוכט דעם דאָרטיגען רבי.

— וואָס איז די מעשה — האָט איהם יענער רבי געפרעגט — וואָס אייער סאדיגורער רבי האָט אזוי פיעל חסידים? דאכט זיך, זיינען לומדות — זיינען פאראן גרעסערע לומדים פון איהם; יחוס — איז מיין יחוס ניט קלענער פון זיינעם; אין פרומקייט — בין איך, זיך ניט באריהמענדיג, אזוי פרום ווי ער. טו פארוואס האָב איך אפילו ניט קיין צעהנטעל חסידים ווי ער?

— אונזער רבי קען עפּעס, וואס איהר, רבי, קענט ניט, — האָט דער סאדיגורער חסיד געענטפערט.

— וואָס, צום ביישפּיעל? — האָט דער רבי געפרעגט.

— אונזער רבי איז „א יודע־מחשבות“ — זאָגט דער חסיד, ער ווייס וואס יעדערער טראכט.

— שטות, — רופט זיך אָפּ דער רבי — עס איז א שקר, עס קען ניט זיין!

— ניין, רבי, עס איז אמת, — זאָגט דער חסיד — אין דעם רבי'ס כח איז אזוי גרויס אין דעם, אז אפילו מיר, זיינע

חסידים, האָבען זיך אויך דאָס אביסעל פון איהם אויסגעלערנט. ווען איהר ווילט, רבי, קען איך, אפילו, אייך זאָגען אייערע מחשבות.

— אדרבה, — זאָגט דער רבי — זאָג מיר טאקע, וואס טראכט איך איצט?

— איהר טראכט וועגען רבונו של עולם. — ענטפערט דער חסיד.

— פאלש! — שרייט אוים נצחונ'דיג דער רבי — איך האָב איצטער א גאנץ אנדער זאך געטראכט.

— אזוי? — רופט זיך אָפּ דער חסיד — איהר האָט ערשט געטראכט אן אנדער זאך? טאָ וואָס וואונדערט איהר זיך, וואס די וועלט פאָהרט צום סאדיגורער און ניט צו אייך? אונזער רבי האָט שטענדיג גאָט אין זינען, ווי דער ערשטער דין אין שולחן ערוך „שויתי ד' לנגדי תמיד".

———:———

## „מיניה וביה"

חסידים פון רבי'ן ר' חיים'ל פון מינקיוויעץ (פאָדאָלער גובערניע) זיינען אמאָל געקומען צו איהם און דערצעהלט, אז ר' חיים'ל פון זינקיף (אויך פאָדאָלער גובערניע) האָט זיך אויסגעשפראָכען, אז מינקיוויץ לעגט זיך אוים מיט א שלעכטען „צדיק". האָט דער מינקיוויצער אויף דעם געענטפערט:

— הלמאי איז אין זינקיף גאָר קיין „צדיק" ניטאָ?

———:———

## עס ווענדט זיך וועמענס חסידים

דער סאדיגורער צדיק ר' אברהם יעקב האָט חתונה געמאכט א טאָכטער. אויפ'ן וועג, פאָהרענדיג צו דער חתונה, האָט מען

ביי איהם צוגע'גנב'עט זיין שטריימעל, וועלכע האָט געקאָסט דריי הונדערט רובעל. האָט דער רבי געשיקט רופען דעם „נביא" פון די גנבים*) און פארלאנגט פון איהם, ער זאָל „טרעפען" וואו דאָס שטריימעל איז.

— געפין מיר דאָס שטריימעל — האָט דער רבי איהם גע־בעטען — קיין זאך וועט נישט זיין פאר מיר טייער, ווארום עס איז מיר א בושה פאר מיין שווער.

— רבי, — האָט דער „נביא" געענטפערט — האָט עס גע־גנב'עט איינער פון מיינע „חסידים", וועל איך עס נאָך געפינען; טאָמער האָט עס אָבער „גע'לקח'נט" איינער פון אייערע חסידים — איז דאָס שטריימעל פארפאלען.

---

# אלץ מיט א סיבה.

קומט דער בחור צום רבי'ן און איז זיך מתודה:

— רבי, איך האָב ניט געבענשט נאָכ'ן עסען.

— סטייטש, — שרייט דער רבי — ווי בענשט דאָס ניט א איד נאָכ'ן עסען?

— הערט איהר, רבי, — זאָגט דער בחור דער מתודה — איך האָב ניט געקענט בענשען: איך האָב זיך ניט געוואשען צום עסען.

— וואָס? — ליארמט מעהר דער רבי — ווי הייסט עס, א אידיש קינד זאָל זיך ניט וואשען צום עסען?

— רבי, דאָס איז ווייל איך האָב געוואוסט אז דאָס עסען איז ניט כשר.

---

*) די גנבים האָבען געהאט „נביאים", וועלכע פלעגען פאר א געוויסען אָפּצאָהל „טרעפען" וואו די „גנבה" איז און דער „גנב" פלעגט עס שוין באקומען.

— האָסטו דאָך נאָך געגעסען טרפות ? — ציטערט דער רבי.
— עס איז געווען ביי א גוי, האָט ער קיין כשר ניט געהאט.
— אָבער, אפיקורס, ווי עסט מען דאָס ביי א גוי?
— רבי, א איד האָט ניט געוואָלט געבען עסען.
— עס איז א שקר, א שם רע! — שרייט דער רבי — א איד זאָל נישט וועלען געבען א אידיש קינד עסען?
— דאָס איז געווען יום־כפור, רבי, — האָט דער בחור גע־ענטפערט.

———:———

## עס איז דאָ אַ בעסערע עצה.

דער קאַידענאָווער חסיד׳שער רבי ר׳ אהרנ׳לע, האָט געהאט א שם פאר א גרויסען חכם. איינמאָל איז ער געפאָהרען אין אַ שטאָט אויף שבת, און אזוי ווי קיין באן איז דאָרטען ניט גע־גאנגען, איז ער געפאָהרען מיט א פוהר. מיטגעפאָהרען זיינען מיט איהם אייניגע חסידים מקורבים, צווישען זיי איינער, וועל־כער איז געווען באוואוסט מיט זיין שוואכקייט צו רייסען זיך צום עמוד דאוונען, כאָטש ער האָט ניט פארמאָגט קיין שטימע און אויך ניט געהאט קיין געשמאק אין חזנות.

אינמיטען וועג זיינען זיי צוגעקומען צו א גרויסען בארג און די פערד האָבען ניט געוואָלט געהן. האָט איין חסיד פארגע־לעגט, אז אלע זאָלען אראָפּגעהן פון וואָגען, ווייל אנדערש וועלען די פערד ניט ארויפגעהן.

— איך האָב א בעסערע עצה — זאָגט פלוצלונג דער רבי — זאָל איינער ארויפגעהן אויפ׳ן בארג און אוועקשטעלען אן עמוד, און ווי די פערד וועלען דערזעהן דעם עמוד וועלען זיי גלייך אַרויפגעהן.

———:———

## אַ שוחט מוז זיין פויל.

פאר ר׳ אבא׳לען האָבען זיך די בעלי־בתים געקלאָגט אויפ׳ן שוחט, ער איז פויל און פאַרשפּעטיגט שטענדיג מיט דער ארבייט.

— אַ שוחט מוז זיין פויל — האָט ר׳ אבא׳לע געענטפערט — עס איז שוין אן אלטע צרה, נאָך פרעה האָט אמאָל געזאָגט: „נרפים הם על כן אומרים נלכה נזבחה“.

———:———

## אויב דאָס איז די לעצטע.

צו ר׳ אבא׳לען האָט זיך איינגעגעסען א איד, וועלכער האָט זיך געהאלטען פאר א למדן, און איהם קומען איבערזאָגען זיינע חדושים. קומט איינמאָל אריין דער איד און זאָגט:

— איך וויל אייך איבערזאָגען מיין לעצטען חדוש.

— אויב דאָס וועט טאקע זיין דער לעצטער, וועל איך הערען. — האָט ר׳ אבא׳לע געענטפערט.

———:———

## אויף אלץ איז דאָ א רמז.

ווען דער מגיד איז געקומען אין שטעטעל אויף שבת, האָט ער דערצעהלט דעם רבי׳ן, וואָס מיט איהם האָט געטראָפען, פאָהרענדיג אין שטעטעל האָבען זיך די פערד „צוספּוזשעט“, (צושראָקען). דער וואָגען האָט זיך א דרעה געטאָן און ער האָט זיך איבערגעקעהרט.

ענטפערט דער רבי:

— דאָס איז א גוטער סימן, דאָס ווייזט, אז מיר וועלען האָבען פיש אויף שבת, ווייל ווען מגיד איז איבערגעקעהרט, מאכט עס — דגים.

—:—

## צווישען בטלנים.

דערצעהלט חיים בערל אסטראווער אין בית־המדרש פאר ליפּא אזווינטרע א שעהנע מעשה:

— ער איז געפאָהרען אהיים אויף פּסח, איז ער געוועזן אין ווילנא, איז פארבייגעגאנגען א קאוויארנע (א קאווע הויז) האָט ער אליין געזעהן, אז אין דער מיט פון שטוב איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש (ביליארד־טיש), וואס איז געוועזן ברייטער פון דער טהיר, פרעגט זיך איצטער די קשיה, ווי ארום איז דער טיש אריין אין שטוב?

— וואָס איז דאָ אזוי שווער — וואונדערט זיך ליפּא — ווער הייסט מיר זאָגען, אז מען האָט צוערשט געמויערט דעם מויער און נאָכדעם אריינגעשטעלט דעם טיש; א מעהר איך קען דאָך זאָגען די סברה, אז מען האָט פריהער אריינגעשטעלט דעם טיש און דערנאָך געמויערט דאס הויז?

—:—

## די בערג באגראָבען עס.

ר׳ גימפּעל דער חסיד האָט אָנגעזעהן א וועלט. ער איז אויסגעוועזן איבער א סך לענדער און האָט דערצעהלט די חסידים מעשיות פון זיין נסיעה. אז עס איז געקומען צו רייד וועגען שווייצאריען, פרעגט איהם א צוהערער:

— אָבער ווי געפעלט אייך דאס לאנד גופא, ר׳ גימפּעל?

— שווייצאריען? — גיט ר׳ גימפּעל א תשובה — א שעהן

לאנד כ'לעבען, דאס הייסט, ס'וואָלט געווען א שעהן לאַנד, אפשר גאָר די שעהנסטע אין דער וועלט, ווען נישט — די בערג, וואָס באַגראבען עס אין דר'ערד אריין.

---

## בעסער צוויי גוים איידער איין ליטוואַק.

צוויי גאַליציאַנער חסידים האָבען געפיהרט א ויכוח מיט א מתנגד'ישען ליטוואַק וועגען חסידות.

בשעת'ן ויכוח צוהיצט זיך פלוצלונג דער ליטוואַק און גיט א געשריי:

— איהר זייט ביידע גוים.

— דער ויכוח איז אויס, — האָט זיך אויפגעשטעלט איינער פון די חסידים — נאָר איידער איך געה אַוועק, וואָלט איך אייך בעטען האָבען געדולד און אויסהערען מיינע א שטיקעל תורה.

— גוט, — האָט אויך מסכים געווען דער ליטוואַק — לאָמיר הערען.

— עס שטעהט אין דער תורה — האָט דער חסיד אָנגעהויבען — ביי רבקה'ן: „ויתרוצצו הבנים בקרבה, ותאמר אם כן למה זה אנכי, ותלך לדרש את ד' ויאמר לה ד' שני גוים בבטנך". עס איז אייך געווים באַקאַנט, אז אלע מפרשים מאַטערען זיך איינלערנען פאַרשידענע פשטים אויף די פסוקים, אָבער מיר דוכט, אז דער אמת'ער פשט איז אָט וואָס: רבקה האָט געזעהן, אז זי טראָגט אין זיך עפּעס א מאָדנע בריה, וואָס צאַפּעלט זיך ארויסצוגעהן אי ביי א שוהל, אי ביי א קלויסטער (ווי רש"י מאכט) איז איהר איינגעפאַלען א געדאַנק, אז דאָס מוז גאָר זיין א ליטוואַק. ווייל א ליטוואַק איז אויף אַלץ פעהיג און קען געהען אויך גע'שמד'טערהייט אין שוהל אריין און קען מאַכען א „כורך" פון מצה מיט חזיר, האָט זיך רבקה זעהר דער-

שראָקען און געזאָגט: אם כן למה זה אנכי? צו וואס לעב איך אויף דער וועלט? איז זי געגאנגען פרעגען ביי שם ועבר, האָט מען איהר דאָרט געזאָגט: „שני גוים בבטנך“ צוויי גוים זיינען אין דיין בויך. ווי רבקה האָט דאָס דערהערט, איז זי אהיים געלאָפען מלא שמחה, טראכטענדיג ביי זיך: בעסער צוויי גוים איידער איין ליטוואק.

---

## פאַר א נול איז ער גוט.

ביים רבי'ן האָט איינמאָל צו מנחה געפעהלט איין מענש צום מנין. ער האָט דערזעהן דורכ'ן פענסטער איינעם א ליט־וואק, א באוואוסטען אפיקורס.

— רוף איהם אריין, — זאָגט דער רבי צום שמש.

— וואָס הייסטו? — וואונדערט זיך דער שמש, — איהר הייסט מיר, רבי, איהם אריינרופען, ער איז דאָך אן אפיקורס, אַ קל, א גאָרנישט.

— פארשטעהסטו מיך — ענטפערט דער רבי — כדי עס זאָל ווערען די צאָהל „10“, דארף מען טאקע מעהר ניט ווי א „נול“ (אַ גאָרנישט).

---

## ער וואָלט שוין אויך שווערען.

א חסיד האָט אמאָל געזאָגט צו אן אנדער חסיד, אז יענעמס רבי קען ניט לערנען. והא־ראיה, ער זאָגט קיינמאָל ניט קיין תורה, ווען ער וואָלט קענען וואָלט ער דאָך דאס וועלען ווייזען. איז געגאנגען דער חסיד און דאָס איבערגעבען זיין רבי'ן:

— רבי, — האָט דער חסיד געזאָגט — לייבע דער סטאָ־לינער חסיד האָט געזאָגט אויף אייך אז איהר קענט ניט לערנען.

— פון וואנען ווייס ער דאָס?

— ווייל איהר זאָגט קיינמאָל קיין תורה ניט.

— געה פרעג איהם — רעדט ווייטער דער רבי — אויב ער וואָלט שווערען, אז איך קען ניט.

— אָ, רבי, — האָט דער חסיד געזאָגט — ווי אזוי וועט ער דאָס שווערען? ער ווייס דאָך ניט געוויס.

— אַז איך וואָלט אבער יע זאָגען תורה — האָט דער רבי אויסגעפיהרט — וואָלט ער שוין שווערען אויך.

———:———

## דער שובע אָדער די רזין.

אַ יונגער חסיד איז געקומען צום רבי'ן און אָפּגעזעסען דאָרט היבשע שבתים, פרעגט איהם דער גבאי:

— ווי קומט עס, וואס עפּעס האָט איהר זיך דאָ פארזעסען היינטיגס מאָל מעהר ווי תמיד?

— דעם רבינ'ס תורה — ענטפערט דער חסיד — לאָזט מיר ניט אוועקפאָהרען: יעדען שבת זאָגט דער רבי תורה, אז ס'איז מחיה נפשות, ממש טאקע רזין דרזין.

— איך האָב אָבער מורא — זאָגט דער גבאי — אז גע־קומען זייט איהר אהער „לשובע ולא לרזין" (ד. ה. זיך אָנצוזע־טיגען און ניט צו הערען רזין).

———:———

## זיין אייגענע שולד.

אַ רייכער וואלד־סוחר איז געקומען צום רבי'ן מיט א בקשה: ער האָט געקויפט א סך וואלד, און עס איז פאר איהם נויטיג, אז דער ווינטער זאָל האָבען א סך שניי, וועט ער דאן קענען די אויסגעהאקטע העלץ פיהרען צום באהן. ער בעט

דעריבער, דער רבי זאל תפלה טאָן צו גאָט, ער זאָל געבען א סך שניי. דער רבי האָט איהם פארשפראָכען, אז זיין בקשה וועט ערפילט ווערען, ווען ער וועט איהם געבען א פדיון פון 333 גילדען, ווי עס באטרעפט דער וואָרט „שלג“.

מיט שמחה האָט דער סוחר זיך געכאפט געבען די געלט. ער איז נאָך געווען אזוי צופרידען פון דעם רבי'ס הבטחה, אז ער האָט נאָך, ווען ער איז ארוים פון רבינ'ס חדר, געגעבען דער רבי'צין עקסטרא צעהן גילדען.

דער ווינטער איז געקומען, אבער גאנץ אנדערש ווי דער רבי האָט מבטיח געווען. אנשטאָט שנייען און פרעסט, האָט עס כסדר גערעגענט און די וועגען זיינען געווען איינגעזונקען אין בלאָטע. אן אויפגערעגטער איז דער סוחר געקומען צום רבי'ן און גע'טענה'ט:

— דער רבי האָט איהם אומגליקליך געמאכט, ער האָט אודאי געבעטען פארקעהרט, ווייל עס זיינען נאָך קיינמאָל ניט געווען אזוינע רעגענס ווי דעם יאהר.

— איך קען עס טאקע ניט פארשטעהן, — האָט דער רבי איהם געענטפערט — מיינע תפלות זיינען אלץ געווען פאר שניי, און דערצו האָסטו מיר נאָך געגעבען א פדיון פון שלג, האָט אומבאדינגט געדארפט זיין שניי. אָבער אפשר האָסטו נאָך אימיצען אויסער מיר אויך געגעבען א פדיון?

— איך מוז מודה זיין — זאָגט דער סוחר — אז ארויסגעהענדיג פון שטוב, האָב איך אויך דער רבי'צין געגעגעבען 10 גילדען.

— אָט דאָ ליגט דער אומגליק, — האָט דער רבי אויסגערופען מיט נצחון — דו ביזט אליין אין דעם שולדיג, וויפיעל איז 333 מיט 10? דריי הונדערט דריי און פערציג, פונקט ריכטיג, ווי עס באטרעפט דער וואָרט „גשם“.

———:———

## „אוי און „אה".

אַ גרויסער צדיק האָט מיטגענומען זיין אינגעלע אין מקוה אריין כדי איהם מחנך זיין מיט מצות.

דעם אינגעלע איז אין מקוה געוואָרען קאלט און ער האָט כסדר געשריען: „אוי", „אוי". דער צדיק האָט איהם אַרויסגע־נומען פון מקוה, איהם אָנגעטאָן די העמד דערנאָך די איבריגע זאכען. דאָס קינד האָט זיך גאָר מחיה געווען און כסדר מיט פארגעניגען אויסגערופען: „אה!" „אה!"

האָט איהם דער צדיק גענומען ערקלעהרען:

— זעהסטו, מיין קינד, דאָס איז דער חילוק צווישען א קאל־טער מקוה און אן עבירה: ביי א קאלטער מקוה זאָגט מען צו־ערשט „אוי" דערנאָך „אה"; ביי אן עבירה, רחמנא לצלן, זאָגט מען צוערשט „אה" און דערנאָך „אוי".

———:———

## אַ גוּטע עצה.

אין דער צייט, ווען דער רוזשינער צדיק האָט געוואוינט אין סאדיגורא, האָט ר' מאיר'ל פרעמישלאנער געשיקט א בריף צו איהם דורך א שליח, ער זאָל דעם בריף קיינעם ניט ווייזען, נאָר דעם רוזינער אליין. אז דער שליח איז געקומען אין סאדי־גורא, האָט ער געזאָגט, אז ער האָט א בריף פון פרעמישליאן, האָבען איהם די גבאים אריינגעלאָזט און דער שליח האָט גע־וויזען דעם רוזינער דעם בריעף.

אין בריעף איז געשטאַנען: „עס איז איצט חנוכה, איז מען מחויב צו עסען לאטקעס. ווייס איך אָבער נישט, ווי איך זאָל זיך נוהג זיין, זאל איך עסען דריי — איז ווייניג; זאָל איך עסען פיער — איז זוגות; און פינף — איז צופיעל!"

האָט דער רוזשינער געענטפערט דעם שליח:

— זאָג איהם ער זאָל מאכען איין לאטקע, וואס זאָל זיין גרויס ווי פיער, וועט ער יוצא זיין לכל הדעות.

## אַ סך תלמידי חכמים — וויין טייער.

ר׳ ישעיה פראגער האָבען אמאָל זיינע חסידים געשטעלט וויין ביים טיש אין א פראָסטען מיטוואָך, האָט ער זיך אָפּגע־רופען:

— מיט דעם איז מיר פארענטפערט געוואָרען א קשיה. איך האָב קיינמאָל ניט פארשטאַנען דיביידע מאמרים. אין איין אָרט שטעהט: „בעקבתא דמשיחי חוצפא יסגי״, איידער משיח וועט קומען, וועט זיין אויף דער וועלט א סך חוצפא. און אין אַ צווייטען אָרט שטעהט: „היין ביוקר״, וויין וועט דאן זיין זעהר טייער. וואס פאר א שייכות האָט חוצפא מיט וויין?

יעצט איז אבער ריכטיג. די גמרא זאָגט, אז דער וואָס גיט תלמידי־חכמים טרינקען וויין, איז פּונקט ווי ער ברייננגט נסכים אויפ׳ן מזבח. די זאַך איז אזוי, איידער משיח וועט קומען וועלען זיין א סך עזות־פנים׳ער, וועלכע וועלען זיך האלטען פאר תלמידי־חכמים, וועט זיי דער עולם וועלען געבען טרינקען וויין, דורכדעם מקריב זיין נסכים, וועט דעריבער זיין וויין טייער.

## ביידע „תמידים״ — „כהלכתם״.

אַ רבי האָט אמאָל געוואונשען זיינעם א חסיד ביים געזעג־נענען זיך, אז ביי איהם זאָלען זיין די „שני תמידים כהלכתם״.

האָט דער חסיד ניט פארשטאַנען וואס דער רבי מיינט און איהם מיט גרויס הכנעה געפרעגט, וואָס איז דעם רבינ׳ס כונה.

— אין איין פסוק שטעהט: — האָט איהם דער רבי געזאָגט — „שויתי השם לנגדי תמיד" און אין א צווייטען שטעהט „וטוב לב משתה תמיד". אָט דיביידע תמידים זאָלען ביי דיר זיין כהלכתם...

—————:—————

## דאָס ערשטע מוז ער זיך אליין פארגינען.

איינער פון רבי יצחק ווארקער'ס חסידים איז געווען א גרויסער למדן, זעהר רייך און פרום. ער איז אבער געווען זעהר קאַרג און האָט אפילו זיין אייגען ווייב און קינדער ניט פארגונען דעם עסען.

רבי יצחק האָט גערופען דעם חסיד צו זיך און איהם גע־מוסר'ט:

— ווען גאָט האָט דיר געהאָלפען און דיך געבענשט מיט רייכטום, דארפסטו לעבען ווי א גביר. עס אליין און גיב דיין ווייב און קינדער אלע טאָג פלייש, פיש, טרינק ווייז און אלע גוטע זאכען.

די חסידים האָבען זיך געוואונדערט, וואס ארט עס דעם רבי'ן אז דער קארגער עסט ניט קיין פלייש און טרינקט ניט קיין וויין.

האָט זיי רבי יצחק ערקלערט:

— פאר איהם ארט מיך גאָר ניט, מיך ארט נאָר פאר די אָרימע לייט. ווען ער וועט עסען פלייש, וועט ער אָרימע לייט כאָטש געבען ברויט; אָבער ווען ער אליין עסט נאָר ברויט מיט הערינג, טאָ וואָס וועט ער שוין געבען די אָרימע לייט?

—————:—————

## געכאפּט אין דקדוק.

ביי שלש סעודות פון שבת בהעלותך זיצט דער שיפּנאָ־וויצער רבי און זאָגט תורה:

„בהעלותך את הנרות“ איז דאָך די קשיה, פאַרוואָס שטעהט עפּעס „בהעלותך“ מיט א גרויסען חי"ת? נאָר דער תירוץ איז, דאָ האָט די תורה מרמז געווען די ח׳ ימי חנוכה.

באַלד ווי דער רבי האָט געענדיגט, איז צו איהם צוגעגאַנגען א יונגערמאַן א משכיל און געזאָגט מיט גרויס דרך ארץ:

— דער רבי מעג מיר טויזענד מאָל מוחל זיין, אבער אין דער תורה פון רבי׳ן זיינען פאַראַן צוויי קליינע טעותים: ראשית לעגט זיך „בהעלותך“ אויס מיט א כ"ף און נישט מיט א חי"ת, און שנית איז דער אות ניט קיין גרויסער, נאָר גלייך מיט אלע איבעריגע אותיות.

דערהערט די דאָזיגע דבורים, גיט דער רבי א שפּרונג אויף פונ׳ם שטוהל און שרייט אויס צום עולם:

— וואַרפט איהם אַרויס, דעם שגץ! ער איז געכאַפּט אין דקדוק.

---

## נ ח ׳ ס ז ו ה ן — ח ם.

א וואַלד־סוחר פון ניקאָלאַיעוו האָט אַראָפּגעבראַכט א מלמד פאַר זיינע קינדער. ווינטער־צייט איז דאָס געווען און דער סוחר איז געווען פאַרנומען מיט זיינע געשעפטען בלויז איין מאָל אין צוויי אָדער דריי חדשים פלעגט ער קומען אהיים. איינמאָל איז דער סוחר געקומען אהיים, פרעגט ער זיך נאָך ביים מלמד ווי די קינדער לערנען זיך. האָט איהם דער מלמד געענטפערט, אַז פון אלע קינדער איז דער אינגסטער אינגעל מיט א שאַרפען

קאָפּ, אָט האָט דער אינגעל דאָ ווען געפרעגט א קשיה, וואָס דער רבי אליין האָט ניט געקענט ענטפערען.

— וואָס איז געווען די קשיה? — איז דער סוחר נייגעריג געוואָרען צו וויסען.

— אין פרשה נח שטעהט, אז נח האָט געהאט דריי זיהן, שם, חם, ויפת, און ביים ארייננעמען זיי אין קאסטען, שטעהט גאר ונשי בניו, דאס הייסט די צוויי זיהן.

דער סוחר האָט גלייך געזעהן, אז דער מלמד מאכט דאָ א גראָבען טעות און ער טייטשט דעם וואָרט „ונשי“ אזוי ווי „ושני“, צוויי, רופט ער זיך אָן צום מלמד:

— איך וועל אייך זאָגען, דארפען האָט טאקע געדארפט זיין דריי זיהן, נאָר דער דריטער זוהן, חם, האָט זיך אָפּגע־שטעלט פאר א מלמד אין ניקאָלאיעוו.

———:———

# אַ מיתה משונה.

אַ חסיד, א מלמד איז אמאָל געפאָהרען בעטען א ברכה ביים רבי׳ן, ער זאָל ניט דארפען ליידען מעהר קיין דחקות כמנהג המלמדים. דער רבי האָט איהם מבטיח געווען, אז ער וועט לעבען בעושר וכבוד און אז זיין טויט וועט אויך זיין א מיתה משונה.

— סטייטש, רבי — האָט דער מלמד אויפגעציטערט — שטארבען מיט א מיתה משונה איז דאָך א קללה.

— נייך, מיין קינד, — האָט איהם דער רבי געענטפערט — איך מיין נאָר א מיתה משונה, גאָר ניט קיין מלמד׳ישער טויט, דו וועסט אויסלעבען דיינע יאהרען בעושר וכבוד און וועסט גאָר ניט שטארבען פאר דער צייט, אין אָרימקייט ווי א מלמד...

———:———

## זיין ערשטע הצלחה.

צווישען די חסידים פון טשארטקאָווער רבי'ן האָט זיך גע־פונען איין חסיד, וואס איז געווען ווי אלע געוועהנליכע חסידים וואָס פלעגען אריינקומען צום טשארטקאָווער, אָבער איין מדה זעהר ניט קיין שעהנע האָט דער חסיד פארמאָגט, ער פלעגט גנב'ענען די שטריימלאך פון די גוטע אידען.

אַזעלכע גנבות האָבען זיך אָפט געטראָפען ביים טשארט־קאָווער אין הויף און אלע חסידים האָבען געוואוסט, אז דאָס איז די ארבייט פון דעם דאָזיגען חסיד.

איינמאָל איז דערזעלבער חסיד אריינגעקומען צום רבי'ן, ער זאָל איהם בענשען מיט הצלחה. דער רבי, וועלכער איז גע־ווען פארטראָגען אין תורה לערנען און תפלה, האָט איהם ניט געמערקט און איהם געבענשט מיט ברכה והצלחה וואו ער וועט זיך נאָר קערען און ווענדען. באלד האָט זיך דער רבי געכאפט וועמען ער האָט דאָס געבענשט. האָט ער גלייך אָנגעזאָגט דעם גבאי:

— גיב אכטונג מיט פיער אויגען אויף דעם דאָזיגען חסיד, ווייל איך האָב מורא, אז די ערשטע הצלחה וואס איך האָב איהם געבענשט, זאָל ניט פאלען אויף מיין קאָפּ.

---

## אַז מען האַלט שוין ביי קרח.

עס איז אמאָל געווען א „רבי" וואס האָט ניט געקענט א וואָרט לערנען, און ער פלעגט ארומפאָהרען איבער די שטעט־לאך און קלויבען געלט. אַ רבי מוז דאָך אבער קענען דרש'נען, האָט זיך דער רבי אויסגעלערנט צו זאָגען תורה איבער פרשת קרח. ניט אלע וואך איז דאָך אבער סדרת קרח, איז דער רבי

געפאלען אויף אן המצאה. ער האָט מיטגעפיהרט א הונט, און ווען ער פלעגט זיך זעצען מיט די חסידים ביים טיש, האָט ער דערוויילן געלאָזט דעם הונט ארומקריכען אונטער׳ן טיש. דער הונט פלעגט זיך, געווענליך, פלאָנטערען ביי אלעמען אונטער די פיס, פלעגט עס דער „רבי״ דערפיהלען, און פרעגען די חסידים, ווער איז עם אונטער׳ן טיש?

— א הונט. — פלעגען די חסידים ענטפערען.

— א הונט? — פלעגט דער רבי פארוואונדערט און אין כעס אויסרופען — איינגעזונקען זאָלסטו ווערען ווי קרח... נו, אז מיר האלטען שוין ביי קרח, וועלען מיר אייך טאקע זאָגען פון דער סדרה קרח...

אזוי האָט זיך דער רבי געפיהרט כל ימיו.

———:———

## ער האָט ניט געקענט אליין קומען...

צו דעם באוואוסטען רבי׳ן ר׳ נפתלי ראפשיצער איז אמאָל געקומען א בעל־עבירה, וואָס האָט געבעטען ביים רבי׳ן א תשובה אויף זיינע זינד. דער בעל־עבירה האָט זיך אבער געשעהמט מתודה זיין פאר דעם רבי׳ן און ארויסזאָגען אלע זיינע זינד, האָט ער געזאָגט רבי נפתלי׳ן, אז איינער פון זיינע פריינט האָט איהם געשיקט צום רבי׳ן, ער זאָל איהם אויסרעכענען די זינד און בעטען א תשובה אויף זיי, ווייל ער אליין שעהמט זיך צו קומען צום רבי׳ן.

רבי נפתלי האָט אבער דערקענט, אז ער זאָגט א ליגען און ער אליין איז דאס דער בעל־עברה, רופט זיך אָפּ ר׳ נפתלי:

— א שוטה, א סכל דיין פריינט איז דאָס! פארוואס איז ער ניט געקומען אליין! ער האָט דאָך געקענט זאָגען, אז ער וויל תשובה פאר אן אנדער מענשענ׳ס וועגען, וואָלט ער זיך ניט געדארפט שעהמען.

## עס איז איהם צו ווינציג.

צווישען ר׳ נפתלי ראפשיצער׳ס חסידים איז געווען איינער, וואָס האָט געפאַסט פון שבת צו שבת, און טאָג און נאכט גע־זעסען און געלערנט. ר׳ נפתלי האָט איהם אבער חושד געווען, אַז ער טוט עס צוליב גאוה וועגען. האָט דער צדיק ר׳ נפתלי געוואָלט געוואָר ווערען דעם אמת. ער האָט אָנגעבעטען עט־ליכע אינגלאך, זיי זאָלען זיך זעצען לעבען דעם חסיד און זאָלען איהם אָנטאָהן נגישות: איינער זאָל איהם ציהען פאר זיינע מלבושים, דער אנדערער זאל איהם אראָפּוואַרפען דאָס היטעל פון קאָפּ און נאָך עהנליכע שטיק. די אינגלאך האָבען אזוי געטאָן. דאן איז ר׳ נפתלי צוגעגאנגען צו די אינגלאך און אָנ־געהויבען שרייען אויף זיי:

— שקצים, ווייסע-חברה׳ניקעס, וואס ווילט איהר פון דעם אידען, וואס פאסט מאָנטאג און דאָנערשטאג!

האָט זיך דער חסיד אויפגעהויבען פון אָרט און געזאָגט צו ר׳ נפתלי׳ן:

— וואָס עפּעס מאָנטאג און דאָנערשטאג, און פון שבת צו שבת ווילט איהר ניט?

האָט שוין רבי נפתלי פארשטאַנען, אז דער איד האָט אין כונה צו באריהמען זיך.

———:———

## דין און רחמים.

ביי ר׳ נפתלי ראפּשיצער זיינען איינמאָל געזעסען פיעל אורחים ארום טיש. ברויט איז אבער גראדע געווען ווינציג. האָט ר׳ נפתלי אויסגערופען צום גבאי, וואס האָט געשניטען די ברויט:

— שניידט דין און עסט מיט רחמים.

———:———

## וואָס אינגעל, ווען אינגעל.

א פרוש איז געזעסען אין בית המדרש פערטיעפט אין לער־נען. אין דעם קומט אריין דער שמש און זאָגט איהם אָן:

— ר׳ חיים, אייער ווייב האָט געהאט אן אינגעל!

— וואָס אינגעל, ווען אינגעל? — זאָגט אומגעדולדיג דער פרוש — איהר זעהט דאָך, אז איך האלט אין לערנען, פרעגט איהם, וואס וויל ער און ווער האָט איהם געשיקט?

———:———

## פון גרוים חריפות.

אין טעלזער ישיבה זיינען אמאָל אין איין זומער געשטאָר־בען עטליכע בחורים. די גאנצע ישיבה איז געווען אין גרוים צער און צוקאָכט פון די אומגליקען. צו דער לויה פון איינעם אזא בחור האָט ר׳ ליזר טעלזער, דער ראש ישיבה געהאלטען א הספד, און אזוי געזאָגט:

— רבותי, אז א טאַטע האָט א בן יחיד און ער שטארבט איז דער אומגליק גרוים; היינט, אז איינער האָט זיבען בנים יחידים און אלע שטארבען, שטעלט אייך פאר ווי שרעקליך עס איז דער אומגליק.

———:———

## רויכער ווי איך רויכער.

ר׳ שמואל, דעם רבי׳ס שכן, פלעגט דעם רבי׳ן זעהר אָפט באזוכען און פלעגט ביי איהם אָפזיצען שטונדען לאנג. איינ־מאָל איז ער געקומען צום רבי׳ן, ווען דער רבי האָט נאָר וואָס אָפגעגעסען און זיך געקליבען כאפען א דרעמעל. ר׳ שמואל נעמט ארוים די ליולקע פון קעשענע, פילט עס אָן מיט טאבאק און פרעגט:

— רבי, מעג איך רויכערן?

— יע, דו מעגסט, — ענטפערט דער רבי — אָבער רויכער ווי איך רויכער.

— ווי איז דאָס?

— איך רויכער אין דער היים; דו רויכער אויך אין דער היים.

---

## פון רבינ׳ס וואונדער.

א רבי מיט א גבאי זיינען געקומען פון וועג. דערצעהלט דער גבאי א נס פון רבי׳ן, אז זיי זיינען דורכגעפאָהרען א דאָרף זיינען א סך שקצים׳לאך ארויסגעלאָפען זיי אנטקעגען און גע־נומען באווארפען זיי מיט שטיינער; נאָר אזוי ווי זיי האָבען אויפגעהויבען די הענט נאָכמעהר צו ווארפען, האָט דער רבי אויסגעשריען: „כאבן ידמו זרועך" און זיי האָבען ניט געקענט א ריהר טאָן מיט קיין גליעד.

א מתנגד, וועלכער איז דערביי געשטאַנען און צוגעהערט ווי דער חסיד האָט דערצעהלט, האָט א פרעג געטאָן:

— ווי קומט עס וואס ביים רבי׳ן איז געשוואָלען אן אויג?

האָט דער גבאי געענטפערט:

— איין שייגעצל איז געווען א טויבער, האָט ער ניט גע־הערט דעם פסוק, וואס דער רבי האָט געזאָגט.

---

## דער „מגן אברהם".

איינע, זעהר א מיאוס׳ע פרוי, קומט צום רבי׳ן און קלאָגט ביטער, איהר מאן וויל זיך מיט איהר גט׳ן, כאָטש זי ווייס אליין ניט די סיבה פארוואס.

— נו, דאָך — פרעגט דער רבי — וואָס זאָגט דער מאַן דעם טעם?

— ער זאָגט, — וויינט די פרוי — אז איך בין צו מאוס.

— בחור, — גיט דער רבי א געשריי צום שמש — ברייגג דעם „מגן-אברהם“.

דער בחור איז אריינגעקומען און געבראכט א פּאָר גרויסע ברילען. דער רבי האָט אָנגעטאָהן די גלעזער, לאנג געקוקט אויף דער פרוי און אויסגערופען:

— דיין מאן איז גערעכט!

---

## צוליעב וואָס ער שפּייט.

אַ חסיד איז געפאָהרען אין א וואגאָן און אנטקעגען איהם איז געזעסען א בילד-שעהנע דייטשקע. אלע ווילע האָט דער חסיד געגעבען א קוק אויף די שעהנע דייטשקע און אויסגע-שפּיגען. א מתנגד האָט עס באמערקט, האָט ער איהם אויסגע-רעדט:

— זאָגט מיר, ר׳ קרוב, ווי איך זעה איז אייך די דייטשקע ניט געפעלען, טאָ וואָס דארפט איהר שפּייען, קוקט ניט און שפּייט ניט.

— פארקעהרט, — האָט דער חסיד געענטפערט — זי איז מיר שוין גראדע גוט געפעלען, נאָר אז איך דערלאנג א קוק אויף איהר מוז איך אויסשפּייען אויף מיין מאוסע ווייב...

---

## ער האָט געזעהן דעם פּנים.

צו א רבי׳ן איז געקומען א פרוי מיט א געוויין, שוין צוויי חדשים ווי איהר מאַן איז פון איהר אנטלאָפען און זי ווייס ניט וואו ער איז.

דער גבאי האָט פון איהר צוגענומען איהר צעטעלע און עס אוועקגעטראָגען דעם רבי'ן. באלד איז ער צוריק ארויסגעקומען פון רבי'ן און זיך געווענדעט צו דער פרוי:

— געה בשלום אהיים. דער רבי האָט געזאָגט, אז דיין מאן וועט זיך איינגיכען צו דיר אומקעהרען.

די פרוי האָט זיך זעהר דערפרעהט, געדאנקט און געוואונשען ברכות דעם רבי'ן און דעם גבאי און איז אוועק.

אז זי איז ארויסגעגאנגען, רופט זיך אָפּ דער גבאי צו די זייטיגע מענשען.

— אומזיסט איהר פרייד; איהר מאן וועט זיך צו איהר קיינמאָל מעהר ניט אומקערען.

— סטייטש, — האָבען איהם די ארומיגע פארוואונדערט געפרעגט — גלויבסט גאָר ניט אין רבי'ן?

— יע, — האָט דער גבאי געענטפערט — איך גלויב יע אין דעם רבי'ן. דער רבי האָט אבער נאָר געזעהן איהר צעטעלע און איך האָב געזעהן איהר פנים.

---

## ווען שוין יע, איז שוין גלייכער צוויי.

פאַר ברוך דעם חסיד איז שוין קיין אנדער מיטעל ניט געבליבען, אז נאָר דער רבי אליין זאָל איהם פארוועהרען טרינקען בראנפען. און אזוי איז געווען: דער רבי האָט גוזר געווען, אז ער זאָל מעהר ניט טרינקען און ברוך האָט געפאָלגט, קיין טראָפּען צום מויל ניט גענומען. עס איז אריבער א קורצע צייט, האָט ברוך דער חסיד גענומען דארען, עס איז איהם אָפּגענומען געוואָרען דער אפּעטיט און האָט גאַנצע נעכט מיט אן אויג ניט געקענט צומאכען. האָט מען גערופען א דאָקטאר, האָט דער דאָקטאר איהם באטראכט און געזאָגט:

— עס איז ניטאָ קיין מיטעל, ער מוז צוריק אָנהויבען טרינקען.

— איך וועל ניט טרינקען, — האָט ברוך זיך געשפּארט — דעם רבי'ס פאַרזאָג איז ביי מיר הייליג. איך וועל שטארבען און ניט עובר זיין.

— דאָס איז גאָר ניט — האָט געזאָגט דער דאָקטאר — פקוח נפש איז דוחה דעם רבי'ס פאַרזאָג. אויב דו וועסט ניט טרינקען מיט גוטען וועט מען דיר נויטען. צוויי וועלען דיך האַלטען פאר די הענט און די פיס און איינער וועט דיך אָנ־טרינקען.

האָט ברוך א טראכט געטאָן און געזאָגט:

— הער דאָקטאר! וויבאלד שוין אלץ איינס נויטען, אפשר וועט מיר איינער צוהאלטען און צוויי זאָלען מיר אָנטרינקען.

———:———

## זיי שווימען פון אויבען.

מען האָט געפרעגט א תלמיד־חכם א טרינקער:

— אַזאַ תלמיד־חכם ווי דו זאָל טרינקען און גאר ניט מורא האָבען, וואס אונזערע חכמים האָבען געזאָגט וועגען שכרות.

— וואָס איז, איך טרינק דען צוליעב שכרות, חלילה? — האָט זיך דער תלמיד חכם ענטשולדיגט — איך וויל נאָר דער־טרינקען מיינע גרויסע צרות.

— נו, האָסטו זיי דערטרונקען? — האָט מען איהם גע־פרעגט.

— עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. — האָט א זיפץ געטאָן דער תלמיד־חכם — אדרבה, וואָס איך טרינק מעהרער, לערנען זיי זיך אוים בעסער שווימען.

———:———

## אַן עזות פּנים.

צוויי חסידים האָבען זיך געקריגט.

— דו, שמעיה, קענסט נאָך פארגלייכען דיין **רבי׳ן** צו מיינעם? מיינער האָט דאָך אלע נאכט „גלוי אליהו“.

— איך גלויב עס ניט. — זאָגט שמעיה חסיד.

— דו גלויבסט ניט? דער רבי אליין האָט דאָך **עס דער־צעהלט.**

— **איך גלויב דיין רבי׳ן אויך ניט.**

— עזות פּנים! — צוקאָכט זיך דער חסיד — **א מענשען** וואָס האָט „גלוי אליהו“ גלויבט ער אויך ניט.

---

## חדושים.

**דריי חסידים דערצעהלען חידושים פון זייער רבי׳ן:**

— **ביי מיין רבי׳ן — זאָגט איינער — זיינען דאָ צוויי דינסטען, איינע פאר פליישיגס און איינע פאר מילכיגס — אזוי וויט איז מיין רבי מדקדק אין „בשר בחלב“.**

— **דאָס איז נאָך גאָר נישט, — זאָגט דער אנדערער — מיין** רבי ווארט צווישען פליישיגס און מילכיגס א גאנצען מעת־לעת.

— אויך מיר א חידוש — מאכט דער דריטער חוזק — מיין רבי, אז ער לערנט בשר בחלב, איז ער מפסיק צווישען „בשר“ און „חלב“ גאנצע צוויי מעת לעת.

---

## אָהן געלט וואָלטען קיין צדיקים ניט געווען.

איין חסיד האָט געפרעגט דעם אנדערען:

— וואָס אשטייגער וואָלט געווען, ווען קיין געלט וואָלט ניט געווען אויף דער וועלט, וואָס וואָלט מען דאן געגעבען די צדיקים פדיון?

— שוטה איינער, — האָט דער אנדערער געענטפערט — ווען עס זאל נישט זיין קיין געלט, וואָלטען קיין צדיקים אויך ניט געווען.

———:———

## וואָס איז געווען דער סוף.

א חסיד האָט דערצעהלט אין בית המדרש די פאָלגענדע מעשה:

— דער אלטער שיפּנאוויצער איז אמאָל געגאנגען מיט זיין גבאי און עטליכע מקורבים פון סטארא-שיפּניץ, א דאָרף ביי שיפּנאָוויץ, וואו ער איז געווען אויף א ברית מילה, צוריק אהיים, אויפ'ן וועג, האָט זיך דער הימעל פּלוצלונג פארכמארעט און ס'האָט אָנגעהויבען צו גיסען א רעגען. אבער דער רבי, פארטיפט אין הייליגע מחשבות, האָט נישט געזעהן, וואס עס טוט זיך און איז לאנגזאם וויטער געגאנגען. פארשטעהט זיך, אז קיינער פון די באגלייטער האָט ניט געהאט די העזה, דעם רבי'ן נאָכאמאָל דערמאנען און איהם זאָגען, אז מען מוז ארייגעהן אין א שטוב אָדער זיך שטעלען אונטער א דאך.

דערוויל איז אבער דער הימעל געוואָרען וואס אמאָל טונקעלער און דער רעגען — וואס אמאָל שטארקער, אזוי, אז דער גבאי האָט זיך נישט געקענט מעהר איינהאלטען און האָט דעם רבי'ן געגעבען א ציה ביים ארבעל. אָבער אומזיסט! דער צדיק איז געבליבען פארטיפט אין די מחשבות און איז וויטער גע-

גאנגען. דער גבאי לאָזט נישט נאָך און גיט נאָכאמאָל א ציה, אָבער דער רבי פיהלט נישט און געהט ווייטער. ווידער גיט דער גבאי א ציה, אבער...

— אָבער וואָס איז געווען דער סוף? — שלאָגט איבער איינער פון עולם דעם דערצעהלער.

— וואָס פרעגסטו, — ענטפערט דער דערצעהלער, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ — אוי, זיי־נען זיי דורכ־גע־ווייקט גע־וואָ־רען.

—:—

## דאָס איז דאָך טאקע דער קונץ.

צוויי גאליציאנער חסידים זיינען געגאנגען שפּאצירען. פּלוצלונג רופט זיך אָפּ איין חסיד צום צווייטען:

— הערסט, פּייוויש, איין זאך פארשטעה איך נישט. דאָס איז דאָך געווים, אז דער „רבי“ אונזערער איז א „בעל יוכלת“. ער קען אפילו, ער זאל נאָר וועלען, משנה זיין סדרי בראשית. טאָ ווי קומט עס, דאס מיר ביידע פאָהרען שוין צום רבי'ן העכער דרייסיג יאהר, געבען עטליכע מאָל אין יאהר קוויטלאך און פדיונות און מיר ווערען וואס אמאָל אלץ גרעסערע קבצנים?

— שוטה איינער, — האָט פּייוויש געענטפערט — דאָס איז דאָך טאקע דער קונץ פון רבי'ן. ער וויל העלפען, ער קען העלפען און העלפט נישט.

—:—

## שטום ביז אין טויט אריין.

אין א שטעטעל אין גאליציען איז צו א רבי'ן געקומען א איד מיט א שטומער טאָכטער בעטען א ברכה, דער רבי זאל איהר מאכען ריידעוודיג.

— ווי רופט מען דאָס מיידעל? — פרעגט דער צדיק.

— ברכה לאה. — האָט דער איד געענטפערט.
נעמט דער רבי א גלאָז וואסער, טראָגט עס צו דער שטו־
מער צום מויל און שרייט אויפ'ן קול:
— ברכה־לאה, מאך „שהכל"!
דאָס מיידעל שווייגט.
— ברכה לאה, איך בין אויף דיר גוזר, דו זאָלסט תיכף
ומיד מאכען „שהכל נהיה בדברו" — שרייט דער רבי העכער.
די שטומע גיט ניט קיין פּיפּס.
— ווילסטו הייסט עס טאקע בשום אופן ניט מאכען קיין
„שהכל" — זאָגט דער צדיק מיט כעס — טאָ הער זשע מיינע
רייד, ווייל דו ביזט איינגעשפּארט און ווילסט ניט מאכען קיין
ברכה, וועט דיך גאָט שטראפען, דו וועסט בלייבען שטום ביז
דיין לעצטען טאָג.
און כך הוה, לויט ווי מען דערצעהלט, איז די מיידעל גע־
שטארבען א שטומע.

———:———

## דעם רבי'ס טעם

דער פּיטעוואר רב, ר' ישראל ז"ל, פלעגט שטענדיג צוזא־
מען מיט'ן עולם נעהמען אביסעל בראנפען.
איינמאָל האָט דער רבי אויסגעטאָהן רש"י'ס תפלין און
פאר'ן לעגען רבינו תם'ס תפלין איז ער צוגעקומען צום עולם
און גענומען אביסעל בראנפען.
דער עולם האָט זיך גע'חדוש'ט און זעהר פיעל געטראכט
וועגען רבי'ס כוונה, אז דאָ מוז זיין א סוד דערביי.
אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דעם רבי'ס א מקורב אריבער
אומישנע צום רבי'ן און איהם געפרעגט די בעדייטונג פון דעם,
וואָס ער האָט גענומען די בראנפען פאר'ן לעגען רבינו תם'ס
תפלין און ניט נאָכדעם.

— גאנץ פשוט, — האָט איהם דער רבי געזאָגט מיט א שמייכעל — איך האָב מיט א טאָג פריהער געוואַרט ביז נאָך רבינו תם'ס תפלין, איז שוין ניט געווען קיין בראנפען.

———:———

# אַ שאָד!

צו א רבי'ן אין גאליציען איז אמאָל געקומען א איד מיט אַ אינגעל און געבעטען ביים רבי'ן א ברכה. דער אינגעל פארהי־קעוועט זיך ביי יעדעס וואָרט, זאָל איהם דער רבי בענשען, אז דער מום זאָל אָפּגעטאָן ווערען.

דער רב פארטראכט זיך אביסעל, דערנאָך רופט ער צו דעם אינגעל און פרעגט:

— ווי רופט מען דיך?

— פּ... פּ.. פסח. — האָט דער אינגעל אויסגעשטאמעלט.

— פסח, — זאָגט דער רבי — זאָג מיט מיר אינאיינעם דריי מאָל דעם דאָזיגען פסוק „מי שם פה לאדם".

— מ...מ...מ'...ש...ש...שם.

— וואָס איז עס פאר א זאָגען? — שרייט דער רבי מיט כעס — דו מאכסט דאָך פון יעדען וואָרט א תל.

— א... אי... איך ק... קען ניט א...אַנ...דע...ערש.

— פּרוב נאָך אמאָל — זאָגט דער רבי.

דער אינגעל צוהאקט די ווערטער ווי פריהער.

— קענסטו טאקע באמת ניט אנדערש — זאָגט שוין ווייכער דער רבי, גלעטענדיג זיך די באָרד — א שאָד! א גרויסער שאָד! ווען ער וואָלט נאָר כאָטש איינמאָל זאָגען ווי עס געהער צו זיין! א סגולה איז עס בלי שום ספק גאָר א נפלא'דיגע. איך האָב עס אליין געהערט פון מיין הייליגען זיידען, זכותו יגן עלינו.

———:———

# דער חילוק.

מען האָט אמאָל געפרעגט דעם גראַדזיסקער צדיק, וואָס איז דער חילוק צווישען „רזין" און „רזין דרזין".

— דער חילוק בעשטעהט אין דעם — האָט דער רבי געענטפערט — „רזין" איז, ווען דער רבי זאָגט תורה און די חסידים פארשטעהען עס נישט; „רזין דרזין" — ווען דער רבי זאָגט תורה און ער אליין פארשטעהט עס אויך ניט.

———:———

# דער קל וחומר.

אַ חסיד, וואס האָט גאָר נישט פיינט געהאט דעם ביטערען טראָפּען, האָט געלערנט אַ קל וחומר: מה-דאָך שלמה המלך, וואָס איז געווען אַ גרויסער חכם לכל הדעות, האָט געמעגט טרינקען, מעג איך דאָך אודאי און אודאי טרינקען.

— פון וואנען איז עס געדרונגען, אז שלמה-המלך פלעגט טרינקען? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ווי מיינסטו, אשטייגער? — האָט דער חסיד געענטפערט — אַ טפּוש איז ער געווען ער זאָל נישט טרינקען?

———:———

## ער וועט אויסגעפינען אַ צאָל.

אַ חסיד האָט אמאָל איינגעלאַדען אַן אורח הגון, פון גרויסען יחוס, צו דער פּורים׳דיגער סעודה. אז די בעל-הבית׳טע האָט דערלאַנגט צום טיש די קרעפּלאך, האָט דער גאַסט גענומען איין קרעפּל און געזאָגט:

— איך נעם איינע — אנטקעגען גאָט ברוך הוא, וואָס איז איינער.

דערנאָך האָט ער גענומען צוויי און האָט געזאָגט:
— איך נעם צוויי — אנטקעגען משה ואהרן.
דערנאָך האָט ער גענומען דריי און האָט געזאָגט:
— איך נעם דריי — אנטקעגען די דריי אבות.
דערנאָך פיער און געזאָגט:
— איך נעם פיער — אנטקעגען ארבע אמהות.
דערנאָך האָט ער גענומען צוועלף און געזאָגט:
— איך נעם צוועלף — אנטקעגען די צוועלף שבטים.
האָט דער בעל־הבית אויפגעשפרונגען פון אָרט און געזאָגט צו דער ווייב:
— נעם צו, לאה, די שיסעל, ער קען נאָך צונעמען אין גאַנצען אנטקעגען די ששים רבוא ישראל.

## אַן אַנדער מענש.

מען האָט אמאָל געפרעגט ביי א שכור ווי קען ער דאָס אזוי פיעל טרינקען, האָט ער געגעבען צו פארשטעהן בזה הלשון:
— פארשטעהט איהר מיך, אז איך נעהם א גוטען שנאפס, ווער איך גאָר אַן אנדער מענש. נו, דער אנדערער מענש דארף דאָך אויך מאכען א שנאפּס.

## דעם שכור׳ס קשיות

א איד א שכור האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי א שענק און אַ לאנגע צייט געקוקט אויף דעם שילד איבער׳ן טהיר און ניט אוועקגעגאנגען, איז דער בעל־הבית ארויס און איהם געפרעגט, וואס קוקט ער אזוי לאנג.
— מיך אַרט דאָ דריי קשיות, — האָט דער שכור גענטפ־

פערט — עם שטעהט אויפ'ן שילד: „דאָ פארקויפט מען גוטע שנאפּס ביליג". איז ערשטענס, איהר שרייבט „דאָ", א וואו קריגט מען דאָס ניט קיין שנאפּס? צווייטענס, „גוטע שנאפּס", וועלכע שנאפּס איז דען שלעכט, און דריטענס „זעהר ביליג", איז דען פאר שנאפּס דאָ טייער, וויפיעל מען צאָהלט, איז א מציאה.

—:—

## ער פיהלט בחוש.

די אפיקורסים זאָגען, אז די ערד דרעהט זיך און די זון שטעהט אויף איין אָרט, אבער די חסידים גלויבען, אז די זון דרעהט זיך און די ערד שטעהט.

ווען שמואל דער חסיד איז געזעסען ביים רבי'ן און עטליכע מאָל גוט ארייגעקעהרט, האָט ער געזאָגט:

— רבי לעבען, ווי מיר דאכט האָבען די אפיקורסים רעכט; איך פיהל ממש, ווי די ערד דרעהט זיך הינטער מיר.

—:—

## פון גדלות וועגען.

אַ גוטער איד האָט אמאָל געזאָגט, אז דאס וואס מענשען טרינקען טהעע מיט צוקער און דאס וואס קלעזמער מאכען מיט די פינגער, איז דאָס פשוט פון גדלות וועגען.

—:—

## אפילו אַ מלאך איז איבעריג.

מען האָט אמאָל געפרעגט א איד א גרויסען עסער:

— פאר וואס האָט מען מתקן געווען צו זאָגען פרייטאג צו־נאכט פאר'ן עסען צו די מלאכים „צאתכם לשלום"?

— עס איז זעהר ריכטיג, — האָט געענטפערט דער עסער — ווען מען עסט איז אפילו א מלאך איבעריג.

—:—

## פיער איז צו קנאפּ.

א איד, א גרויסער טרינקער, האָט אמאָל געזאָגט:

— ווען איך וואָלט געווען משה רבינו, וואָלט איך געבעטען גאָט ער זאָל מאכען פארקערט דעם סדר: פּרעה׳ן האָט ער גע־קענט געבען פיער מכות און די אידען — צעהן כוסות.

—:—

## דעם רבינ׳ס סגולה.

א חסיד האָט זיך אָנגעדערצעהלט מיט חדושים פון זיין רבי׳ן. זיין רבי טוט אויף מופתים ממש, ער העלפט מיט זיינע סגולות טויזענטער מענשען.

הערט זיך דאָס איין זיינער א פריינד א מתנגד און זאָגט:

— אָט וואס דו רעדסט איז דורכאוים שקר, דאָס זאָגסטו אזוי, כדי צו לאָזען ווייב און קינדער און אָפּזיצען כמעט א גאנץ יאָהר ביים רבי׳ן.

— אַי, אַי, — רעדט דער חסיד — ווען דו ווייסט דעם טעם פון זיין ביים רבי׳ן, וואָלסטו שוין אויך ניט וועלען אוועקפאָהרען פון איהם.

— אדרבה, — זאָגט דער מתנגד — נעהם מיך מיט איינ־מאָל, און לאָמיר אויך זעהן די חידושים פון דיין רבי׳ן.

— גוט. — האָט דער חסיד מסכים געווען.

געקומען נאָך פסח און דער מתנגד איז מיטגעפאָהרען מיט׳ן חסיד. געקומען אויפ׳ן אָרט, דערצעהלט דער חסיד דעם רבי׳ן,

אז ער האָט געבראַכט מיט זיך א מתנגד, וועלכער וויל איהם זעהן.

— קענסט איהם אריינפיהרען. — איז דער רבי מסכים.

דער חסיד האָט אריינגעפיהרט דעם מתנגד צום רבי׳ן. דער מתנגד האָט דערלאנגט א קוויטעל און זיך אָנגערופען:

— רבי, איך בין געקומען צו אייך ניט חלילה ווייל מיר פעהלט עפּעס. איך האָב, דאנקען גאָט, א ווייב מיט קינדער, אלע זיינען געזונט, פּרנסה האָב איך אויך בשפע, איך בין רייך. עס פעהלט מיר גאָר ניט. נאָר איך לייד פון צוויי זאכען: ערש־טענס, פיהל איך ניט קיין טעם אין עסען, און, דאָס צווייטע, ווען איך וויל זאגען דעם אמת, כאפּט זיך ארויס א ליגען.

— קום מאָרגען, — זאָגט דער רבי — וועל איך דיר געבען א סגולה.

אז דער מתנגד איז אוועק, האָט דער רבי געהייסען נעהמען זעהר ביטערע קרייטאכער און דאס צומאַחלען און אריינטאָהן אין ברויט. אויף מאָרגען, ווען דער מתנגד איז געקומען, האָט דער רבי איהם דערלאנגט די ברויט און געהייסען דאָס עסען, וועט עס זיין א סגולה. ווי דער מתנגד האָט גענומען עסען דעם ערשטען ביסען, האָט ער זיך גענומען קרימען, און טרעהרען האָבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען.

— וואָס איז? — פרעגט דער רבי.

— רבי, דאָס איז שרעקליך ביטער! — האָט דער מתנגד זיך געקרימט.

— זעהסטו, — זאָגט דער רבי, — אָט האָסטו שוין א סגולה... דו זאָגסט דעם אמת און דו פיהלסט שוין א טעם...

———:———

## ער האָט נאָך ערגער געמאכט.

אין א געדרוקטען וכוח איבער די חסידים, האָט דער „נודע־ביהודה" אין א הלצה איבערגעמאכט אין דעם פסוק „צדיקים ילכו בם ופושעים יכשלו בם" א שטאָט „פושעים" האָט ער געשטעלט „וחסידים יכשלו בם".

האָט עס א חסיד פארדראָסען און האָט אויסגעמעקט דעם וואָרט „חסידים" און צוריק אָנגעשריבען „ופושעים".

אַז מען האָט עס איבערגעגעבען דעם „נודע־ביהודה" האָט ער לאכענדיג געזאָגט:

— דער חסיד האָט נאָך ערגער געמאכט. איך האָב געמאכט פון „פושעים" — „חסידים", און ער האָט פון „חסידים" געמאכט „פושעים".

---

## אן אנדער פשט.

דער ווארשאווער געלעהרטער טוגענהאלד, וועלכער איז אויך געווען א פרייער, האָט איינמאָל, ארויספאָהרענדיג אין זיין עלעגאנטען עקיפאזש אויף א שפאַציער, באגעגענט אויפ'ן וועג א מחנה חסידים פאָהרענדיג צום רבי'ן. דער וואָגען, אויף וועלכען די חסידים זיינען געזעסען איינע אויף די אנדערע, איז געווען אַזוי אָנגעפאקט, אז דער פערד האָט זיך קוים גערירט פון אָרט. ווען די חסידים האָבען דערזעהן טוגענהאלד'ן אין זיין שעהנעם עקיפאזש, האָט איינער אויסגערופען הויך, טוגענהאָלד זאָל עס הערען, „אם לעוברי רצונו כך, לעושי רצונו על אחת כמה וכמה". (ווען די פרייע געהט עס אזוי גוט, ווי וואויל וועט עס שוין די פרומע זיין).

— איהר לערנט א פאלשען פשט אין מאמר — האָט טוגענהאלד אויסגערופען — דער געדאנק פון חז"ל איז גאָר אזוי:

„אם לעוברי רצונו“, געהערט מען צו די עוברים — געהט עס — כך, ווי איך זיץ, אין א שעהנעם עקיפאזש, „לעושי רצונו“ — געהערט מען צו די חסידים די עושי־רצונו — „על אחת“ — אויף איין פערד און וואָגען, „כמה וכמה“ — זיצען פיעל און פיעל חסידים.

———:———

## „פטור און מותר“

אַ סלאָנימער בעל־הבית, א פארברענטער מתנגד, איז אמאָל געקומען שבת פאר מנחה אין גרויסען בית־המדרש צו חברה ש"ס און האָט דערצעהלט א טשיקאַווע מעשה. ער איז היינט צופעליג געוועזען ביים רבי'ס טיש און דער רבי האָט געזאָגט תורה, וואָס ביי אונז ווייס עס יעדער איינער און די חסידים האָבען דערפון געכאַפט גרויסע התפעלות.

— וואָס איז געווען פאר א תורה? — האָבען איהם חברה ש"ס געפרעגט.

— דער רבי האָט פארטייטש דעם פסוק „איש אמו ואביו תיראו“. א מענש דארף מורא האָבען פאר פאָטער און מוטער.

דער עולם איז געוואָרען זעהר נייגעריג, ווייל דער רבי איז געווען באוואוסט אין שטאָט פאר א גרויסען למדן, עס איז גע־בליבען, מען זאל ארויסשיקען איינעם אין גאס און אריינרופען דעם ערשטען בעסטען חסיד, וואס וועט זיך אָנדרעהען, און איהם איבערפרעגען דעם רבי'ס תורה.

גראדע איז דורכגעגאנגען שמואל דער מעהלער, א פאר־ברענטער חסיד, האָט איהם דער שליח אריינגערופען אין בית־המדרש.

— שמואל, ביזט היינט געוועזען ביים טיש? — האָט איהם דער עולם געפרעגט.

— יא, — האָט שמואל געענטפערט.

— וואָס פאר א תורה האָט דער רבי היינט געזאָגט?

— דער רבי האָט געזאָגט „איש אמו ואביו תיראו" — א מענש דארף מורא האָבען פאר פטור און מותר — האָט שמואל געענטפערט אביסעל פאר'דבק'ט.

דער בעל-הבית איז פארשעמט געוואָרען.

———:———

## אן אות אָדער אַ מופת.

אַ מתנגד האָט אויפגעוואָרפען א חסיד, אז זיין רבי קען ניט לערנען.

— אן אמת'ער רבי דארף גאָר ניט קענען לערנען — האָט איהם דער חסיד געענטפערט — דער פסוק זאָגט: „ונתן לך אות או מופת", קען מען אן אות, קען מען ניט קיין מופת; קען מען אָבער א מופת, קען מען ניט קיין אות.

———:———

## יום כ-פורים.

אַ באוואוסטער רב פלעגט זאָגען:

— דער ריכטיגער פשט פון יום-כפורים איז יום כ-פורים, אַ טאָג ווי פורים. פונקט אזוי ווי פורים איז מען זיך נוהג צו פארשטעלען אזוי אויך יום-כפור. דער חלוק איז נאָר, פורים פארשטעלען זיך אידען פאר גוים, און יום-כפור — גוים פאר אידען.

———:———

## פּטור צו ווערען פון זייער בעטען אויף איהם.

רבי נאטאנזאָן, דער באריהמטער לעמבערגער רב, איז גע־ווען באקאנט אלס א גרויסער מתנגד. ער האָט ממש ניט גע־קענט ליידען די חסידים. איינמאָל האָט זיך געמאכט א צופאל, אַז ביי דעם מנין, וואָס דער רב האָט געדאווענט, איז דער ש"ץ געווען א חסיד. אז עס איז געקומען צו קדיש, האָט דער ש"ץ, ווי אין נוסח ספרד, געוועהנליך געזאָגט „ויצמח פורקניה וקריב משיחא". רב נאטאזאָן האָט עס פארדראָסען. נאָכ'ן דאווגען רופט ער זיך אָפּ צו די ארומיגע:

— ווי דערלעבט מען שוין משיח'ן, אום פּטור צו ווערען פון דעם „ויצמח פורקניה".

———:———

## מ י ט א מ י י ן.

אַ חסיד דערצעהלט פאר'ן עולם, אז דער רבי זיינער פאסט אלע טאָג אויסער שבת ויום־טוב.

— עס איז ניט אמת, — רופט זיך אָן א מתנגד, וואָס איז געשטאַנען דערביי — איך האָב אליין געזעהן ניט איינמאָל מיט מיינע אויגען, ווי דער רבי האָט געגעסען אין אַ וואָכענדיגען טאָג.

— וואָס פארשטעהט איהר ניט — ענטפערט דער חסיד — דער רבי זאָל לעבען עסט אָפּטמאָל מיט א מיין, כדי מען זאָל ניט וויסען, אז ער פאסט.

———:———

# ד.
# חזנים



## ער נעמט געלט פאר'ן שרייען.

אין זעטעל איז געווען ר' אליה מאיר דער חזן שוחט, אן ארענטליכער איד. האט ער אמאל אין אן ערב יום טוב בודק געווען בהמות און, אויף להכעיס, איז אויף עטליכע בהמות מיט אמאל געווען שווערע שאלות. האט עם ר' אליה מאיר געזאגט די קצבים.

— וואס רעדט איהר, ר' אליה מאיר, — האבען די קצבים אנגעהויבען איהם בעטען, — עס איז דאך ערב יום טוב, מיר זיינען אומגליקליך. אט, שווייגט דערפון, איהר וועט קיין חרטה ניט האבען.

— וואס רעדט איהר? — האט דער חזן שוחט געענט־פערט — איך נעם געלט ביי קהל פאר'ן שרייען, הייסט איהר מיר גאר שווייגען.



## ער האט שוין געדארפט צו געבען די קליינינקייט.

דער עיקר כח פון דעם בעריהמטען חזן, ניסי בעלזער, איז באשטאנען אין שאפען אייגענע קאמפאזיציעס. ער אליין איז געווען הייזעריגלאך און געהאט אן אפגעריסענע שטימע, נאר ער פלעגט זיך פארלאזען אויף זיין גוטען כאהר.

ר׳ ניסי איז געווען אריינגעהער ביי ר׳ דוד׳ל טאלנער אין „הויף״.

איינמאָל האָט ר׳ דוד׳ל געפרעגט ניסי׳ן:

— ניסי, וויפיעל קאָסט דיר אָפּ דיין כאָהר?

— צוועלף הונדערט רובעל א יאהר. — האָט ניסי געענט־פערט.

— דו ביזט א קמצן, — האָט איהם ר׳ דוד׳ל געזאָגט — ווען דו וואָלסט שוין אויסגעבען נאָך דריי הונדערט רובעל און וואָלסט נאָך אוועקגעשטעלט א חזן צו דיין כאָהר, וואָלסט דאָך אויפגעטאָן גדולות ונפלאות...

———:———

## מהפך געווען דער סדר העולם.

א איד איז געקומען אין א שטאָט און זיך אָנגעגעבען אלס חזן און דרשן.

שבת פריה האָט ער געדאווענט פאר׳ן עמוד און בייטאָג האָט ער געהאלטען א דרשה. נאָכ׳ן דרוש געהט צו דער מגיד צום גבאי און פרעגט:

— ווי איז אייך געפעלען מיין דרשה?

— איהר זייט א קינסטלער — ענטפערט דער גבאי — איהר האָט משנה געווען דעם סדר העולם. די וועלט האלט א חזן פאר א נאַר און א דרשן פאר א חכם, איהר האָט, אָבער, געדאווענט ווי א דרשן און געזאָגט ווי א חזן.

———:———

## איהם פעלט דער חזן.

א וואנדערער חזן איז אמאָל געקומען צו דעם בודאפעסטער בעריהמטען חזן, פראָפעסאר פרידמאַן, און האָט איהם געבעטען

ער זאָל איהם אויסבאַרגען זיינעם א משורר, ווייל ער וויל געהן אין דער נאָהנטער שטעטעל דאווענען א שבת.

האָט צו איהם פרידמאַן געזאָגט:

— לאָמיר נאָר אפריהער הערען דיין שטימע, וועלען מיר וויסען וואס פאר א סאָרט משורר דיר פעלט.

דער חזן האָט איינגעשטימט און פאר איהם געזונגען א פּאָר שטיקלאך נגינה.

פראָפעסאר פרידמאַן האָט אויסגעהערט און האָט געזאָגט:

— מיין ליבער פריינט, לויט ווי איך זעה, פעלט אייך ניט קיין משורר, אייך פעלט גאָר א חזן און א חזן קען איך אייך, ליידער, ניט געבען...

———:———

## וואָס א חזן קען זיך טראכטען.

אַ חזן האָט געדאווענט אין שוהל און דער עולם איז געווען זעהר ניט צופרידען פון דאווענען. אָבער דער חזן האָט וואס ווייטער אלץ שטארקער זיך צוזונגען און ווילד זיך געדרעדעלט. איז דער עולם ארוים פון געדולד און אָנגעהויבען צו ווארפען אויף איהם די האָנטיכער פון בית המדרש, אבער דער חזן האָט נאָך שטארקער אָנגעהויבען צו גאַרגלען זיך. האָט מען איהם באוואר־פען מיט די סטענדערס, אבער דער חזן האָט ווי צופרידען פון דעם אלץ ווייטער געדאווענט. איז איינער פון עולם א בעל־העזה גע־וואָרען אין כעס, צוגעגאנגען צום חזן און איהם אָנגעשפיגען אין פנים — דאָס האָט אָבער אלץ ניט געהאָלפען, ביז מען האָט אָנגענומען דעם חזן אונטער די הענט און אראָפּגעפיהרט פון עמוד. אז מען האָט דעם חזן געפרעגט, פאר וואס איז ער אליין פריהער ניט אראָפּ, האָט ער תמימות׳דיג געענטפערט:

— איך האָב גאָר ניט פארשטאַנען וואס מען מיינט: ווען

מען האָט מיך געוואָרפען מיט די האנטיכער, האָב איך גע־טראכט, דאָסווארפט מען מיך איך זאָל זיך אָפּווישען דעם שוויים; ווען מען האָט אָנגעווארפען די סטענדערס, האָב איך געטראכט, אז עס זיינען געקומען הערען אזוי פיעל מענשען, אז עס איז ענג אין שוהל און עס איז ניטאָ אוואו צו שטעהן... ווען דער העזה׳ניק האָט מיר א שפּיי געטאָן אין פנים, האָב איך גע־טראכט, ער מוז זיין א גוטער פריינד און איז צופרידען פון מיין נגינה, שפּייט ער דאס מיר אָן, איך זאָל קיין עין־הרע ניט קריי־גען, ווי מיין באבע פלעגט מיט מיר טאָן. ערשט אז מען האָט מיך אראָפּגעפיהרט, האָב איך שוין פארשטאַנען, אז זיי געפעלט ניט מיין נגינה.

———:———

## אז מען קען ניט, דארף מען ניט געבען.

אַ חזן איז געקומען צופאָהרען אין א קליין שטעטעל אויף שבת, האָט ער געבעטען, מען זאָל איהם לאָזען דאוונען פאר׳ן עמוד — האָט מען איהם געלאָזט. ער שטעלט זיך דאוונען, ערשט ער מאטערט זיך און דרעהט מיט׳ן קול. איז דער עולם גע־וואָרען ניט צופרידען און אָנגעהויבען מורמלען, הלמאי מען האָט איהם געלאָזען דאוונען. עטליכע בעלי בתים האָבען געהייסען דעם שמש, ער זאָל צוגעהן צום חזן און הייסען איהם אויפ־הערען מאכען קונצען, איז דער שמש צוגעגאנגען צום חזן און איהם געזאָגט:

— חזן, מאטערט זיך ניט אזוי און דרעהט ניט.

— איך האָב דאָס האָלט! — ענטפערט דער חזן.

— מען וועט אייך אבער ניט באצאָהלען.— זאָגט דער שמש.

— נו, מילא! אויך פארפאלען! גיב איך מיין דאוונען א נדבה דער שטעטעל.

— אָבער, אז מען קען ניט, דארף מען ניט געבען... — האָט דער שמש איהם געענטפערט.

---

## ווען פערד זיינען מבינים.

אין א קליין שטעטעל איז געקומען א חזן דאוונען אויף א שבת. ער האָט גרויסארטיג געדאווענט און איז געווען זיכער, אז ער נעמט דאָרט די חזנות שטעלע. אָבער ווי איבערראשט איז ער געוואָרען, אז קהל האָט איינשטימיג באשלאָסען, איהם הייסען פאָהרען ווייטער. דער חזן איז אָבער ניט אוועקגע־פאָהרען. אויף איבערמארגען, מאָנטאג, איז ער ארוים אין מארק און געפרעגט די אידען, וואו קען ער דאָ קויפען א פערד.

— וואָס? — האָבען זיך די אידען געוואונדערט — איהר קויפט א פערד? וואס פאר א מבין זייט איהר אויף פערד?

— אויב פערד זיינען מבינים אויף א חזן, איז א חזן א מבין אויף פערד. — האָט דער חזן אָפּגעענטפערט.

---

## ער קען ברייגנען א מבול.

אַ חזן האָט זיך באריהמט פאר׳ן ראש הקהל אז ווי נאָר ער האָט אָפּגעדאווענט „תפלת גשם“ אזוי האָט גלייך אָנגעהויבען רעגענען.

דער ראש הקהל האָט איהם גלייך געענטפערט:

— אזוינע מענשען ווי דו קענען אויך ברייגנען א מבול אויף דער וועלט.

---

## ווען אַ חזן איז ניט קיין נאַר.

א רב פון א שטאָט, וועלכער האָט געהאט א נאָמען פאר ניט קיין חכם און ניט קיין למדן, האָט געגעבען א פרעג דעם חזן בפני כל הקהל:

— זאָגט מיר חזן, פארוואס זאָגט עפעם די וועלט אז חזנים זיינען נאַראָנים?

דער חזן איז אבער גראדע קיין נאַר ניט געווען, און האָט דעם רב גלייך אָפּגעענטפערט:

— געוויס איז א חזן א נאַר... ווען דו קענסט ניט לערנען און ניט זינגען, טאָ צו וואָס נעמסט זיך צו חזנות? נעם זיך בע־סער צו רבנות, וועסטו בעסער מאכען.

---

## ער זאָגט פאר אלעמען.

אַ חזן האָט געהאט די טבע צו איבערזינגען עטליכע מאָל אַ וואָרט. דאָס איז ניט געווען געפעלען די גבאים און אלע בעלי־בתים, וועלכע האָבען ניט געוואָלט ליידען וואס דער חזן איז זיי מאריך מיט דעם. איינמאָל אויף אן אסיפה האָבען זיי גענומען דעם חזן אין די אויגען פון איהם אָפּלאכען און נאָכמאכען ווי ער זאָגט צעהן מאָל א וואָרט.

— איך פארשטעה ניט — זאָגט דער חזן עטוואָס אויפגע־רעגט — איך מוז דאָך זאָגען עטליכע מאָל. איך בין דאָך אייער שליח צבור, זאָג איך שוין פאר מיר, פאר די גבאים, פאר'ן רב און פאר אלע בעלי־בתים, קומט עס אוים עטליכע מאָל.

---

## דאָס איז שוין זיין גליק.

אין א קליין שטעטעל האָט מען געהאלטען ביים אָננעהמען א חזן אין שוהל. דער חזן האָט אבער געוואָלט, אז מען זאָל איהם באצאָהלען פאר צוויי יאָהר אין פאָראויס. האָבען די בעלי־בתים פון שוהל ניט געוואָלט מסכים זיין און זיי האָבען געזאָגט:

— ווי קענען מיר אייך באצאָהלען פאָראויס, טאָמער שטארבט איהר גאָר אוועק פאר די צוויי יאָהר.

— אז איך וועל שטארבען, וועט עס זיין מיין גליק. — האָט דער חזן געענטפערט.

---

## איבער׳ן ים זינגען זיי.

מען האָט אמאָל געפרעגט ביי א חזן, וואס איז נאָך דערצו געווען א למדן אויך, ווי קומט עס, וואס אין אמעריקא זיינען פאראן אזוי פיל חזנים?

— מיט די אידען איז אימער געווען אזוי, — האָט דער חזן געענטפערט — אז משה רבינו איז געווען אין מצרים און גאָט האָט איהם געשיקט צו פרעה׳ן, האָט משה גע׳טענה׳ט — „כבד פה אנכי“... איך קען ניט ריידען. קוים אָבער זיינען אידען ארי־בער דעם ים, איז באלד — אז ישיר משה — ער זינגט שוין. דאָס זעלבע איז אויך אין אמעריקא.

---

## ווערען אלע וויסען.

אַ חזן פון א שטעטעל איז געפאָהרען צוגאסט צו זיינעם א קרוב אין דער גרויסער שטאָט.

זאָגט צו איהם דער קרוב:

— ווייסט וואס איך וועל דיר זאָגען, ביי דיר אין שטעטעל טאָר דאָך דער חזן ניט געהען אין טעאטער, דערפאר דאָ כאפּ אריין. קום, איך וועל דיך נעמען אין אידישען טעאטער.

דער חזן האָט מסכים געווען.

אין טעאטער האָט מען גראדע געשפּיעלט א שטיק, אין וועלכען עס קומט פאר א קריגעריי צווישען צוויי שכנים.

אז דער חזן האָט דערהערט די גרויסע מחלוקת, ווי וויים די שכנים זידלען זיך און רופען אוים איינע די אנדערע די מאוס׳טע נעמען, זאָגט ער צום קרוב:

— האָב אויף מיר רחמנות, קום לאָמיר אוועקגעהן פון דאנען.

— וואָס? — האָט דער קרוב פארוואונדערט איהם געפרעגט.

— איך בין שוין געניט אין אזוינע זאכען — ענטפערט דער חזן —ווען שכנים קריגען זיך קומט תמיד ארוים א געשלעג.

— טאָ וואס געהט עס דיך אָן? — האָט דער קרוב אלץ ניט פאַרשטאַנען.

— דערנאָך וועט נאָך איינער אָנגעבען אויף דעם אַנדערען אין געריכט און מען וועט מיך שלעפּען פאר אַן עדות, דערוויל וועט מיין שטעטעל געוואָהר ווערען, אז איך בין געוועזן אין טעאטער.

———:———

# דאָס מוזער.

מען האָט זיך אין שטעטעל געקלאָגט אויפ׳ן חזן, ער לעבט צו ברייט, ער פארגינט זיך אלץ. אלע טאָג עסט ער עוף צו מיטאג. די שכנים האָבען געוואָלט שווערען, אז עס איז אַן אמת. האָט מען דעם חזן אויסגערעדט, וואס ער פיהרט זיך אזוי רחבות׳דיג.

— עס איז ניט אמת, — טענה'ט דער חזן — איך קום קוים אַדורך מיט מיינע שכירות.

— טאָ פארוואס עסטו אלע טאָג עוף?

— דאָס מוז איך צוליעב דער שטימע, ווייל עס שטעהט: „כי עוף השמים יוליך את הקול".

———:———

## ווער עס שרייט העכער.

אַז עס איז געקומען צו רייד וועגען חזנים, האָט יעדער איינער, ווי געוועהנליך, דערצעהלט אז זיין חזן איז דער גרעס־טער. האָט יעדער גערעכענט די מעלות פון „זיין" חזן.

— וואָס דארפט איהר מעהר, — רופט זיך אָפּ איינער — אז אונזער חזן האָט א געשריי געטאָן „הנני" האָבען אזש די ווענט געציטערט.

— פּשש, — רופט זיך אָפּ אן אנדערער — אויך מיר א חזן, איך וועל אייך דערצעהלען א גרעסערען חדוש: איך האָב א פעטער, איז ער ניט קיין חזן, און דאָך האָט ער אמאָל געזאָגט „הנני העני" (איך בין באנקראט) האָט גאנץ שטאָט אויפגע־ציטערט.

———:———

## ער איז אַ למדן.

די לומדים אין שטעטעל האָבען זיך זעהר געַ'יחוס'ט און האָבען אויף דעם „המון" בעלי מלאכות גאָר ניט געוואָלט א קוק טאָן. האָט עס די בעלי־מלאכות זעהר געקרענקט און זיי האָבען אויפגעבויט אן אייגענע שוהל און דאָרט געמאכט די ערשטע תקנה, אז ביי זיי טאָר זיך ניט געפינען קיין למדן, אפילו דער חזן און רב מוזען אויך זיין פּראָסטע מענשען.

מאכט זיך איינמאָל, אז דער חזן איז מעביר די סדרה קרח און שטעלט זיך אָפּ אינמיטען לייענען. וואָס איז? ער האָט גע־פונען א גרייז „קרח" דאַרף זיך אויסלייגען מיט „כ" און דאָ איז גאָר מיט א „ח".

— פון וואַנען ווייסט איהר דאָס, חזן? — פרעגען איהם די גבאים.

נעמט דער חזן אַן הגדה און ווייזט זיי „כרך" מיט א „ך".

— עה, אויב שוין יע אזוי — זאָגען די גבאים צום חזן — ביזטו דאָך א למדן, און א למדן טאָר זיך ניט געפינען ביי אונז אין שוהל.

---

## ער פיהרט דעם חזן אויך.

אַ חזן, וואָס פלעגט א גאַנצען יאהר ארומפאָהרען פון שטעט־טעל צו שטעטעל מיט זיינע משוררים און דאַווענען שבתים, האָט געהאַט אַן אייגענעם פערד און וואָגען און אויך א בעל־עגלה. נאָכ'ן דאַווענען, פרייטאג צו נאַכטס, פלעגען געוועהנליך די בעלי־בתים נעהמען די משוררים אויף שבת, פלעגט דער חזן אויך דעם בעל־עגלה אוועקשטעלען צווישען די משוררים, בכדי מען זאָל איהם אויך נעהמען אויף שבת.

א בעל־הבית, וואס האָט גענומען דעם בעל־עגלה צו זיך אויף שבת, מיינענדיג אז ער איז א משורר, האָט איהם געפרעגט:

— ווי קומט עס, וואס בעת די משוררים האָבען געזונגען, האָט איהר געשוויגען? צו וואס דאַרף אייך דער חזן?

— איך! — האָט געענטפערט דער בעל־עגלה גדלות'דיג — בין נאָך גרעסער פון חזן אליין! דער חזן פיהרט נאָר דעם כאָהר אליין, און איך פיהר דעם כאָהר מיט'ן חזן צוזאמען...

---

## ווער עס דאַרף א חזן.

א חזן האָט געדאַוונט אין א שטעטעל אויף „פּראָבע“ און האָט זעהר אויסגענומען ביי אלעמען. עס האָט שוין געהאלטען ביי דעם ער זאָל נעמען די שטעלע, איז ער אבער ניט געווען גע־פעלען דעם רב מיט עטליכע שעהנע בעלי־בתים, וועלכע האָבען זיך איינגעשפּארט און ניט דערלאָזען איהם נעמען פאר א חזן אין שטאָט. עס איז אויסגעבראָכען א גרויסע מחלוקת. דער „המון“ בעלי־מלאכות האָבען געשריען און געליארימט מען זאָל נאָר נעמען דעם חזן. האָט דער רב געהאלטען א דרשה צו בארוהיגען דעם עולם.

— די תורה דערצעהלט אונז — זאָגט דער רב — ווען די׳ אידען זיינען געגאנגען אין מדבר האָבען זיי זיך כסדר געקלאָגט און געמורמעלט און אלץ פארלאנגט נייע זאכען. איז דאָך די קשיה, פארוואס האָבען זיי די ערשטע זאך ניט פארלאנגט א חזן? איז אבער דער תירוץ, די תורה דערצעהלט אונז ווייטער, אז די גאנצע פערציג יאהר פון זייער וואנדערען אין מדבר זיי־נען זייערע שיך און קליידער ניט אלט געוואָרען און זיך ניט צו־ריסען. האָט מען דאָך דאָרט ניט געדארפט ניט קיין שוסטער און ניט קיין שניידער, איז דעריבער נישט געווען ווער עס זאָל פארלאנגען א חזן.

---

## צוגעפּאסט.

א ביאליסטאָקער חזן, מיט׳ן נאָמען פנחס, איז געווען זעהר באריהמט. גרויסע קהילות פלעגען זיך לאָזען קאָסטען גרויסע געלט אום נאָר איינצולאדען ר׳ פנחס׳ן אויף א שבת און הערען זיין נגינה.

איינמאָל איז איינער פון זיין כאָהר געקומען אין א שטאָט

און זיך אָנגעגעבען פאר דעם חזן פּנחס, ער האָט דאָרט גע־דאווענט א שבת און גענומען א סך באצאָהלט.

ווען ר׳ פּנחס האָט זיך דערוואוסט, האָט ער אויף איהם גע־זאָגט:

— עושה מעשה זמרי ומבקש שכר כפּנחס.

———:———

## נאָך מעהר אומגליקליכער.

צו דעם ריגער חזן ראזאווסקי איז אריינגעקומען אן אָרימער איד און זיך פארגעשטעלט אלס א חזן.

— ליעבער חבר, — זאָגט דער אָרימער איד — איך בין ניט פאר אייך געדאכט פאראונגליקליכט געוואָרען, איך האָב אָנ־געוואָרען מיין שטימע, מוזט איהר מיר אויסהעלפען.

דער חזן האָט איהם געגעבען א נדבה. דער איד איז פון דער נדבה ניט געווען צופרידען און זיך געקלאָגט ווייטער:

— וואָס וועל איך דערמיט מאכען אזא אומגליקליכער ווי איך בין!

— ס׳איז דאָ נאָך אן אומגליקליכערער פון אייך, וועמען איך מוז אויך געבען א נדבה — האָט דער חזן געזאָגט.

— ווער איז דאָס?

— דער וואָס וועט אייער שטימע געפינען. — האָט חזן ראַ־זאווסקי געענטפערט.

———:———

## גלייך צו פּאפּיר.

אַ חזן האָט ראש השנה זיך זעהר שטארק געריסען דעם האלז. דער עיקר האָט ער געזונגען ביי „משול כחרס הנשבר“. נאָכ׳ן דאווענען געהט צו איהם צו א בעל־הבית און זאָגט:

— איהר ווייסט, חזן, אלע מענשען האָט איהר אויסגערע־כענט צו וואָס זיי זיינען גלייך — נאָר אייך אליין האָט איהר פארגעסען.

— וואָס הייסט? — פרעגט דער חזן.

— איהר האָט געדארפט זאָגען „אַ חזן איז געגליכען צו פּאַפּיר“.

— וואָס עפּעס צו פּאַפּיר?

— פּאַפּיר רייסט זיך און א חזן רייסט זיך. — האָט דער בעל־הבית געענטפערט.

——:——

## ער ווארט אויפ׳ן „אויסגעהן“.

דער רב און חזן האָבען ניט געלעבט בשלום צווישען זיך. זיי האָבען אָפט געווערטעלט איינע אויף די אנדערע ביז זיי זיי־נען געוואָרען כמעט ווי שונאים. אז דער חזן האָט געדאווענט ביים עמוד, האָט ער ביי „קריאת שמע“ אויפ׳ן רב ניט געוואַרט, ביי „שמונה־עשרה“ אבער, האָט דער חזן ניט אָנגעהויבען, ביז דער רב איז אויסגעגאנגען, איז דעם רב געווען א וואונדער און האָט פאר בעל־בתים געפרעגט דעם ממה נפשך:

— איז דער חזן אין כעס — טאָ פארוואס האָט ער געווארט אויף מיר מיט „שמונה־עשרה“; איז ער ניט אין כעס — טאָ פארוואס האָט ער ניט געווארט מיט „קריאת־שמע“?

אַז מען האָט עס איבערגעגעבען דעם חזן, האָט ער ער־קלעהרט:

— איך וועל אייך זאָגען, אויפ׳ן „אמת“ זיך דערווארטען ביי אונזער רב איז זעהר ווייט; אָבער „אויסגעהן“ מוז ער דאָך אַמאָל, ווארט איך.

——:——

## ער זאָל געהן אויף אלע פיער.

אין שטאָט איז אין איין טאָג געווען פיער שמחות מיט אמאָל: ביי איינעם א חתונה, ביים אנדערען א ברית, ביים דריטען א תנאים און ביים פיערטען א פדיון הבן. איז דער שמש ארומגעלאָפען א גאנצען טאָג בעטען דעם עולם צו די שמחות. איין בעל־הבית איז געווען געבעטען פון אלע פיער ערטער מיט אמאָל.

— וואו זאָל איך געהן? — פרעגט דער בעל־הבית.

— געהט אויף אלע פיער.— ענטפערט דער שמש איילענדיג.

---

## אַ רעטעניש, וואָס איז דאָס?

אַ קלוגער בעל־הבית האָט אמאָל געבעטען צוויי שמשים אַרויסצוגעהן איבער'ן שטאָט צוזאמענקלייבען געלט אויף א דבר־מצוה. די שמשים זיינען ארויסגעגאנגען, אָבער גאָר ניט געמאכט. שפעטער האָט דער בעל־הבית געפרעגט אין שוהל פאר אלע אידען א רעטעניש:

— קענט איהר מיר ניט זאָגען, ליבע אידען, וואָס איז דאָס: פיער פיס, איין קערפער און מאכט „מו".

— א בהמה. — האָבען אלע זיך געבאפט.

— און וואָס איז דאָס: 4 פיס, 1 קערפער און מאכט „מע".

— דאָס איז א ציג!

— און וואָס איז דאָס: 4 פיס, 2 קערפערס, און מאכען גאָר נישט?

---

# ער איז פארנומען.

א פרעזידענט אין אן אמעריקאנער שוהל האָט אמאָל גע־פרעגט דעם חזן פון שוהל, וועלכען ער האָט פיינט געקראָגען, וואָס טוט ער גאנצע טעג, אז דאוונען אין שוהל דאווענט ער נאָר איין מאָל א חודש, שבת מברכים, מען קען דאָך פון זינען אראָפּ ארומגעהענדיג ליידיג.

— איך בין א גאנצען טאָג פארנומען, — האָט דער חזן געענטפערט — אָט וועל איך אייך מאכען א חשבון. אין דער פריה ביז מען דאווענט אָפּ און מען פריהשטיקט איז 11 אזייגער, דערנאָך א צוויי שטונדען לערען איך נגינה און דאן צוויי אזייגער איז מיטאָג און פון דריי ביז פינף האָב איך פיינט מיין פרעזי־דענט...

---

## פונקט פארקעהרט ווי מען דארף.

אין א קליין שטעטעל האָט דער שוחט, וואס האָט געהאט ווינציג וואס צו שעכטען און ניט געקענט דערפון פארדינען אויף א לעבען, זיך אויך באשעפטיגט מיט זייגערמאכעריי. שטעטעל האָט אבער פון איהם ווינציג וואס געהאלטען און גע׳טענה׳ט, אז ער קעןביידע מלאכות ניט גוט. דער שטעטעלשער „חכם“ האָט דערצו אויך באשאפען א גלייך־ווערטעל:

— ווען אונזער שוחט שעכט א הינדעל — געהט עס; ווען ער פארריכט א זייגערל — שטעהט עס.

---

ח.

# מלמדים



## יעדערער איז נאַר אויף אַ זמן.

עס איז געווען אַן אָרימער ישוב'ניק, וואָס גאָט האָט איהם אויפגעריכט און ער איז געוואָרען מיט אמאָל א שטיק עושר.

דער ישוב'ניק האָט אויסגעבוים א נייע הויז, איינגעקויפט נייע טישען און ביינקלאך און אויך געקויפט א שעהנעם זילבער־נעם בעכער אויף קדוש.

ווען דער ישוב'ניק איז אריין אין דער נייער הויז, האָט ער געמאכט א שמחה און איינגעלאדען אלע זיינע גוטע פריינט. ביי דער שמחה האָט מען גענומען אביסעל בראנפען און זיך אוועקגעלאָזען אין אַ טענצעל. ערשט מען זעהט, אז דער מלמד, וואָס האָט געלערנט מיט דעם ישוב'ניקס קינדער, טאַנצט און הוליעט מעהר פון אלעמען.

דער ישוב'ניק האָט ניט געקענט פארשטעהן, וואס פרעהט זיך אזוי שטארק דער מלמד מיט זיינע עשירות, און האָט איהם געפרעגט:

— וואָס טאנצט איהר אזוי פיעל? וואָס פרעהט איהר זיך מיט דער הויז און די כלים, עס וועט דאָך אריבערגעהן דער זמן, וועט איהר דאָך דאַ מעהר ניט זיין?

— איז וואָס? — האָט דער מלמד געענטפערט — און אז עס וועט אריבערגעהן א י י ע ר זמן, דעריבער פרעהט איהר זיך דען ניט?



## דעם רבי׳ס ליגענס.

אז דער יונגער בחור איז נאָך עטליכע יאָהר זיין אין דער פרעמד, אין דער ברייטער וועלט, זיך אומגעקעהרט אין זיין היימישע שטעטעל, האָט ער דאָרט געטראָפּען אלץ ווי געוועזן. פאַרנאכט האָט ער אויך געטראָפען דעם אלטען רבי׳ן זיינעם געהענדיג אין שוהל.

דער רבי האָט איהם דערקאנט און אָפּגעגעבען „שלום־עליכם".

— עליכם שלום, — ענטפערט דער בחור — וואָס מאכט איהר, רבי? זאָגט איהר נאָך אלץ ליגען ווי אמאָל?

איז דער רבי געוואָרען אויפגערעגט. א בלאסע רויטקייט האָט באגאָסען זיינע בלייכע באקען.

— סטייטש, ליגען, ווען האָב איך דיר דאָס געלערנט ליגענס?

— אָט, ווען איך האָב ביי אייך געלערנט, — ענטפערט גע־לאסען דער בחור — איהר געדיינקט, רבי, איך פלעג אלץ ניט וועלען לערנען און איהר פלעגט זאָגען, אז איך וועל אמאָל אויף דעם חרטה האָבען. נו, אָט בין איך שוין אזוי גרויס, און האָב אלץ ניט קיין חרטה.

---

## זי איז אַ גוטע קוה.

א מלמד האָט ניט געהאט געגוג אויף צו לעבען פון די מלמדות, האָט די ווייב באשלאָסען איהם צוהעלפען און זיי האָבען דערקלעהרט קויפען א קוה און די מילך פארקויפען.

איז דער מלמד ארוים אין מארק קויפען אַ קוה. זעהט ער אַ הענדלער שטעהט מיט א קוה.

— איז זי א גוטע קוה, — פרעגט דער מלמד — גיט זי מילך?

— זי איז א גוטע קוה, זעהר א גוטע. — ענטפערט דער הענדלער.

דער מלמד האָט די קוה געקויפט און געבראַכט אהיים.

די ווייב נעמט איהר מעלקען, ערשט זי מעלקט און מעלקט און עס איז גאָר ניטאָ קיין מילך.

— וואָס פאר א קוה האָסט דאָס איינגעקויפט? — האָט זיך די ווייב צושריען — אן אָקס ניט קיין קוה.

— וואָס שרייסטו אזוי? — האָט דער מלמד געענטפערט — ער האָט מיר געזאָגט א גוטע קוה, איז זי דען א שלעכטע, זי וויל דיר ניט געבען? אז זי האָט ניט, קען זי דאָך ניט העלפען.

———:———

## ער וואָלט אויך געטאָן דאָס אייגענע.

דער אלטער גבריאל, א הויז מלמד, האָט אמאָל געטראָפען אַ יונג פאָרעל זיצענדיג געארמט, נעהמט ער זיי זאָגען מוסר:

— ווי שעהמט איהר זיך ניט צו זיצען אזוי צוזאמען פאר דער חתונה? איך בין אויך אמאָל געווען א יונגערמאן און האָב אויך געהאט א כלה און ווען איך האָב זיך אמאָל באגעגענט מיט איהר אין איין שטוב, איז זי געשטאַנען אין אייןווינקעל און איך אין צווייטען.

— יא, — שמייכעלט דער יונגערמאן מיט אן ענטפער — איך וואָלט אויך געטאָן דאָס אייגענע, ווען איך וואָלט זיין אייער ווייב'ס חתן.

———:———

## אַ מעשה נורא, וואָס א פאָר פארפעהלטע פינטעלאך קענען אָנמאכען.

אַ מלמד, וועלכער איז פארבליבען אָהן א קנעלונג, האָט זיך אוועקגעלאָזט אין דער ברייטער וועלט זוכען פרנסה. האָט די ווייב פון איהם ניט געהערט א לענגערע צייט און זי האָט ניט

געוואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען. נאָכדעם האָט זיך דער־הערט א קלאנג, אז ער איז געווען ערגעץ אין א געוויסער שטע־טעל, האָט די ווייב געשריבען צום רב פון יענער שטעטעל און איהם געבעטען, אז ער זאָל איהר צו־ווישען געבען אפשר וויים ער עפּעס פון איהר מאן.

האָט די מלמד'כע באקומען א קורצע תשובה „בלעך מת בעיר הזאת זה כחצי שנה". האָט מען איהר פארטייטשט מיט'ן ריכטיגען טייטש, אז איהר מאן איז געשטארבען אין דיזער שטאָט שוין בערך א האלב יאהר. האָט די פרוי באקלאָגט איהר מאן, געזעסען א שטונדע „שבעה", די קינדער האָבען געזאָגט „קדיש" און די גאנצע שטעטעל האָט געוואוסט, אז יאקעל דער מלמד איז געשטארבען.

אָבער ערב פּסח, שפּעט ביינאכט, ווען די אלמנה איז געלעגען און געשלאָפען, האָט אימיצער אָנגעקלאפּט ביי איהר אין טהיר. די מלמד'כע האָט א קוק געטאָן דורכ'ן פענס־טער און דערזעהן איהר געשטארבענעם מאן.

האָט זי געמאכט גרויסע קולות: „שמע ישראל" און גע־שריען:

— יאקעל, געה אין דיין רוה אריין!

— איך בין ניט געשטאָרבען. — האָט יאקעל פון הינטער'ן פענסטער געשריען. אָבער די פרוי האָט ניט געגלויבט און איהם ניט אריינגעלאָזען. דער מלמד האָט זיך גענומען ארומשלעפּען איבער'ן שטעטעל אָבער אלע פלעגען אנטלויפען פון איהם מיט שרעק און קיינער האָט איהם ניט אריינגעלאָזען אין שטוב אריין. איז די זאך אָנגעקומען צום רב פון שטעטעל, אז יאקעל דער מלמד, וועלכער איז שוין א האלב יאהר טויט, דרעהט זיך ארום אין „עולם התוהו", האָט דער רב באשטעלט א מנין פרומע אי־דען און זיי געהייסען זאָגען געוויסע פּסוקים און כאפּען דעם בר־מינן און איהם ברייגגען צו איהם, וועט ער איהם „מתקן" זיין.

צוויי געזונטע חברה־קדישא לייט האָבען געכאפּט דעם מלמד און געבראכט איהם פאר'ן רב מיט דעם מנין אידען.

— וואָס האָסטו צו אונזער שטעטעל, וואָס דרעהסטו זיך דאָ ארום? — האָט דער רב געפרעגט דעם טויטען מלמד.

— רבי, איך בין ניט געשטארבען. עס איז א בלבול! — האָט דער מלמד גע'טענה'ט.

— ניט געשטארבען, זאָגסטו? א בלבול — האָט דער רב געשריען — אָט איז דעם רב'ס בריף, ער שרייבט בפירוש צו דיין ווייב „בעלך מת זה כחצי שנה".

— עס איז אבער א ליגען, רבי, איך בין קיינמאָל ניט גע־שטאָרבען — האָט דער מלמד זיך גע'עקש'נט.

איז געבליבען, אז דער מלמד זאָל זיין ביים רב, ביז מען וועט נאָך אמאָל שרייבען צו יענעם רב און הערען וואס וועט ער ענטפערען, וועט מען וויסען צו דער מלמד איז געשטארבען אָדער ניט. אין עטליכע טעג ארום איז אבער אָנגעקומען פון יענעם רב אזא תשובה:

— „חס ושלום, המלמד בעולם לא מת. וזה שכתבתי „מת" אלה הן ראשי תיבות של מלמד תינוקות ואלה הם דברי „בעלך מ"ת (מלמד תינוקות) פה כחצי שנה".

אָט וואָס א פּאָר פארפעהלטע פינטעלאך האָבען אָנגעמאכט.

———:———

# זיך דערמאנט.

פרעגט דער מלמד דעם תלמיד:

— מיט וואס האָט שמשון הגבור געשלאָגען די פלשתים?

דער תלמיד בלייבט אין פארלעגענהייט און שטאמעלט:

— איך ווייס ניט, רבי.

ווייזט איהם דער מלמד אויף זיין אייגען באק און פרעגט:

— וואָס איז דאָס?

ווערט דער תלמיד דערפרעהט:

— אָ! איך וויים! מיט דעם באק פון אן אייזעל.

———:———

## „דרך ארץ קדמה לתורה".

אַ מלמד איז געבליבען אָהן א קנעלונג און האָט געמוזט אָנ־קומען צו צדקה. האָט ער זיך דערמאנט, אז א באוואוסטער גביר אין שטעטעל האָט אמאָל ביי איהם געלערנט אין חדר, און ער האָט באשלאָסען געהן צו איהם בעטען א נדבה. ער קומט אריין צום גביר, ערשט דער גביר פרעגט איהם:

— ווער זענט איהר? וואָס האָט איהר געוואָלט?

— איהר דערקענט מיך גאָר ניט? — וואונדערט זיך דער מלמד — איך בין דאָך אייער רבי, וואו איהר האָט געלערנט אין חדר.

— נו, איז וואָס? — פרעגט דער גביר — וואָס האָט איהר געוואָלט, איך האָב שוין אייער תורה לאנג פארגעסען.

— אויב אזוי, — זאָגט דער מלמד — קען איך שוין געהן אהיים. עס שטעהט „דרך ארץ קדמה לתורה", הייסט ווען איהר האָט שוין פארגעסען מיין תורה, האָט איהר דעם דרך־ארץ שוין לאנג פארגעסען.

———:———

## אויך אן עצה.

אַז חיים בערל דער מלמד איז צוזאמען מיט זיין ווייב געקו־מען אין דער גרויסער שטאָט, זיינען זיי אויך געגאנגען זעהן דעם מוזעאום.

— מיר ווילען דאָס אלעם ניט קענען דורכקוקען — זאָגט

חיים בערל צו דער ווייב — מיר האָבען ניט מעהר ווי א שטונדע צייט.

— פארוואָס ניט? — ענטפערט די ווייב — דו קוק אויף איין וואנט און איך וועל באקוקען די אנדערע.

———:———

## פון וואָס מען מאַכט קליידער.

אין שטעטעל איז געווען א מלמד, וועלכער איז געווען פון די היינטיגע. אויסער חומש און רש"י האָט ער געלערנט מיט די קינדער אויך זייטיגע זאכען. איינמאָל שמועסט אזוי דער מלמד מיט די קינדער פון נאטור־זאַכען:

— נו, יאנקעלע, צו וואס דארף מען האָבען שעפסען? — פרעגט דער מלמד א אינגעל.

דער אינגעל שווייגט. זאָגט איהם דער רבי:

— נו, וואָס נעמט מען אראָפּ פון שעפסען?

גיט דער אינגעל א טראכט און זאָגט:

— וואָל, רבי.

— און וואָס נאָך?

שווייגט ווייטער דער אינגעל. פרעגט דער רבי.

— שוטה, וואס מאכט מען פון וואָל?

דער אינגעל ווייס ווייטער ניט. זאָגט דער רבי:

— גוי'עשע קאָפּ! פון וואס האָט מען געמאכט דיין רעקעל?

כאפט גלייך דער אינגעל:

— פון טאַטענס א פּאָר אלטע הויזען.

———:———

# אַ מלמד׳שער פּשט׳ל.

אז בערל דער מלמד האָט געקראָגען די שטעלע פון מלמדות אין דער פרעמד, האָט ער דער ווייב געשריבען דעם דאָזיגען בריף:

„שיק מיר דיינע העמדער. ווען איך וועל שרייבען מיינע העמדער, ווערסטו לייענען „מיינע“ און דו וועסט מיר שיקען דיינע, אלזאָ שרייב איך דיר „דיינע“, ווערסטו לייענען דיינע, וועסטו מיר שיקען „מיינע“.

דיין ליעבער מאן בערל.“

———:———

# מיט וואָס וועט ער רעדען?

אין שטעטעל איז דער „טעלעפאָן“ נאָר וואס געוואָרען און שוין האָט וועלוועל דער מלמד געמוזט צו דעם אָנקומען.

דער אורח, וואָס איז ביי איהם „געשטאַנען“ איז געוואָרען קראנק און וועלוועל האָט אויף זיך ניט געוואָלט נעמען די אחריות און געאיילט אָנזאָגען אין דער נאָהנטער שטעטעל דעם אורח׳ס פאמיליע. דער מלמד וויים דאָך אבער ניט, ווי מען באגעהט זיך מיט א טעלעפאָן, פרעגט ער, ווי זאָל ער טאָן.

— אָט אזוי, — לערנט מען איהם — זאָלט איהר מיט איין האנט אָננעהמען די הענטעל און דרעהען און מיט דער אנדערער האנט זאָלט איהר האלטען די טרובקע ביים אויער.

— און מיט וואס וועל איך רעדען? — האָט וועלוועל פאר־וואונדערט געפרעגט.

———:———

## ניטאָ וואָס מורא צו האָבען.

אַ מלמד האָט פאר א לאנגע צייט געקנעלט מיט אן אמע־ריקאנעם „באָיטשיקעל״, אבער ער האָט איהם ניט געקענט אויסלערנען א שייטעל עברי. זעהענדיג אז דער אינגעל וועט זיך קיינמאָל ניט אויסלערנען ריכטיג דאווענען, האָט ער איהם גענומען לערנען זאָגען קדיש, זאָל ער כאָטש דאס קענען.

ווען די מוטער פון דעם אינגעל האָט דערהערט, ווי דער מלמד לערנט איהר תכשיט זאָגען קדיש, האָט זי זיך איבערגע־שראָקען און אריינגעפאלען צום רבי׳ן אין חדר מיט א קלאָג:

— רבי! גאָט איז מיט אייך! וואָס לערנט איהר איהם קדיש זאָגען? איך און מיין מאן זיינען נאָך יונגע מענשען און מיר האָפען נאָך צו לעבען און לעבען.

— איהר מעגט זיין גאנץ רוהיג — האָט דער מלמד גע־זאָגט — און לעבען נאָך הונדערט יאהר. קדיש זאָגען וועט אייער זון נאָך אלץ ניט קענען.

———:———

## א ממה נפשך.

מען האָט אמאָל געפרעגט א פרעזידענט פון א תלמוד־תורה פארוואס נעמט עפּעס אויף די תלמוד־תורה מלמדים נאָר אויף זעקס חדשים און ניט אויף א גאנץ יאהר?

— ממה נפשך — האָט דער פרעזידענט געענטפערט — איז דער מלמד א מענש מיט יושר, וואָס טוט זיין מלאכה ווי ס׳געהער צו זיין, מוז ער דאָך בדרך הטבע באקומען א לונגען־פעהלער און שטארבען לכל היותר אין זעקס חדשים, בלייבט ער

אָבער לעבען נאָך דעם „זמן“, זעהט מען דאָך באשיינפערליך, אז ער איז א „בלאָפער“ און מען מוז זוכען אן אנדערען אויף זיין אָרט.

———:———

## א גוטע תפיסה.

— ווי האָט מען עס אויסגעלערנט יוסף הצדיק זיבעציג שפראכען אין איין נאכט?

— ווייל ער האָט געהאט א גוטע תפיסה.

———:———

## דאָס איז שוין ניט געווען קיין תוכחה.

אַ לעהרער אין אן אמעריקאנער „תלמוד־תורה“ האָט זעהר פיעל געליטען פון א וויים־פרעזידענט, וואס איז געווען אן עם הארץ און זיך אבער געהאלטען פאר א גרויסען למדן. דער וויים־פרעזידענט פלעגט אָפט קומען הערען ווי דער לעהרער לערענט און איהם „כאפען“ ביי גרייזען.

איינמאָל האָט דער לעהרער געלערנט מיט די קינדער די תוכחה, לערנט ער „וגעלה נפשי אתכם“, מיין זעעלע וועט אייך פאר׳מיאוס׳ן. נאָכ׳ן לערנען רופט אָפּ דער וויים־פרעזידענט דעם לעהרער אָן א זייט און זאָגט:

— איהר האָט פארטייטש פאלש דעם פסוק, איהר האָט גע־טייטשט „וגעלה נפשי“, מיין זעעלע וועט פאר׳מיאוס׳ן, און דער אמת׳ער טייטש „וגאלה“ איז אויסלייזען אזוי ווי „גאל ישראל“.

— יע, — האָט דער לעהרער קאלט געענטפערט. — אָבער ווען דאָס וואלט באמת אזוי געווען „אז מיין זעעלע זאָל זיך פון אייך אויסלייזען“ וואָלט עס ניט געווען קיין תוכחה.

———:———

ג.

# משכילים און אפיקורסים



## ריכטיג געטייטשט.

אין ווילנער ראבינער שוהל איז געווען אמאָל אן עקזאמען. דער עקזאמינער האָט צוגערופען א שילער, געעפענט א משניות און איהם געהייסען זאָגען:

— המקדש שתי נשים בבת אחת.

האָט דער תלמיד געזאָגט:

— המקדש... אז איינער איז מקדש, שתי נשים, — צוויי ווייבער, בבת אחת — מיט איין טאָכטער.



## ער וועט שוין זיין צוגעוואוינט.

א יונגערמאן א משכיל איז אמאָל געקומען צו אייזיק מאיר דיק מיט א חיבור און געבעטען ביי איהם אַן הסכמה.

— יונגערמאן, — האָט אייזיק מאיר צו איהם געזאָגט — אויב איהר ווילט ווערען א מחבר ביי אידען, מוזט איהר אויף זיך מקבל זיין ארומצוטראָגען אייער חבור איבער די הייזער און ליידען נויט און דחקות ביז פערציג יאהר.

— און נאָך פערציג יאהר? — ווערט דער יונגערמאן נייגעריג.

— נאָך פערציג יאהר — שמייכעלט אייזיק מאיר דיק — וועט איהר שוין זיין צוגעוואוינט.

## אזוי גוט שפילען.

אייזיק מאיר דיק איז אמאָל געגאנגען אין גאַס מיט זיינעם א פריינד, ווען א הינקעדיגער בעטלער, א בעל מום, האָט זיי אָפּגעשטעלט, און מיט א שטארקען רחמנות געוויין געבעטען א נדבה.

האָט אייזיק מאיר איהם געגעבען צעהן קאָפּיקעס.

— איך בין איבערצייגט — האָט זיין פריינד געזאָגט, — אז דער מענש איז א בעטריגער, ער שפּילט נאָר א קאָמעדיע.

— פאר אזוי גוט שפּילען — האָט אייזיק מאיר געענטפערט — איז ער נאָך ווערט דאָפּעלט.

—————:—————

## ער רעדט מיט אַ קלוגען מענשען.

אייזיק מאיר דיק איז אמאָל געווען פארטראַכטען אין אן ענין און ער האָט, געהענדיג אין גאס, צו זיך אליין גערעדט.

באגעגענט איהם זיינער א פריינד און זאָגט:

— אייזיק מאיר, אום גאָטעס ווילען, איהר רעדט דאָך צו זיך אליין!

— הערט א מעשה, — ענטפערט אייזיק מאיר — טאָמער רעד איך אמאָל מיט א קלוגען מענשען, דארפט איהר קומען און זיך ארייננמישען.

—————:—————

## ביי זיי געהט עס אלץ פארלאָרען.

אייזיק מאיר דיק האָט אמאָל באגעגענט אין מארק א גוי מיט א בלאסען פּנים, אן איינגעבויגענעם רוקען און אן איינגע־פאלענער ברוסט, איז אייזיק מאיר צו איהם צוגעגאנגען און געפרעגט:

— גוי, וואָס איז דיין באשעפטיגונג?
— איך פלעכט נעצען אויף כאפען פיש.
האָט אייזיק מאיר א זיפץ געטאָן און געזאָגט:
— א שאָד, ביי זיי געהט אלץ פארלאָרען... ווען אזא וואָלט געווען א איד — וואָלט ער געווים געווען א גדול בישראל.

———:———

## ער געפינט זיך דאָרט דאָס ערשטע מאָל.

אין א געזעלשאפט פון יונגעלייטלאך האָט זיך איינער באַריהמט מיט די ווערטער:
— איך בין א מענש, וועלכער קען אויסקומען מיט אלעמען. בין איך צווישען פרומע — בין איך אויך פרום; קום איך צווישען היינט-וועלטיגע — בין איך א היינט-וועלטיגער.
— נו, און צווישען הינט? — האָט איינער א שטאָך געגעבען דעם באריהמער.
— צווישען הינט? — האָט יענער איבערגע׳חזר׳ט די פראגע — צווישען הינט געפין איך זיך דאָס ערשטע מָאָהל.

———:———

## ער האָט אויך פארגעסען.

אין א שטעטעל פלעגען זיך חברה יונגעלייט, אפיקורסים, אויפקלייבען צו א יונגענמאן אין הויז, אזא אפיקורס ווי זיי, און דאָרטען מחלל שבת זיין, רויכערען, שרייבען און אָפּטאָן כל דבר אסור.

איינמאָל, ווען די חברה זיינען א שבת געזעסען אין יענער שטוב און גערויכערט פאפיראָסען, איז דורכגעגאנגען א פרומער איד, געכאפט א קוק דורכ׳ן פענסטער און געזעהן, וואס עס טוט זיך אין הויז. דער איד האָט אויפגעהויבען א גוואלד. דאָס גאנצע

שטעדטעל איז זיך צוזאמענגעלאָפען. מען האָט אויפגעריסען די טיר און די חברה אוועקגעשלעפּט צום רב, זיי געבען א פּסק. ביים רב האָט יעדער איינער גענומען זוכען תרוצים.

— רבי, — האָט דער ערשטער גע׳טענה׳ט — איך בין א שוגג. איך האָב פארגעסען אז היינט איז שבת.

— לאָזט איהם אָפּ. — האָט דער רב געהייסען.

— רבי — פארענטפערט זיך א צווייטער — איך בין אויך אַ שוגג: איך האָב פארגעסען אז שבת טאָר מען ניט רויכערן.

— לאָזט איהם אויך אָפּ. — האָט דער רב ווייטער אויסגע־רופען.

צולעצט האָט מען זיך גענומען צום בעל־הבית פון הויז, ביי וועמען די חברה האָבען עס מחלל שבת געווען.

— און דו, חברה־מאן — פרעגט איהם דער רב — האָסטו אפשר אויך פארגעסען?

— געוויס, רבי, האָב איך פארגעסען.

— וואָס?

— איך האָב פארגעסען — אראָפּצולאָזען די פאָרהאנגלאך.

— איז געווען זיין ענטפער.

———:———

## ער זאָגט תהלים, ווייל ער האָט געגעסען חזיר.

אַ דייטשער יאהודי איז אמאָל געקומען צו א רב בעטען א תשובה: ער האָט געגעסען חזיר. דער רב האָט איהם געהייסען, ער זאָל יעדען טאָג דאווענען בצבור און נאָכ׳ן דאווענען זאָגען א קאַפּיטעל תהלים.

דער יאהודי איז שוין לאנג אין שוהל ניט געווען, נאָר אז דער רב הייסט מוז מען פאָלגען. נאָכ׳ן דאווענען זעצט ער זיך זאָגען א קאַפּיטעל תהלים. לעבען איהם איז געשטאַנען א קליי־

נער אידעל און געזאָגט תהלים אזוי ווי וואסער. דער יאהודי שטעהט פארגאפט און וואונדערט זיך שטארק אין הארצען:

— ווער זאָל דאָס גלויבען, — טראכט ער — אז אזא קליינער אידעל זאל האָבען געפרעסען אזוי פיעל חזיר.

———:———

## גאָט ווייסט וואָס ער טוט.

דער גרויסער אידישער פילאָזאָף מענדעלסאָן האָט אין זיינע יונגע יאהרען געדינט ערגעץ אין א געשעפט ביי א רייכען יאהודי, וועלכער איז גאנץ בערלין באקאנט געווען אלס א גראָבער יונג.

— זעהט ווי אומגערעכט גאָט קען זיין — האָט אמאָל א פריינד באמערקט צום פילאָזאָף — איהר זייט א גרויסער געלעהרטער און איהר דארפט ארבייטען פאר אזא גראָבען יונג.

— דאָס וועיזט פארקעהרט, אז גאָט ווייסט וואס ער טוט — האָט מענדעלסאָן געענטפערט — ווארום ווען ער וואָלט מאַכען פארקעהרט, וואָס וואָלט איך געטאָן מיט אזא גראָבען יונג?

———:———

## דער אונטערשייד.

דער משכיל אברהם מאפו, מחבר פון „עיט צבוע“ האָט אמאָל געפרעגט דעם גרויסען גאון ר׳ יעקב ספיר, מחבר פון „אבן ספיר“:

— וואָס וועט זיין דער אונטערשייד צווישען אונזביידען נאָכ׳ן טויט?

— דער אונטערשיד — האָט ר׳ יעקב ספיר געענטפערט — וועט זיין דאָס, וואס נעבען אייער קבר וועלען מענשען זאָגען: דאָ ליגט דער „עיט צבוע“ און נעבען מיין קבר וועט מען זאָגען: דאָ ליגט דער „אבן ספיר“.

## די ערגסטע קללה אין דער תוכחה.

דער באריהמטער העברעאישער שרייבער אברהם מאפו איז אמאָל פרייטאג ביינאַג דורכגעגאנגען א גאס אין סלאָבאָד־קע, וואס איז געווען באוואוינט פון אָרימע לייט. פלוצלונג האָט ער דערהערט פון א הויז קולות פון ווייבער, וועלכע האָבען זיך געשאָלטען מיט די שרעקליכסטע קללות. מאפו׳ן האָט עס פאר־אינטערעסירט, ער איז אריין אינעווייניג א קוק טאָן, און האָט געזעהן, ווי א סך ווייבער האָבען „פאררוקט" דעם טשאָלענט אויף שבת אין איין אויווען.

— איצטער, — האָט דאָס דערנאָך מאפו איבערדערצעהלט זיינעם א פריינט — איז מיר רעכט געוואָרען, וואָס אין דעם סוף פון תוכחה, נאָך אלע קללות, איז די לעצטע קללה „ואפו עשר נשים לחמכם בתנור אחד". עס איז גאנץ פשוט, ווען צעהן ווייבער באקען אין איין אויווען, שילטען זיי דאן אזוינע קללות, וואָס זיינען אפילו אין דער תוכחה נישטאָ.

———:———

## קיין חזיר געווים ניט.

איינער א אידישער געלעהרטער, מיט דעם נאָמען לאזארום בער, וועלכער איז אויך געווען א רויט־האָריגער, האָט זיך צו־קריגט מיט זיינעם א פריינד. האָט דער פריינד מיט כעס אויס־געררופען :

— וואָס רעדסטו דאָס? דו הייסט בער, זעהסט אויס ווי א פוקס און ביזט א הונט.

— אָבער קיין חזיר בין איך געווים ניט. — האָט לאזארום געענטפערט.

———:———

## ער זעהט ניט דעם בייטעל.

האָט א פרייער אמאָל געפרעגט א פרומען אידען:

— הער זיך איין, יואל, דו ביזט דאָך פרום. זאָג מיר דעם אמת, ווען דו זעהסט שבת א בייטעל מיט הונדערט דוקאטען, וואָלסטו דאָס אויפגעהויבען צו ניט?

האָט דער פרומער איד געענטפערט:

— וואָס זאָל איך דיר ענטפערען? ערשטענס, זעה איך דאָך ניט דעם בייטעל; צווייטענס, איז דאָך היינט ניט שבת.

———:———

## איהרע טרעהרען ווירקען ניט.

דער באריהמטער אידישער כעמיקער, פראָפעסאר דאמיי־ליך, האָט זיך אמאָל אָנגעבייזערט אויף זיין פרוי. די פרוי האָט אָנגעהויבען צו וויינען און גיסען מיט טרעהרען.

— דיינע טרעהרען ווירקען גאָר ניט אויף מיר. — האָט דער פראָפעסאר געזאָגט — דען וואָס ענטהאלטען טרעהרען? א גאנץ קליינע דאָזע פון פאספאָזיירע און א קליינער טייל כלאר; דאָס איבעריגע — איז דאָך בלויז וואַסער.

———:———

## צוטראָגענקייט.

דער פראָפעסאָר טראכטמאן איז געגאנגען פון פאָסט אין אַ גרויסען גוס רעגען. ער איז געווען אזוי פארטראכט אין דעם, וואָס ער האָט א גאנצען טאָג געשריבען, אז ער האָט גאָר ניט געמערקט ווי דער רעגען גיסט איהם. אריינקומענדיג אין שטוב, האָט ער ערשט דערפיהלט ווי דורכגענעצט ער איז.

— גענוג שרייבען, — האָט ער צו זיך אליין גערעדט — איך וועל מיך לעגען אפרוהען.

און דער פּראָפעסאר האָט גענומען דעם רעגענשירם, אריינ־געלעגט אין בעט און ער אליין האָט זיך אװעקגעשטעלט אין װינקעל.

———:———

## ער איז בעדאכט.

קומט א איד צום ציהן־דאָקטאר, און בעט דער דאָקטאר זאָל איהם ארױסנעהמען א צאָהן, ער לײדט װעהטאָגען.

— איך װעל אײך א פריהער כלאָראפּאָרמען. — זאָגט דער דאָקטאר.

דער איד נעמט ארױס דעם טײסטער פון קעשענע און הױבט אָן צו צעהלען די געלט.

— איהר האָט נאָך צײט. — זאָגט דער דאָקטאר — איהר װעט מיר שפּעטער באצאָהלען.

— איך װיל אײך גאָר ניט באצאָהלען — זאָגט דער איד — נאָר אז איהר געהט מיר כלאפּאָרמען, מוז איך פריהער װיסען, װיפיעל געלט איך האָב געהאט בײ זיך.

———:———

## דאָ רײסט מען די הױט.

שטעהט א איד מיט א פארבונדענע באק בײ א טהיר פון א דאָקטארס קאבינעט און קוקט זיך ארום. געהט דורך פארבײ אַ פרױ, פרעגט דער איד:

— דאָ װאױנט דאָס דער ציהן־דאָקטאר?

— נײן, מײן ליבער איד, — ענטפערט די פרױ — דאָ רײסט מען די הױט, ציהנער רײסט מען צװײ הײזער װײטער.

———:———

## די שטימע פון דער נאטור.

גדליה גאָלדענער, א רייכער פאבריקאנט, האָט גערופען דעם דאָקטאר צו זיין ווייב. זי איז געוועזן אויף דער צייט און עס האָט איהר אָנגעהויבען וועהטאָגען. דער דאָקטאר איז אריין אין הויז און הערט פון דער ווייב׳ס צימער טראָגט זיך קולות אויף רוסיש: „אוי באָליט" (ס׳וועהטאָגט) „אוי, מאטושקא".

זאָגט דער דאָקטאר — עס איז נאָך צופריה. איך בלייב דערוויל דאָ אין הויז. די קולות זיינען געוואָרען שטארקער, אָבער דער דאָקטאר ריהרט זיך ניט פון אָרט. עס האָט ניט געהאָלפען גדליה׳ס געבעט. דער דאָקטאר האָט זיך געהאלטען ביי דאָס זייניגע, אז עס איז צופריה. ערשט מיטאמאָל האָבען זיך די קולות געענדערט, און עס האָט זיך געהערט א שטארקער קוויטש:

— אוי וועה געשריען! מאמע, ראטעווע מיך!

דער דאָקטאר האָט זיך האסטיג אויפגעהויבען פון אָרט און זיך געלאָזט אין דער ווייב׳ס צימער.

— יעצט איז די צייט, — האָט ער געהענדיג געזאָגט.

———:———

## שוין אוים מיוחם.

איין אפיקורס האָט זיך באריהמט פאר זיינעם א חבר אן אפיקורס מיט זיינע אפיקורסישע מעשים, צווישען אנדערע חדושים דערציילט ער, אז ער האָט פון כמה שנים א מנהג, לכבוד תשעה באב, זיך צו קויפען פעטען אינדיק און א גוטען העכט און פראַווען אן אמת׳ע סעודה.

צולאכט זיך דער אנדער אפיקורס און זאָגט:

— דו ביזט נאָך גאָר קיין מענש נימ. דו מאכסט נאָך פון תשעה באב א יום טוב? ביי מיר איז דאָס דאָזיגע תענית׳ל שוין לאנג אוים מיוחס, און איך עס אין דעם טאָג פשוט ווי אלע טאג קאשע מיט מילך.

———:———

## אַ שאָד.

אין ראש חודש ניסן איז געשטארבען א גוי. רופט זיך אָן אַ איד:

— א מזל פון גוי, שטארבען ראש חודש ניסן, אויף דעם אָרט האָט דאָך געקענט שטארבען א איד.

———:———

## דער דאוונען איז וואָכעדיג

אַ רעפאָרמער האָט אמאָל געפרעגט אן אָרטאָדאָקסישען אידען, וואס איז די מעשה ביי זיי אין די טעמפלען איז שעהן און יעדערער שטעהט מיט רעספעקט, און ביי די פרומע איז דער דאוונען וואָכעדיג, און זיי מאכען פון דעם גאָר ניט קיין וועזען.

— דאָס איז — האָט דער אָרטאָדאָקס געענטפערט — איהר דאווענט נאָר שבת ויום-טוב, איז ביי אייך אלעס יום-טוב׳דיג; ביי אונז דאוונען מיר א גאנצע וואָך, איז דעריבער דער דאוונען ביי אונז וואָכעדיג.

———:———

## ז.

# צווישען סוחרים



## איין נוסח.

— ווי געהן אייך אייערע געשעפטען, ר׳ דוד?
— אַט מען דרעהט זיך.
— און וואס מאכט אייער ברודער?
— ניט גוט, ער האַט זיך, נעבאך, פארדרעהט.
— נו, און אייער שוואָגער, וואס מאכט ער?
— נו, ער האַט, אפילו, געהאט אביסעל קאָפּ-דרעהעניש, אָבער ער האַט זיך ארויסגעדרעהט.



## עס איז גאָר ניט קיין וואונדער.

אין א געזעלשאפט האַט מען ארומגערעדט דעם וואונדער פון די זיבען מאָגערע קיה, וועלכע האָבען איינגעשלונגען די זיבען פעטע, און עס איז גאָר ניט געווען קאָנטיג אויף זיי. איז דערביי געזעסען אויך א סוחר, מישט ער זיך אריין אין שמועס און זאָגט:

— וואָס איז דער וואונדער? איך האָב אויך אין מיין געשעפט זיבען דיקע ביכער און מיין ווייב פארמאָגט נאָר איין קליין ביכעלע, וואו זי פארשרייבט די הויז-הוצאות, און דער קליינער ביכעלע שלינגט איין אלע מיינע זיבען דיקע ביכער און עס איז גאָר ניט קאָנטיג, אז ער האָט עס אין זיך.

* *
*

— פון וועןבאקומט די ווייב דעם מאנ׳ס נאָמען?
— פון חתונה אָן.
— און פון וועןבאקומט דער מאן דער ווייב׳ס נאָמען?
— פון באנקראָט אָן.

---

## וואָס זאמד דעקט צו, פארגעסט די הארץ.

אַ געוויסער מאנופאקטור-קרעמער האָט געקויפט סחורה אין לאָדז. נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגע׳חתמ׳עט דעם וועקסעל, האָט זיך איינגעבויגען אויף דר׳ערד, אויפגעזוכט אביסעל זאמד און באשאָטען דערמיט דעם אונטערשריפט.

— דו ביסט אַ דאָרפישער מענש — האָט דער פארקויפער געלאכט — אָט ליגט דאָך קלעק-פּאַפּיער.

— פונדעסטוועגען — האָט געענטפערט דער קרעמער — איז בעסער צודעקען מיט זאמד. די וועלט זאָגט, וואס די זאמד דעקט צו, פארגעסט די הארץ.

---

## אַ איד גיט זיך אָן עצה.

ר׳ שלמה, דער שעהנער גביר פון שטעטעל, איז אויפגעשטאַנען שבת בייטאָג פון שלאָף, אין האלז איז קאלומוטנע און עס ווילט זיך אַ גלאָז טהעע. אבער... עס איז דאָך שבת... בלייבט ניט קיין אנדער ברירה און מען דארף זיך אוועקזעצען אביסעל לערנען. ער נעמט די גמרא און פאנגט אָן לערנען שטיל מיט אַ גמרא נגון „לא תבארו אש בכל מושבתיכם ביום השבת“ — איז

ניט נאָר מען טאָר אליין ניט אָנצינדען, נאָר אז איך זאל אפילו וועלען זאָגען (דאָ האָט ער געהעכערט זיין קול) „מאריאשא, זרוב סאמאוואר!“ טאָר מען דאָס אויך ניט זאָגען.

עס זיינען ניט אריבער קיין צעהן מינוט, ווי מאריאשא, זיין קריסטליכע דינסט, האָט אנידערגעשטעלט אויפ׳ן טיש א קאָ־כעדיגען סאמאוואר טהעע.

———:———

## אַז עס ווערט אַ שמחה מוז ער ווייטער זיין.

אין א שטאָט איז געווען א גביר, וואס האָט זעהר פיינט געהאט דעם שטאָט־בדחן, און דער בדחן האָט אויך געוואוסט, אז דער גביר קען איהם ניט אָנזעהן.

איינמאָל האָט דער גביר חתונה געמאכט א טאָכטער, האָט דער בדחן זיך געמאכט ניט וויסענדיג פון קיין זאך און איז אויך געקומען אויף דער חתונה. אז דער גביר האָט איהם גע־זעהן, איז ער גלייך צוגעגאנגען צו איהם און איהם געפרעגט:

— וויפיעל רעכענט איהר מאכען אויף דער חתונה?

— צעהן רובעל. — ענטפערט דער בדחן.

— ווייסט איהר וואָס — מאכט דער גביר — נאט אייך צעהן רובעל און געהט אהיים.

דער בדחן האָט צוגענומען די צעהן רובעל און איז אוועק אהיים. א שטונדע שפעטער זעהט דער גביר, אז דער בדחן איז ווידער דאָ.

— סטייטש, — זאָגט דער גביר — איך האָב דאָך אייך געגעבען צעהן רובעל, איהר זאָלט אוועקגעהן פון דאנען, וואָס זייט איהר שוין ווידער דאָ?

— פארשטעהט איהר מיך — זאָגט דער בדחן — אז איך

בין אוועקגעגאַנגען איז דאָך ביי אייך געוואָרען א נייע שמחה; נו, אויף דעם בין איך דאָך א בדחן, אז ביי אידען איז א שמחה קום איך צוגעהן.

---

## דער גרעסטער וואונדער.

צוויי פריינד זיינען געגאנגען פון א מוזעאום, וואו זיי האָבען געזעהן פארשידענע וואונדער פון דער נאַטור, ווי אויך אזעלכע, וואָס מענשליכע הענט האָבען געשאפען. האָט איין פריינד געפרעגט:

— וואָס, דיינקסטו, איז דער גרעסטער וואונדער, וואס מענשען האָבען אמאָל געמאכט?

— א לעבען פאר זייערע פאמיליען. — האָט דער צווייטער געענטפערט.

---

## ער איז אויך אָהן ארבייט.

אַן אָרימער מענש, וועלכער האָט ניט געהאט וואו צו ארבייטען, איז געקומען צו דער לאגע, אז ער האָט געדארפט בעטען נדבות. קומט ער אריין צו א גביר און זאָגט:

— שענקט מיר א נדבה, איך געה ארום אָהן ארבייט.

— און איך ארבייט דען? — ענטפערט דער רייכער.

---

## ער וועט שוין געווים דאָרט זיין.

— לייה מיר צעהן דאָלער און גיב מיר דיין אדרעס, וועל איך דיר אָפּשיקען מיט דאנק.

לייהט ער איהם און גיט איהם אַן דעם אדרעס פון בית-עלמין.

— וואָס גיסטו מיר עפּעס דעם אדרעס פון „בית־עלמין“? — פרעגט דער לייהער.

— ביז וואנען דו וועסט מיר אָפּגעבען, וועל איך שוין דאָרט געווים זיין. — איז געווען דער ענטפער.

———:———

## ער מוז ניט גלויבען אין תחית המתים.

אַ רב האָט געפרעגט א דאָקטאר, פארוואס זיינען דאָס רוב אפּיקורסים פרייע, זיי קענען טאקע זיין געבילדעטע מענשען און זיין אויך פרום?

— דער ערשטער עיקר פון א פרומען מענשען — האָט דער דאָקטאר געזאָגט — איז צו גלויבען אין תחית המתים, און ווען א דאָקטאר זאל גלויבען אין „תחית המתים“ קען ער זיך ניט אויסלערנען צו זיין א גוטער דאָקטאר.

———:———

## גוט און ניט גוט.

צוויי פריינד, וועלכע האָבען זיך לאנג ניט געזעהן, האָבען זיך געטראָפען אין גאָס.

— ווי געהט עס? — פרעגט איינער.

— ניט זעהר גוט. — ענטפערט דער אנדערער.

— דאָס איז שלעכט. וואָס האָסטו געטאָן זייט איך האָב דיך ניט געזעהן?

— איך האָב חתונה געהאט.

— דאָס איז דאָך גוט!

— דאָס איז ניט גוט, ווייל איך האָב חתונה געהאט מיט א משוגע'נע פרוי.

— דאָס איז טאקע זעהר שלעכט!

— דאָס איז ניט אזוי שלעכט, ווייל זי האָט מיר געגעבען צעהן טויזענט רובעל נדן.

— דאָס איז זעהר גוט!

— דאָס איז ניט אזוי גוט, ווייל איך האָב א טייל פון דעם געלט אריינגעלעגט אין מסחר מיט שעפסען, וועלכע זיינען אויסגע׳פגר׳ט אין א מגפה.

— דאָס איז שלעכט!

— דאָס איז ניט אזוי שלעכט, ווייל איך האָב פארקויפט די פעל און אָפּגענומען מעהר וויפיעל די שעפסען האָבען מיר גע־קאָסט.

— דאָס איז טאקע גוט.

— דאָס איז ניט אזוי גוט, ווייל איך האָב פאר דאס געלט געקויפט א הויז און די הויז האָט אָפּגעברענט.

— אָ, דאָס איז שלעכט!

— ניין, דאָס איז ניט אזוי שלעכט, ווייל מיין ווייב איז געווען אינעווייניג אין הויז.

---

## ניט גערעדט און ניט געשוויגען.

אַ רוסישער סוחר, א למדן, האָט געשעפטליך באזוכט דייטשלאנד. איינמאָל א שבת האָט איהם זיינער א סוחר גע־פיהרט צו איהם אין טעמפעל, וואו דער רוסישער סוחר האָט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געהערט דעם רעפאָרם־ראבי „פרעדיגען“. ווען זיי האָבען זיך אומגעקעהרט אהיים, פרעגט דער דייטשער סוחר דעם רוסישען:

— ווי געפעלט אייך אונזער ראבי׳ס פרעדיגען?

— זעהר גוט, — ענטפערט דער רוסישער סוחר — אייער ראבי האָט מיר פארענטפערט א גאנץ אלטע קשיה.

אין קהלת רעכענט אוים שלמה המלך פיעל זאַכען, וועלכע זיינען א געגענזאץ איינע צו די אנדערע. אלע זאכען האָבען אָבער א דריטען מיטעלפונקט אויסער איין זאך פון זיי, וועלכער האָט נאָר צוויי געגענזאצען. צום ביישפיעל: „א צייט פאר פרייד און א צייט פאר טרויער". איז צווישען פרייד און טרויער פאראַן א מיטעלפונקט: נאָרמאלקייט; „א צייט צו ליעבען און א צייט צו האַסען" — איז דער מיטעלפונקט: גלייכגילטיגקייט, און אזוי וויטער. פאראַן אבער „א צייט צו רעדען און א צייט צו שווייגען", צווישען רעדען און שווייגען איז אבער קיין מי־טעלפונקט ניטאָ, טאָ ווי קומט די זאך צווישען די אלע איבע־ריגע? — דער היינטיגער פרעדיגער האָט מיר אבער געוויזען, אז צווישען רעדען און שווייגען איז דאָ א דריטע זאך ווי „פרע־דיגען", וואס איז ניט גערעדט און ניט געשוויגען.

———:———

## איינם מיט דאָס אנדערע קעהרט זיך ניט אָן.

א איד האָט פארלאָרען א טייסטער מיט געלט און א בע־ריהמטער גנב האָט עס געפונען. הערענדיג ווי א איד וויינט וואָס ער האָט פארלאָרען דאָס געלט, נעמט דער גנב און גיט עס איהם אָפּ. דער איד האָט זיך שטארק דערפרעהט און גאָר ניט געוואוסט ווי אָפּצודאנקען דעם גנב פאר דער מצוה. אין א מינוט ארום, דער איד כאפּט זיך אָבער, ער האָט ניט דעם טייס־טער, האָבען איהם אלע אָנגעוויזען, אז דער גנב, וואס האָט איהם אָפּגעגעבען, האָט עס צוגע'גנב'עט.

דער איד איז צוגעגאנגען צום גנב און געפרעגט:

— אויב דו האסט געוואָלט צו'גנב'נען די געלט, צו וואס האָסטו געדאַרפט פריהער מיר אָפּגעבען?

— הערט א שכל! — האָט דער גנב געענטפערט — השבת אבדה איז דאָך א גרויסע מצוה, האָב איך אָפּגעגעבען; גנב'נען, אָבער, דאס איז דאָך מיין פּראָפעסיע.

—:—

## אַ היזק.

אַ אידישער סוחר האָט שוין געהאלטען ביי שליסען דעם געשעפט, ווען דער בריף-טרעגער האָט איהם געבראכט א בריף. ער עפענט אויף דעם בריף און לעזט, אז די פעל, וועלכע ער האָט געדונגען, האָט עם אָפּגעקויפט אן אנדער סוחר און יענער האָט דערביי פארדינט 500 רובעל.

— אוי ועה, — האָט דער סוחר אויסגעשריען — שוין ווידער א „היזק". אייזיק! — האָט ער דאן דעם בוכהאלטער גערופען — גיה פארשרייב שוין נאָך 500 רובעל היזק.

—:—

## ארייננעפאַלען.

אַ איד באגעגענט דעם אנדערען אין גאַס און פרעגט:

— יואל, דארפסט אפשר א גמילת-חסד?

— איך דאנק דיר, פּסח, — ענטפערט יואל — איך האָב גראדע יעצט געגוג געלט.

— אויב אזוי, ברודער, — זאָגט פּסח — טאָ ליי מיר א גמילת חסד?

—:—

## פעסטע פרייזען.

אַ איד איז אריין אין א קליידער געשעפט קויפען אן אנצוג. און זאָגט צום בעל-הבית:

— הערט זיך איין, איך מוז אייך זאָגען, אז איך האָב זיך פיינט צו דינגען, און האָב א טבע געבען וויפיעל מען פאר־לאנגט פון מיר. אלזאָ, זאָלט איהר מיר מאכען דעם לעצטען פרייז.

— איהר האָט עס מיר גאָר ניט גערארפט זאָגען — ענט־פערט דער בעל־הבית — ביי מיר איז ניטאָ קיין ערשטע און קיין לעצטע פרייזען. ביי מיר איז אלע פעסטע פרייזען.

דער איד קלייבט אויס אן אנצוג און פרעגט:

— וואָס קאָסט דער אנצוג?

— איך וויל אייך ניט זאָגען — זאָגט דער בעל־הבית — ניט דרייסיג רובעל, ניט פינף און צוואנציג און ניט צוואנציג; אָבער וועניגער פון אכטצעהן קענט איהר עס ניט קריגען.

— און איך — מאכט דער איד — וועל אייך ניט זאָגען, ניט דריי רובעל ניט פיער און ניט קיין פינף; אָבער מעהר ווי צעהן וועט איהר ניט קריגען.

— פאק איין דעם אנצוג. — האָט דער בעל הבית געהייסען דעם משרת.

---

## ווען אנדערע פרעהען זיך אָדער האָבען צער.

מאיר אליה דער סוחר האָט געהאט אזא מנהג, אז עס פלעגט קומען פרייטאג צו נאכט, און ער האָט געמאכט גוטע געשעפטען, פלעגט ער הייסען אָנצינדען קליינע ליכטלאך צו ליכט־בענשען; האָט ער געמאכט ניט אזוי גוט, פלעגט ער הייסען אָנצינדען גרעסערע ליכט, און ביי גאָר שלעכטע געשעפטען, איז געווען זיין באפעהל אָנצוצינדען די גרעסטע ליכט מיט אלע לאָמפען אין הויז. האָט ער ערקלעהרט דעם טעם פון זיין מנהג:

— אז איך מאך גוטע געשעפטען, פרעה איך זיך דאָך, וויל איך אז אלע אידען פון שטאָט זאָלען אויך האבען הנאה, צינד איך אויך קליינע ליכטלאך, זיי זאָלען מיינען מיר געהט שלעכט,

ווערלען זיי גאָר אָנקווועלען פון דעם. אָבער, אז מיר געהט שלעכט, האָב איך דאָך צער, צינד איך אָן אלע לאָמפּען, מיינען אלע, אז מיר געהט זעהר גוט, האָבען זיי אויך גרויס עגמת נפש דערפון, וואָס מיר איז גוט, זיינען מיר אלע גלייך.

———:———

# אַ ליגען.

צוויי אידען סוחרים טרעפען זיך אין באהן און פארפיהרען אַ שמועס.

— וואָס הערט זיך עפּעס, ר׳ יעקב? — פרעגט איינער.

— וואָס הערט זיך ביי אייך, ר׳ דוד? — ענטפערט דער אנדערער.

— אָט וואָס זאָל זיך הערען? מען לעבט און מען מאטערט זיך.

— אַוואו פאָהרט איהר עפּעס, ר׳ יעקב?

— איך פאָהר אין ווארשא א קוק טאָן מכח תבואה. — ענטפערט ר׳ יעקב.

טוט אזוי ר׳ דוד א קוק אויף ר׳ יעקב׳ן און שמייכעלט.

— וואָס שמייכעלט איהר עפּעס אזוי? — פרעגט ר׳ יעקב.

— איך שמייכעל, — ענטפערט ר׳ דוד — ווי א איד וויל דאָס שטענדיג אָפּנארען.

— וואָס עפּעס אָפּנארען? — פרעגט ר׳ יעקב.

— געהט, געהט, ר׳ יעקב, איהר זאָגט דאָך בכיון, אז איהר פאָהרט אין ווארשא מכח תבואה, כדי איך זאָל מיינען, אז איהר פאָהרט אין לאָדז נאָך סחורה; אָבער איך וויים דאָך, אז איהר פאָהרט טאקע אין ווארשא וועגען תבואה, טאָ צו וואָס זאָלט איהר אָפּנארען?

———:———

# ח.

# ישובים און ישוב'ניקעם

o———o

## זאָלען זיי אוועקגעהן.

אַ „צדיק" איז אמאָל איינגעשטאַנען אַ גאַנצען טאָג ביי אַ רייכען ארענדאר. ביינאכט, ווען דער „צדיק" האָט גענומען אוועקפאָהרען, האָט ער געבענשט דעם ארענדאר ער זאל זוכה זיין דערלעבען ווען משיח וועט קומען.

דער ארענדאר האָט גענומען קראַצען די האָר אין קאָפּ און געזאָגט צום „צדיק":

— רבי, זעהט אליין ווי גוט מיר לעבט זיך דאָ, ברוך השם: דער אָרט איז גוט, דער „פּריץ" איז צו מיר גוט, ארענדע-געלט צאָהל איך וויניג, דער קאָנטראקט איז אויף לאנג... אַז משיח וועט קומען וועל איך דאָך דאָס אלעס דארפען איבערלאָזען.

— איך האָב אָבער געהערט — האָט דער רבי געזאָגט — אז די היידאמאקעס באפאלען די אידישע ארענדארען און טוען זיי אָן צרות.

— אמת, רבי, אמת — האָט דער ארענדאר געזיפצט — זיי זיינען אמת'ע רשעים, די היידאמאקעס, מיר האָבען פון זיי ניט קיין רוה... אפשר, רבי, איז פאראן אַ האָפענונג אז משיח וועט קומען זאָלען די היידאמאקעס אוועקגעהן אין ארץ ישראל...

———:———

## גוטע אידען וועלען ניט דערלאָזען.

פרעגט דער ישוב׳ניק זיין ווייב די ישוב׳ניצע:

— זעה, שרה, וואָס איז דאָס מיט דיר, וואס ביזטו געוואָרען אזוי אומעטיג, עפּעס געהסטו ארום אַ צוטראָגענע?

— הערסט דאָך — ענטפערט די ישוב׳ניצע — דאָ איז דורכגעפאָהרען אן אָרימאן האָט ער מיר דערצעהלט, אז גאָר אין גיכען קומט משיח און מיר וועלען אלע געהן אין ארץ-ישראל.

— טאָ וואָס איז דער אומגליק? — פרעגט דער מאן.

— דיר איז גרינג צו זאָגען — רעדט די ווייב ווייטער — מילא א שטאָטישער נעמט דאָס פעקעל אונטער׳ן אָרים און געהט, אָבער מיר האָבען דאָך אזוי פיעל בהמות, פערד, גענז, קאטשקעס און הינער.

— זאָרג זיך נישט מיין ווייב — ענטפערט דער ישוב׳ניק — עס זיינען נאָך דאָ גענוג גוטע אידען אויף דער וועלט, זיי וועלען צו אזא אומגליק ניט דערלאָזען.

———:———

## אזא פּרעסער

אַ דורכפאָהרער איז אמאָל געקומען אין א דאָרף און איז אריין אין א קרעטשמע עפּעס צובייסען.

— וואָס וואָלט איהר וועלען? — האָט די קרעטשמערקע געפרעגט.

— פלייש און פיש. — האָט געענטפערט דער גאסט.

— פיש האָבען מיר ניט — האָט די קרעטשמערקע געזאָגט — אין אונזער דאָרף איז ניטאָ קיין טייך... פלייש האָבען מיר נאָר פון שבת צו שבת.

— אויב אזוי, ברייגגט פוטער, סמעטענע און קעז.

— ניטאָ, מיין פריינט, — האָט די פרוי געזיפצט — די קיה האָבען זיך אויפגעהערט מעלקען.

— עס העלפט ניט, גיט א הערינג.

— ניטאָ, מיין פריינט, מיין מאן איז נאָך ניט געקומען פון שטאָט.

— ברויט האָט איהר?

די קרעטשמערקע האָט אויף איהם אויסגעסטארצעט א פאָר אויגען און אויסגעמורמעלט:

— אויף מיין לעבען האָב איך ניט געזעהן אזא פרעסער.

———:———

## ער ווייס נאָר איין סאָרט בענשען.

אַ ישוב'ניק האָט חתונה געמאכט א זוהן, האָט מען איהם גערופען ער זאָל בענשען די קינדער אונטער דער חופה. זאָגט דער ישוב'ניק: אז גאָט וועט זיי שוין בענשען. האָט די ווייב גענומען זיך בייזערען:

— דו פארלאָז זיך ניט אויף גאָט! בענש אליין דיינע קינדער!

האָט דער ישוב'ניק ארויפגעלעגט זיינע שווערע הענט אויף חתן־כלה'ס קעפּ און אָנגעהויבען בענשען. ער איז אזוי לאנג געשטאַנען און עפּעס געמורמעלט אין דער שטיל, האָבען איהם די ארומיגע געזאָגט:

— זאָל שוין זיין גענוג, נעמט אראָפּ די הענט.

— באלד, באלד, — האָט דער ישוב'ניק געענטפערט — איך האלט שוין ביי „ובנה ירושלים עיר הקדש“.

———:———

## ווען עס פּלאָנטערט זיך דער צונג.

אַן ארענדאר האָט אמאָל חתונה געמאכט א זוהן אין אַן אנ־דער שטאָט. איידער דער ארענדאר איז אהיים געפאָהרען, האָט ער געוואָלט צואווינשען דעם זוהן, עס זאל איהם געהן גוט, ער זאָל ניט דארפען אָנקומען צום טאַטען, און פארקעהרט, דער טאַטע זאל אויך ניט דארפען אָנקומען צום זוהן. ביי דעם ארענ־דאר האָט זיך אבער צופּלאָנטערט דער לשון און ער האָט איהם געוואונשען אזוי:

— הער אויס, מיין זוהן, גאָט זאָל דיר העלפען, דו זאָלסט האָבען ברויט אויף ברויט און בולבעס אויף בולבעס; דו זאָלסט ניט דערלעבען אָנצוקומען צו מיר, און איך זאל ניט דערלעבען אָנצוקומען צו דיר.

———:———

## ער זאָל עסען זיינע אייגענע פליש.

אַ ישוב'ניק האָט חתונה געמאכט זיינעם אַ זוהן פאר אן איידעם אין שטאָט, און ווי געוועהנליך, ביים זעגענען זיך, האָט דער ישוב'ניק גענומען בענשען זיין זוהן.

— מיין זוהן, — זאָגט דער ישוב'ניק — איך האָב דיך גע־האָדעוועט, געגעבען עסען קארטאָפליעס און פלייש, איצט זאל דיר גאָט העלפען דו זאלסט עסען דיינע אייגענע פלייש.

———:———

## אליהו הנביא אין געשטאַלט פון אַ ציעג.

אַ ישוב'ניק האָט געפראוועט דעם סדר, און ווען עס איז געקומען צו „שפוך חמתך“ האָבען לצים איהם אריינגעלאָזען אַ ציעג. דער ישוב'ניק האָט דערזעהן די ציעג, האָט ער זיך געטראכט: ניט אנדערש, דאס האָט זיך אליהו הנביא פאר־

שטעלט אין געשטאַלט פון א ציעג, און ער האָט איהר ניט אוועק־געטריבען. אז די ציעג האָט דערזעהן אז מען לאָזט איהר טאָן וואָס זי וויל, איז זי ארויפגעקראָכען אויפ׳ן טיש און גענומען אָנמאכען היזקות, איבערקעהרען און צוברעכען אלץ מיט אנ־אַנדער. האָט דער ישוב׳ניק גענומען זיך בעטען ביי דער ציעג:

— ר׳ אליהו, ר׳ אליהו! עסט און טרינקט וויפיעל אייער הארץ געלוסט, אבער קיין היזק טוט מיר ניט אָן.

———:———

## אין אן עבור־יאָהר.

אָ ישוב׳ניק האָט אמאָל געזאָגט די הגדה מיט זיינעם א בחור פון איין סדור. אין דער הגדה איז געווען אריינגעשטעלט על פי טעות א בלאט פון סליחות, און זיי זאָגען כסדר: אלו עשר מכות שהביא הקדוש ברוך הוא על המצרים במצרים, ואלו הן: אשמנו, בגדנו, גזלנו, א. ז. וו.

— טאַטע, רופט זיך אָפּ דער זוהן — מיר דאכט, אז היינ־טיגס יאהר האָבען מיר עפּעס מעהר מכות ווי שטענדיג?

— יא, זוהן, דו ביזט גערעכט — ענטפערט דער פאטער.

— פארוואס, טאַטע, קומט היינט מעהר מכות ווי אלע יאהר?

— וואָס פארשטעהסטו דאָ נישט, נאַר איינער, היינטיגס יאהר איז דאָך אן עבור־יאהר.

———:———

## אויף וואָס מען דארף מפרשים.

אָ ישוב׳ניק איז געקומען אין א בוך געשעפט און געבעטען א סדור מיט פיעל מפרשים ביי די זייטען. דער בוכהענדלער האָט דערקענט, אז דער ישוב׳ניק איז א קנאפּער למדן און ער פרעגט איהם:

— וואָס דאַרפט איהר אזוי פיעל מפרשים, רבי איד?

— איך וועל אייך זאָגען — ענטפערט דער ישוב׳ניק — אזוי א סדור איז דער גאנצער בלאט פארנומען מיט׳ן דאוונען און פון בלעטערען רייסען זיך אלע מאָל אָפּ די ווינקלען און אנדערע ווערטער פעהלען נאָכהער און איך וויים ניט ווי צו דאוונען, אין א סדור מיט מפרשים איז בלויז צוויי־דריי שורות פארנומען מיט׳ן דאוונען און דאס גאנצע בלאט איז פארנומען מיט די „שמאטעס“, און וויפיעל איך זאל ניט אָפּרייבען, וועט דער דאוונען אלץ בלייבען.

---

## עפּעס האָט ער יא געהערט.

די ישוב׳ניקעם האָבען זיך אויפגערעדט ניט צו פאָהרען מעהר אין שטאָט אויף ימים נוראים, נאָר צו מאכען א מנין ביי זיך אין דאָרף. ערב יום כפור, ביים פארפאסטען, האָבען די ישוב׳ניקעם געגעסען זעהר פיעל הערינג און ביינאכט צו כל־נדרי האָט זיך זיי געריסען א טרונק. די ישוב׳ניקעם זיינען ארומגעגאנגען מיט טרוקענע ליפּען, פארברענטע פון דורשט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

איז דאָרטען געווען אן אלטער ישוב׳ניק, וואָס איז כל ימיו געפאָהרען אין שטאָט אויף ימים נוראים און זיך געהאלטען פאר א שטאָטישען אידען. האָט ער געזאָגט די ישוב׳ניקעם, זאָלען זיי אָפּזאָגען א פּאָר קאפּיטלאך תהלים, וועלען זיי שוין נאָכ־דעם מעגען טרינקען.

די ישוב׳ניקעם האָבען זיך אָנגעכאפּט אָן דער עצה, גיך אָפּגעזאָגט דעם תהלים און זיך גוט אָנגעטרונקען. אז דער דורשט איז געוואָרען געשטילט, פרעגען זיי נאָכאמאָל דעם אלטען, צו

איז ער דאס זיכער, אז מען זאָגט תהלים מעג מען דערנאָך טרינקען?

— אז מען מעג טרינקען, ווייס איך געוויס — ענטפערט דער אלטער — אבער איך בין ניט זיכער צו יום־כפור, צו הושענה־רבה.

———:———

## דעם ישוב'ניקס וואונדער.

אַ רב איז אמאָל אויסגעקומען צו האלטען שבת ביי א ישוב'ניק. פרייטאג פארנאכט קומט דער ישוב'ניק פון פעלד, וואו ער האָט געארבייט א גאנצען טאָג, און טרעפענדיג דעם רב, האָט ער איהם אָפּגעגעבען „שלום". דער רב האָט איהם אָפּגעענטפערט און באמערקענדיג ווי דער ישוב'ניק טראָגט די העמד איבער די הויזען, האָט דער רב געזאָגט:

— עס איז ניט קיין חרפה צו ארבייטען אין פעלד. אונזערע אבות זיינען אויך געווען פעלד־ארבייטער, אבער די העמד פאסט ניט צו טראָגען איבער די הויזען, פארשטעקט זיי אינע־וויינינג.

אין א צייט ארום איז דער ישוב'ניק געקומען אויף יום־כפור אין שטאָט, פון וואנען עס איז געווען דער רב. אין שוהל האָט דער רב דערקענט דעם ישוב'ניק און איהם געגעבען א קי־טעל. דער ישוב'ניק האָט אָנגעטאָן דעם קיטעל און עס אריינ־געשטעקט אין די הויזען. דער רב האָט עס דערזעהן, האָט ער איהם געלערנט, אז דער קיטעל דארף זיין אראָפּגעלאָזען.

— רבי, — האָט זיך דער ישוב'ניק געוואונדערט — אויפ'ן ישוב, וואו קיינער איז ניטאָ, האָט איהר מיך געלערנט טראָגען די העמד פארשטעקט, און דאָ אין שוהל, הייסט איהר מיר דאָס טראָגען איבער די הויזען?

———:———

## דאווגען פון פאָרענט.

אַ ישוב׳ניק האָט געהאַט יאהרצייט, איז ער געקומען אין ווילנא אין שוהל אריין. גראדע איז ער געקומען שפּעט און מען האָט שוין אומעטום אָפּגעדאוונט. דערוייל האָט ער זיך דער־וואוסט, אז אין ווילנער גאונ׳ס קלויז דאווענט מען שפּעט, לויפט ער גלייך אוועק אהין. אריינגעקומען אין שוהל, פרעגט ער ביי קיינעם קיין שאלות ניט און שטעלט זיך אוועק אויבען־אָן. דעם שמש האָט עס פארדראָסען: ווי קומט עס א פּראָסטער מענש צו קריכען אויבען־אָן? געהט ער צו צו איהם, גיט איהם אָפּ שלום און פרעגט:

— פון וואנען איז אַ איד?

— פון א ישוב נאָהנט פון שטאָט. — ענטפערט איהם דער ישוב׳ניק.

פרעגט איהם ווייטער דער שמש:

— ר׳ איד, איהר האָט שוין געדאוונט פון פאָרענט?

— ניין. — ענטפערט דער ישוב׳ניק.

— אויב אזוי, — זאָגט דער שמש — טאָ זייט אזוי גוט און קומט ארונטער דאווגען פון פאָרענט.

———:———

## ער וועט איהר אויך אויפעסען.

אַ צדיק׳ס אן אייניקעל איז אמאָל פארפאָהרען אין א פעלד־קרעטשמע, גראד איז דאמאָלט דער בעל־הבית ניט געווען אין דער היים, נאָר די קרעטשמערקע איז געווען צופרידען אויפצו־נעמען דעם רבי׳ן. גראד איז אויך אין הויז קיין ברויט נישט געווען. כאפּט זי שנעל און מאכט פאר׳ן רבי׳ן לאטקעס. זי דער־לאנגט די לאטקעס און לויפט אין קאמער ברייגגען סמעטענע, אז זי איז געקומען מיט די סמעטענע, האָט שוין דער רבי דער־

ווייל אויפגעגעסען די לאַטקעס, נעמט זי גלייך און מאכט אַנדערע לאַטקעס, אָבער ווען זי האָט געשטעלט די לאַטקעס צום טיש, איז שוין פון די סמעטענע קיין זכר ניט געווען. האָט די פרוי געזעהן, אַז זי קען גאָר ניט העלפען און האָט איהם געלאָזען עסען די לאַט־קעס אָהן סמעטענע. דער רבי האָט די לאַטקעס אייליג געשלונגען, דערווייל האָט זיך צואווײנט דער ישוב'ניצעס א קליין קינד, האָט די מאמע אויף איהר אָנגעשריען:

— דו וועסט שווייגען צו ניט? איך לעג דיר באלד ארויף אויפ'ן טיש, וועט דיך דער רבי אויך אויפעסען.

---

# אלץ זיינע אייגענע.

אין א געוויסער שטאָט איז געווען א גרויסע שרפה. פיעל אידען זיינען נעבאך אומגליקליך געוואָרען. צווישען זיי איז אויך אָפּגעברענט געוואָרען א ישוב'ניק, וואָס האָט זיך ניט לאַנג אריינגעקליבען אין שטאָט און האָט מיט זיך געבראכט שעהנע עטליכע רובעל. אלע אידען האָבען, פארשטעהט זיך, געענוג באַוויינט זייער אומגליק, נאָר מעהר פון אלעמען האָט געקלאָגט דער ישוב'ניק.

— וואָס וויינט איהר אזוי? — האָט איהם איינער געפּרואווט טרייסטען — „ד' נתן וד' לקח", גאָט האָט געגעבען און גאָט האָט צוגענומען.

— זאָל איך קריינקען, — ענטפערט דער ישוב'ניק מיט געוויין — אויב דאָס איז געווען פרעמדס אפילו א גראָשען... דאָס איז אלץ געווען מיינע, וואס איך האָב מיטגעבראכט פון דאָרף...

---

## מזרח אין פיער זייטען.

א רבי'ן איז אמאָל אויסגעקומען צו זיין אין א דאָרף. עס איז געקומען די צייט פון דאווגען, שטעלט זיך דער רבי ביי א וואנט און דאווענט. ביי שמונה-עשרה פרעגט דער רבי מיט די הענט:

— או, או, מזרח?

האָט איהם דער ישוב'ניק אָנגעוויזען אויף אלע פיער ווענט. האָט דער רבי ניט פארשטאַנען, וואס דער ישוב'ניק מיינט און האָט איבערגעפרעגט:

— או, או, מזרח?

ווייזט דער ישוב'ניק ווידער אויף די פיער ווענט.

האָט דער רבי א מאך געטאָן מיט'ן האנט און זיך געשטעלט ביי דעם זעלבען וואנט און אָפּגעדאווענט.

נאָכ'ן דאווגען פרעגט דער רבי דעם ישוב'ניק:

— ווי קען עס זיין אלע פיער ווענט מזרח?

— פארשטעהט איהר, רבי, — האָט דער ישוב'ניק גע-ענטפערט — איך האָב געהאט א גרויסע סטאדאָלע, האָב איך פון דער מזרח-וואנט פון סטאדאָלע געמאכט די פיער ווענט פון הויז, דעריבער איז ביי מיר מזרח אין אלע פיער זייטען.

---

## זיי לאָזען איהם ניט רוהען, סיי זומער סיי ווינטער.

עס איז געווען איינגעפיהרט ביי די גלחים אז זיי פלעגען ארומפאָהרען סוף זומער איבער די דערפער און צונויפנעהמען מתנות פון זייערע גוים. אָפטמאָל פלעגען די גלחים אויך געהן צו די ישוב'ניקעס אידען און ביי זיי אויך עפּעס קריגען, ווייל עס פלעגט די אידען ניט פאסען זיי צו ענטזאגען. ווינטער ארום

חנוכה צייט פלעגט, להבדיל, דער רב ארומפאָהרען און קריגען מתנות פון די ישוב׳ניקעס.

איינמאָל איז א רב פארפאהרען צו א ישוב׳ניק, וועלכער האָט געהאט א זוהן א גרויסען לערנער. דער ישוב׳ניק האָט געבעטען דעם רב, ער זאל דעם זוהן פארהערען. דער רב האָט זיך געטראכט, אז מסתמא, איז דער זוהן א קנאפער למדן און כדי איהם ניט צו פארשעהמען, האָט ער דערקלעהרט איהם צו פרעגען א רעטעניש, וואס אלע ישוב׳ניקעס ווייסען דעם ענט־פער. דער רב האָט געפרעגט:

— וואָס איז דאָס וואס רוהט ניט זומער און רוהט ווינטער; אן אנדער זאך, וועלכע רוהט ניט ווינטער און רוהט זומער, און א דריטע זאך, וועלכע רוהט ניט סיי זומער סיי ווינטער?

געמיינט האָט דער רב דערמיט: א וואָגען רוהט ניט זומער, רוהט ווינטער; א שליטען רוהט ניט ווינטער, רוהט זומער; און א פערד, וואס רוהט ניט סיי זומער סיי ווינטער. אָבער דעם ישוב׳ניקס זוהן האָט עס פארדראָסען, וואס דער רב פרעגט איהם אזא שאלה, און האָט געגעבען דעם ענטפער:

— א זאך, וואס רוהט ניט זומער און רוהט ווינטער — איז עס א גלח, וועלכער פאָהרט ארום צו דעם ישוב׳ניק זומער; א זאך וואס רוהט זומער און ניט ווינטער — איז עס דער רב, וועלכער פאָהרט ארום ווינטער, און א זאך, וואס רוהט ניט סיי זומער סיי ווינטער — איז עס דער ישוב׳ניק, וואָס האָט ניט קיין רוה פון ביידען, ניט זומער און ניט ווינטער.

---

## פ ר ע ס ט.

ר׳ גימפעל, דער שניט-קרעמער, האָט גענומען אן איידעם א בן-תורה, א זיידען קינד און איהם צוגעזאָגט פינף יאהר קעסט.

דער איידעם איז געווען פון יענע איידימלאַך, וואָס לערנען ווי אידען און עסען ווי גוים.

ר' גימפעל ווערט שיעור צופּלאַצט צוקוקענדיג ווי זיין איידים עסט, און קלערט בשעת מעשה, אויב עס זאָל אזוי אָנ־האַלטען די גאַנצע פינף יאהר, וועט ער איהם אויפעסען דעם פאַרמעגען. האָט ר' גימפעל באַשלאָסען איהם צו געבען אָנצו־הערעניש אויף א שטילען אופן, אז ער דאַרף אזוי ניט פרעסען:

— הערסטו ניסן (דעם איידעם האָט מען גערופען ניסן) — האָט ער איהם איינמאָל געזאָגט שטיל — איך האָב שוין אין מיין לעבען געזעהן גענוג פרעסט: שבט פרעסט, אָדר פרעסט, אָבער ניסן־פרעסט — דאָס איז שוין ניט אויסצוהאַלטען.

---

## אזא טומעל צוליעב אַ שטיקעל קעז.

אַ דאָרפישער איד האָט זיך געפונען אין א קאָמפּאַניע פון די דאָרפס־גוים אין א גוי'שען רעסטאָראַן. איהם האָט זיך זעהר געוואָלט עסען, אָבער די הארץ האָט איהם געציטערט צו עסען טרפה. ער האָט באַשלאָסען צו בעטען א שטיקעל קעז. אמת, גוי'שע קעז טאָר מען אויך ניט, אבער דאָך איז עס ניט אזוי טריף. אבער ווי ער האָט נאָר א בים געטאָן די קעז, האָט גלייך אויסגעבראָכען שטאַרקע ווינטען. דער געוויסען פון דעם אידען האָט איהם אָנגעהויבען שלאָגען, אפשר איז עס צוליעב איהם. באַלד זיינען אויך געקומען שרעקליכע דונערען. דאָ איז דער איד אויפגעשפּרונגען, האַסטיג אויפגעמאַכט די פענסטער און אַרויסגעוואָרפען די קעז, אויסרופענדיג דערביי צאָרנדיג צום הימעל:

— סאַ 'יאַרם ער האָט דאָס געמאַכט צוליעב א שטיקעל קעז. נאַ דיר דאָס אָפּ, נאַ!

## אויסלערנען דרך ארץ.

אַ איד א ישוב'ניק האָט געהאט א פּאָר קינדער און האָט זיי אוועקגעגעבען צו א רבי'ן אין שטאָט. ער האָט אויסגערעדט מיט'ן רבי'ן, ער זאל אכטונג געבען אויף די קינדער און דער עיקר, זיי אויסלערנען אביסעל דרך ארץ, זיי זאלען וויסען ווי צו רעדען צו א מענשען, און ניט זיין קיין פארגרעבטע ישוב'ניקעס.

דער רבי האָט איהם צוגעזאָגט. אין א האלב יאהר ארום, איז דער ישוב'ניק געקומען אין שטאָט און געגאנגען זעהן די קינדער. דערנאָך איז דער ישוב'ניק געקומען צום רבי'ן און איהם אויסגערעדט:

— זאָגט אליין, רבי, איך האָב אייך געבעטען איהר זאָלט זיי אויסלערנען דרך ארץ, און אָט בין איך געקומען פון דער היים, און זיי האָבען מיך אפילו ניט געפרעגט, אויב די מאמע איז געזונד?

ענטפערט איהם דער רבי:

— האָט קיין צער ניט, איהר וועט קומען דעם אנדערען מאָל וועלען זיי שוין קענען דרך ארץ אויך.

דער איד איז אוועקגעפאָהרען און די קינדער האָבען ווייטער געלערנט ביים מלמד. אין צוויי חדשים ארום איז דער ישוב'ניק נאָך אמאָל געקומען אין שטאָט, און איז געגאנגען זעהן די קינדער. ווי ער געהט אריין אין שטוב, ערשט די קינדער לויפען צו איהם צו און פרעגען:

— טאַטע, טאטע, די מאמע איז נאָך געזונד?

---

## דעם רב'ס יושר.

אַ שוחט איז אמאָל דורכגעפאָהרען פרייטאג פארנאכט פארביי א קרעטשמע און האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט נאָר אויף

א ווײלע, עפּעס צובײסען, און פֿאָהרען אהײם אויף שבת.

אז דער קרעטשמער האָט איהם אבער דערזעהן, האָט ער איהם ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט איהם געבעטען, אז ער מוז בײ איהם זײן שבת, ווײל ער האָט שבת א ברית, און איהם פֿעהלט פּונקט אײנער צו א מנין. דער שוחט האָט מסכים געווען. אז עס איז געקומען זונטאג פֿריה, דער שוחט נעמט זיך זעגענען מיט׳ן קרעטשמער, ערשט דער קרעטשמער נעמט ארויס א פּאַפּיר און ווײזט איהם א חשבון אויף פֿופֿציג רובעל, וואָס ער האָט בײ איהם אָנגענומען איבער שבת און בעט פֿון איהם, ער זאָל איהם באצאָהלען. האָט דער שוחט אָנגעהויבען טענה׳ן, סטײטש, ער האָט דאָך געוואָלט פֿאָהרען אהײם. דער ישוב׳ניק האָט זיך דאָך קוים אײנגעבעטען בײ איהם ער זאָל בלײבען, אבער עס העלפֿט ניט, דער ישוב׳ניק האלט זיך בײ דאָס זײניגע.

— איהר ווילט ניט געבען, — האָט דער ישוב׳ניק גע־טענה׳ט — קומט צום רב צו א דין־תורה.

דער ישוב׳ניק האָט מסכים געווען. זײ זײנען אװעק צום רב, אַז דער רב האָט אויסגעהערט די טענות, זאָגט ער:

— איך ווײס? פֿופֿציג איז צופֿיעל; גיט איהם א פֿינף־און־צוואנציגער.

דער שוחט איז געשטאַנען א צוטומעלטער פֿון רב׳ם פּסק, אָבער ער האָט שוין געוואָלט באצאָהלען, ערשט דער ישוב׳ניק נעמט ארויס פֿון זײן קעשענע פֿינף און צוואנציג רובעל און דער־לאנגט עס דעם שוחט.

— איך דאנק אײך, — זאָגט דער ישוב׳ניק — וואָס איהר זײט בײ מיר געווען שבת און נאָט אײך דערפֿאַר דאָס געלט. דאָס וואָס איך האָב בײ אײך געבעטען געלט, ווײל איך האָב אײך געוואָלט ווײזען אונזער רב׳ם יושר.

———:———

## דער ישוב׳ניק האָט אויך שכל.

א שטאָטישער האָט געהאלטען שבת אין דאָרף, האָט זיך איהם שבת בייטאָג פארוואָלט א גלעזעל ביער. פרעגט ער דעם ישוב׳ניק, ביי וועמען ער איז איינגעשטאַנען, אויב מען קען קריגען א פלאש ביער. זאָגט דער ישוב׳ניק, אז יע. דער ישוב׳ניק האָט געהאט א היבשען בכור׳ל, נעהמט ער און שיקט איהם, ער זאל ברענגען פון שענק א פלאש ביער. ווען דער אינגעל איז צוריקגעקומען מיט די ביער, האָט זיך דער גאסט פארוואונדערט און געפרעגט, ווי אלט איז דער אינגעל?

— זיעבעצעהן יאהר — האָט דער ישוב׳ניק געענטפערט.

— און ווי לאָזט איהר דאָס א זיעבצעהן־יאהריגען אינגעל, וואָס לעגט שוין תפלין, טראָגען אום שבת? — פרעגט דער אורח.

האָט דער ישוב׳ניק מיט א פאראיבעל געענטפערט:

— איהר שטאָטישע מיינט, אז מיר ישוב׳ניקעס האָבען שוין גאָר קיין שכל ניט! איך לאָז איהם אומיסנע ניט לעגען קיין תפלין, כדי ער זאָל קענען טראָגען אום שבת.

---

## ווי ער בעצאָהלט איהם, אזוי דיענט ער איהם.

פרעגט דער רב אן אָרימען אידישען דאָרפס־הענדלער:

— וואָס איז דער מעהר מיט אייך, ר׳ קלמן, — איהר קומט גאָר קיינמאָל ניט אין שוהל אריין, איהר זייט דאָך עפּעס א ירא־שמים? איהר גלויבט דאָך עפּעס אין דיענען גאָט ברוך הוא?

— ווי ער באצאָהלט מיר, אזוי דיען איך איהם. — ענטפערט דער איד.

---

ט.

# שדכנים



## איין איינציגער חסרון.

אַ שדכן איז געקומען רעדען א יונגענמאַן א שדוך מיט זיינע א באַקאַנטע בתולה, א פאַרזעהעניש.

— וואָס מאכט איהר זיך נאַריש — זאָגט דער חתן — ווי קען עס אייך גאָר איינפאַלען אז איך וועל נעהמען אזא פאַר־זעהעניש. זי איז דאָך גאר א בלינדע?

— דאָס איז דוקא מעלה — זאָגט דער שדכן — זי וועט ניט קענען זעהן, ווי דו טוסט דאָרט אָפּ אמאָל...

— זי איז דאָך אבער א שטומע!...

— דאָס איז דאָך אודאי א מעלה ביי א ווייב: דו וועסט מיט איהר אָפּלעבען הונדערט און צוואנציג יאהר און פון איהר מויל קיין קללה ניט הערען.

— זי איז דאָך אבער א לאָמע!

— איז דאָך ווידער גוט, זי וועט דיר ניט קענען נאָכלויפען וואו דו געהסט ערגעץ.

— אָבער מיין גאָט, — ווערט שוין דער חתן אין כעס — זי איז דאָך א הארבאַטע.

— אַי ביזטו א חכם! — זאָגט דער שדכן — וואָס א שטייער האָסטו געוואָלט, אז די כלה זאָל שוין גאָר קיין חסרון ניט האָבען?



# ער האָט אַ העלפער.

צו א באקאנטען רב איז געקומען א שדכן רעדען א שדוך זיין זוהן. דער רב האָט פון דעם פארגעלעגטען שדוך גאָר ניט געוואָלט הערען, אבער דער שדכן, וועלכער איז געווען זעהר געניט אין זיין פאַך, האָט דעם רב ניט אָפּגעלאָזען. ער איז גע־שטאַנען איבער׳ן רב און איהם כסדר אויסגערעכענט איין מעלה נאָך דער אנדערער, וואס דער שדוך פארמאָגט. דער רב האָט ניט געקענט פטור ווערען פון שדכן, נעמט ער און שרייט אויס:

— איך טו א נדר, אז איך וועל דעם שדוך ניט טאָן.

— גאָט צו דאנקען, — האָט דער שדכן אויסגערופען — יעצט איז שוין דער שדוך ביי מיר אין האנט. פריהער איידער דער רב האָט געטאָן דעם נדר, האָט ער געקענט זיך מישב זיין צו דער שדוך איז גלייך צו ניט, אָבער איצט האָב איך שוין א גרויסען העלפער, דעם יצר הרע, אז דער רב זאָל ברעכען זיין נדר, און ער וועט שוין פאר מיר דאָס אויספיהרען, דער שדוך זאָל ווערען.

---

## ווען מען דארף מגזם זיין!

איינער אן אלטער שדכן האָט געהאַט א תלמיד א יונגען שדכן. ער פלעגט איהם מיטנעהמען אוואו ער פלעגט געהן און איהם געלערנט, וואס א שדכן דארף קענען.

— די הויפּט זאך איז, — האָט דער שדכן איהם געלערנט — מוזטו קענען מגזם זיין, אין א שדוך רעדען איז דער עיקר די גוזמא. איך וועל דיך מיטנעהמען, און וואס איך וועל זאָגען, זאָלסטו גלייך מגזם זיין. דער יונגער שדכן האָט געזאָגט, אז ער פארשטעהט עס. איינמאָל האָט דער אלטער שדכן גערעדט

א שדוך א רייכען בעל-הבית אַ זוהן און האָט מיטגענומען דעם יונגען שדכן מיט זיך.

— איהר זאָלט וויסען — האָט דער אלטער שדכן גערעד'ט צום בעל-הבית — אז די מיידעל איז פון א גאנץ שעהנער הויז.

— וואָס הייסט א שעהנע הויז? — כאַפּט זיך אָן דער יונגער שדכן — מיוחסים!

— און דאס זיינען רייכע מענשען! — רעדט ווייטער דער אלטער שדכן.

— וואָס הייסט רייכע? — מיליאָנערען! — העלפט דער יונגער שדכן.

— און די מיידעל איז נישקשה?

— וואָס הייסט נישקשה? — א „קראַסאוויצע"!

— מעהר ניט, — מאכט דער אלטער — זי האָט א קליינעם חסרון: זי האָט א קליינינקען הערבעלע.

— וואָס הייסט א הערבעלע? — מאכט דער יונגער — א האָרב, ווי א בארג!

---

# ער דערמאנט זיך.

א שדכן איז געקומען צו א יונגענמאן און זאָגט:

— יונגערמאן, איך האָב פאר אייך א מיידעל, א גאָלד.

— איך דאנק אייך זעהר — ענטפערט דער יונגערמאן — אָבער איך דארף קיין מיידעל ניט; איך וויל ניט חתונה האָבען.

— וואָס הייסט? איהר ווילט ניט חתונה האָבען? ווי לעבט מען דאָס אָהן א ווייב?

— צו וואס דארף איך א ווייב?

— אַי, איהר זייט דאָך גאר א קינד! — צורעדט זיך דער שדכן — איהר ווייסט גאר ניט ווי גוט עס איז, אז מען האָט אַ ווייב. אַט וועל איך אייך זאָגען, אָהן א ווייב איז אומעטיג,

מען איז עלענד ווי א שטיין. אָבער אז מען האָט א ווייב, ווי ביי מיר אין שטוב, למשל, איז גאָר אן אנדער לעבען. אָט שטעהט איהר אויף אין דער פריה, גיט אייך די ווייב א גלאָז ווארימע טיי, אָדער קאווע; ווילט איהר געהן אין שטאָט אריין, מאכט זי אייך א גוטען אָנבייסען, ווי ביי מיר אין שטוב (זאָל זי געזונד און שטארק זיין), דערנאָך עסט איהר מיט איהר צוזאמען. אַזוי איז א גאנצע וואָך, קומט פרייטאג צו נאכט מאכט זי די שטוב ליכטיג און ריין, שטעלט אוועק אויפ'ן טיש די גרויסע זילבערנע לייכטער, און איהר מאכט „קידוש“, און זי זיצט און קוקט אייך אָן מיט איהרע כשר'ע אייגעלאך און שמייכעלט צו אייך, ווי ביי מיר אין שטוב, דערנאָך זיצט מען צוזאמען און מען שמועסט, און אייער ווייבעל דערצעהלט אייך איין מעשה'לע, און נאָך איינע, און איהר הערט זיך צו, און זי רעדט, אזוי זיס, אזוי חנ'עוודיג... ווי ביי מיר אין שטוב, און זי רעדט זיך, און איהר הערט צו, און זי רעדט... רעדט און רעדט, רעדט און רעדט, רעדט און רעדט, א פייער זאָל זי טרעפען, ווי זי רעדט...

---

## א שדוך פון ליעבע.

א שדכן איז אמאָל געקומען צו א יונגענמאן רעדען א שדוך.

— הערט זיך איין — זאָגט דער שדכן — איך האָב פאר אייך א מיידעל אן אויסנאם, טאקע א שעהנע מיידעל.

— וואָס רעדט איהר עפּעס? — ענטפערט דער יונגער־מאן — זעהט, לאָזט מיך צורוה.

זאָגט דער שדכן:

— נו, אויב איהר קוקט ניט אויף שעהנקייט, האָב איך פאר אייך אן אנדער מיידעל, ניט אזא שעהנע, אבער אויך ניט קיין מיאוס'ע, און זי האָט פינף טויזענט קערבלאך.

זאָגט דער יונגערמאַן ווייטער:
— לאָזט מיך צורוה.
זאָגט דער שדכן:
— אַי, האָט איהר דאָך גאָר גרויסע פּרעטענזיעס! איז גוט, האָב איך פאַר אייך אַ מיידעל מיט צוואַנציג טויזענט רובעל.
— לאָזט מיך צורוה, — רעדט דער יונגערמאַן — געלט איז ביי מיר ניט דער עיקר.
— אזוי? — לאָזט ניט אָפּ דער שדכן — איהר קוקט אויף יחוס? האָב איך אַ מיידעל פון גרעסטען יחוס, שוין צוואַנציג דורות...
— איהר זאָלט וויסען, ר' איד — שלאָגט איהם איבער דער יונגערמאַן — איך וויל קיין זאַך ניט הערען, איך וועל טאָן אַ שדוך נאָר פון ליעבע.
— שאַדט! בייזערט זיך ניט — מאַכט דער שדכן — איך האָב פאַר אייך אַזעלכע אויך.

———:———

## פאַרוואָס ער רעדט דעם שדוך.

זאָגט רבי צדוק:
— גוט מאָרגען, רבי אברהם.
ענטפערט רבי אברהם:
— אַ גוט יאָהר, זיצט. וואָס וועט איהר זאָגען גוטס?
— איך האָב פאַר אייער טאָכטער גאָר אַ גוטען שדוך.
— פאַר מיין טאָכטער? וואָס זייט איהר משוגע? מיין טאָכטער געהט ערשט דער זעכצעהנטער יאָהר?
— אָבער מיין טאָכטער שיינדלען געהט שוין דער דריי־סיגסטער. — ענטפערט רבי צדוק.

———:———

## זי מאַכט אומזיסטע הוצאות.

מען האָט דער כלה אפילו אָנגערעדט, אז דער חתן, וואס דער שדכן רעדט איהר, איז אביסעל נאריש, דאָך האָט זי זיך געלאָזען אנריידען און איינגעשטימט מיט איהם זיך צו „זעהן“, מען האָט אָפגערעדט אז חתן־כלה זאָלען זיך אויפפאָהרען אויף א באהן־סטאַנציע און דאָרט פארברייגגען עטליכע שטונדען צו־זאמען. דער חתן איז געקומען פריהער און אָפגעוואַרט דער כלה ביים באהן. ווען דער באהן איז געקומען, איז דער שדכן צוגעלאָפען און פארגעשטעלט דעם חתן די כלה.

— וואָס מאכט איהר? — איז געווען דעם חתנ׳ס ערשטע שאלה.

— אומזיסטע הוצאות. — האָט די כלה גלייך געענטפערט.

———:———

## ווער וועט עס זיי געטרויען.

א שדכן איז ארוים מיט׳ן חתן נאָכ׳ן „אָנקוקען“ דער כלה, זאָגט דער שדכן:

— איהר זעהט? איך האָב אייך געזאָגט, אז זיי זיינען רייך. האָט איהר געזעהן, וואס פאר א זילבער־געשיר עס האָט געשיינט אויפ׳ן טיש?

— איך האָב אָבער מורא — זאָגט דער חתן — טאָמער איז דאָס אמאָל געליהענע ביי א פריינד, א שכן?

— וואָס רעדט איהר? — כאפט זיך דער שדכן מיט היץ — אזוינע זילבער, ווער וועט עס אזוינע לייט געטרויען?

———:———

ט.

# בעלי־עגלות



## די תורה איז אַ זומערדיגע.

אַ סוחר האָט געדונגען ווינטער־צייט א בעל־עגלה איבער־צופיהרען גלאָזווארג. אויפ'ן וועג איז א טייל דערפון צובראָכען געוואָרען. רופט דער סוחר דעם בעל־עגלה צום רב און דער רב פסק'עט, אז על־פי־דין־תורה איז מחויב דער בעל־עגלה באַ־צאָהלען פאר דעם שאדען.

— רבי, — רופט זיך אָפּ דער בעל־עגלה צום רב — זאָגט מיר איך בעט אייך, ווען איז געגעבען געוואָרען די תורה.

— דעמאָלט ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים. — ענט־פערט דער רב.

— ניין, איך מיין, אין וואָס פאר א צייט אין יאהר.

— ווער וויים נים, אז מתן־תורה איז געווען אום שבועות.

— הא, — מאכט דער בעל־עגלה — זומער'לעב הייסט עס, ווען דער וועג איז טרוקען און גלאַט. אויב אזוי, רבי, פארשטעה איך איצט פאר וואס די תורה הייסט מיר באצאָהלען, וואָלט אָבער די תורה געשריבען געוואָרען ווינטער־צייט, ווען עס רע־גענט און שנעעט און דער וועג איז גליטשיג, וואָלט זי דאמאָלט גערעדט אנדערע ווערטער.



## רבינו תם וועט אזוי גיך ניט קומען.

א פערד־הענדלער איז אמאל פאהרענדיג צו א יאריד פאר־פאהרען אין אן אכסניה. דערזעהענדיג אויפ'ן טיש א פאר תפלין, האט ער זיי אנגעטאן און זיך געשטעלט דאווגען. קומט אריין דער בעל־הבית און זעהט דעם פערד־הענדלער דאווגענ־דיג אין די תפלין, זאגט ער צו איהם:

— ר' איד, עס איז דאך רבינו תם'ס תפלין?

— נישקשה, — זאגט דער פערד־הענדלער — איך וועל נאך באוויזען אפדאווגען איידער ער וועט קומען. ביי מיר נעמט עס ניט לאנג.

—:—

## וואס נפטר — אבי געזונט.

צוויי ברידער בעלי־עגלות זיינען געווען אין אמעריקא. דערצעהלט איינער, אז עס איז אנגעקומען א בריף פון דער היים, אז דער טאטע איז נפטר געווארען.

— וואס געהט עס מיך אן — זאגט דער אנדערער ברודער — נפטר... מפטיר, פיפטר, — אבי ער איז געזונט.

—:—

## מען דארף צושיטען אביסעל האבער.

אין קאוולע איז געווען א „פאדריאטשיק" וואס פלעגט צו־שטעלען צו די פאלקען היי און האבער. יום כפור צו מנחה רופט מען אויף דעם „פאדריאטשיק" צו דער תורה, דער חזן מאכט איהם „מי שברך" און שטעלט זיך אפ ביים „בעבור שנדר".

— א קערין האבער! — זאגט אונטער דער פאדריאטשיק.

— האבער? — קען דער חזן ניט פארשטעהן, — וואס דארף מען אויפ'ן שוהל האבער?

— איך זעה, נעבאך, — זאָגט דער פּאדריאטשיק — ווי דער עולם שטעהט א גאנצען טאָג נאָר אויף אביסעל היי, דארף מען זיי צושיטען אביסעל האָבער אויך.

———:———

## ווענען זאָל מען גלויבען בעסער?

אַ יונגער בעל-עגלה איז געקומען צו אַן עלטערען בעל-עגלה ער זאל איהם טאָן א טובה און באָרגען זיין פערד.

דער עלטערער בעל-עגלה האָט אבער ניט געוואָלט געבען, האָט ער געזאָגט א תירוץ, דער פערד איז איצט אויף פּאַשע. גראד האָט זיך דערהערט פון שטאָל ווי א פערד הירזשעט. זאָגט דער יונגער בעל-עגלה:

— סטייטשע, אָט הער איך דאָך דיין פערד אין שטאל?

— נו, פרעג איך דיך — רעדט צוריק דער אלטער בעל-עגלה, — ווענען גלויבסט דו בעסער, דעם נארישען פערד, צו אַן אלטען גוטען פריינד?

———:———

## ווען די בעלי-עגלות נאַרען זיך אָפּ.

אַ בעל-עגלה האָט אמאָל געזוכט אַ ארויסהעלפער, האָבען זיך געמעלדעט עטליכע יונגען מיט אמאָל און דער בעל-עגלה האָט ניט געוואוסט, וועלכען צו נעהמען. זאָגט דער בעל-עגלה:

— איך וויים ניט ווענען פון אייך צו נעהמען. איך וועל אייך אָבער עפּעס פרעגען און ווער עס וועט מיר געבען דעם בעסטען ענטפער, דעם וועל איך נעהמען.

די יונגען האָבען אָנגעשטעלט די קעפּ און דער בעל-עגלה האָט אָנגעהויבען:

— אז אין שטאָט איז טרוקען און מען פאָהרט ארוים מיט פארשוינען און אויפ'ן וועג איז א בלאָטע, דארף מען בעטען

א הוספה, ווייל דאס הייסט דאָך דער בעל־עגלה האָט א טעות געהאט: ער האָט געמאכט דעם חשבון אויף א טרוקענע וועג, און עס איז גאַר א בלאָטע. ווי איז אָבער, אז אין שטאָט איז א בלאָטע און אויפ׳ן וועג איז טרוקען, קען דער בעל־עגלה נאָכ־דעם בעטען א הוספה אָדער נישט?

אלע יונגען, חוץ איינעם, האָבען געענטפערט, אז ניט.

— נו, און וואס זאָגסטו? — האָט דער בעל־עגלה געפרעגט דעם איינעם, וואָס האָט ניט מסכים געווען מיט אלעמען.

— איך רעכען אז יע, — האָט יענער געענטפערט — וואָרים אז אין שטאָט איז בלאָטע און דער וועג איז טרוקען, האָט זיך דאָך דער בעל־עגלה גענארט אין חשבון: ווייל ער האָט דאָך געקענט אויפנעהמען מעהר פארשוינען.

---

## ווי מען שרעקט אָן אַ פערד.

אַ בעל־עגלה איז געפאָהרען ביינאכט אין וועג, און האָט געפיהרט א פאסאזשיר א „ישיבה־בחור“. אין מיטען וועג האָט דעם בעל־עגלה גענומען שלעפערען, האָט ער געבעטען דעם ישיבה בחור האלטען די לייצעס, און האָט איהם אָנגעזאָגט, אז טאָמער וועט זיך דער פערד צושטעלען, זאל ער איהם אביסעל אָנשרעקען.

דער בעל־עגלה האָט גלייך גענומען כראָפּען, און דער ישיבה בחור האלט די לייצעס. דער פערד, דערפיהלענדיג, משמעות, וואָס פאר אן אָנטרייבער עס האלט די לייצעס, איז באלד גע־בליבען שטעהן. האָט זיך דער ישיבה בחור דערמאנט דעם בעל־עגלה׳ס פארזאָג, אז מען דארף דעם פערד אָנשרעקען, איז ער אַראָפּגעקראָכען פון וואָגען און ארייננעשושקעט דעם פערד אין אויער:

— א וואָלף געהט!

## דער לשון פון די בעלי-עגלות.

א רב איז געפאָהרען ארום חנוכה צווישען די ישוב'ניקעס אויפקלייבען חנוכה־געלט. אויפ'ן וועג האָט זיך אָנגעטראָפען דעם רב'ס בעל־עגלה מיט נאָך א בעל־עגלה, וואס איז איהם געפאָהרען אנטקעגען.ביידע בעלי־עגלות זיינען מיט אמאָל אראָפגעשפרונגען פון די וועגען מיט די בייטשען אין די הענט.

— דאָס ביזטו, חיים? א רוח דיר אין טאַטען אריין.

— שמואל'קע ממזר! — שרייט דער אנדערער — איך לאָז דיר באלד די קישקעס ארוים.

דער רב האָט זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען צו בעטען:

— אידען! וואס האָט איהר איינער צום אנדערען? פאר־וואָס קריגט איהר זיך? אָט בין איך דאָך א רב, וועל איך אייך אויסלאדען.

— האָט קיין מורא ניט, רבי, — זאָגט איהם זיין בעל־עגלה — מיר קריגען זיך ניט. דאָס איז ביי אונז בעלי־עגלות אזא לשון.

———:———

## סוויפט און זיין דיענער.

דער באריהמטער ענגלישער וויצלינג סוויפט האָט אמאָל געדארפט אויספאָהרען רייטענדיג און האָט געהייסען זיין דיע־נער איהם ברייגגען זיינע שטיוועל. ער האָט זיי געבראכט, אָבער ניט אָפגעפוצט.

— ווארום האָסטו זיי ניט אָפגעפוצט? — פרעגט סוויפט.

— עס איז ניט כדאי די טרחה זיי אָפפוצען, ווייל אין וועג וועט איהר זיי געווים מוזען צוריק איינשמוצען. — האָט גע־ענטפערט דער דיענער.

אַ קליינע ווײלע שפּעטער האָט דער דיענער ביי סוויפּט'ן געבעטען דעם שליסעל פון בופעט.

— וואָס דאַרפסטו דעם שליסעל ? — האָט סוויפט געפרעגט.

— ארויסנעהמען עפּעס עסען. — ענטפערט דער דיענער.

— אָ ! — האָט סוויפט אויסגערופען — עס איז ניט כדאי די טרחה איצט צו עסען ; אין אַ פּאָר שעה ארום וועסטו ווידער זיין הונגעריג.

———:———

# ניטאָ קיין נייעס.

א משרת איז געפאָהרען צום וואקזאל אָפּוואַרטען דעם בעל־הבית, וועלכער איז שוין א לענגערע צייט ניט געווען אין דער־היים. אזוי ווי דער בעל־הבית זעצט זיך אויפ'ן פוהר, פרעגט ער דעם משרת :

— וואָס הערט זיך עפּעס נייעס אין דער היים ?

— גאָרניט... דער מילכיגער מעסער איז טריף געוואָרען. — ענטפערט דער משרת.

— ווי אזוי איז דאָס טריף געוואָרען ? — איז דער בעל־הבית געוואָרען נייגעריג.

— איך האָב אָפּגעשונדען די שקאפּע די פעל.

— איז מיין שקאפּע טויט ? — וואונדערט זיך דער בעל־הבית.

— יע, זי איז גע'פגר'ט. — שטימט איין דער משרת.

— ווי אזוי ? פון וואָס ?

— איך האָב זיך געאיילט נאָך א דאָקטאר, האָב איך איהר פארשמיסען.

— נאָך א דאָקטאר ? פאר ועמען ? זאָג גיכער, וואס האָט פּאַסירט ?

— די בעל־הבית'טע האָט זיך פארברענט און איז גע־שטאָרבען.

— מיין ווייב איז געשטארבען? זאָג, גולם, ווי אזוי? — שרייט דער בעל־הבית.

— די הויז האָט אָפּגעברענט. — ענטפערט דער משרת.

---

## אָוואו די היהנער זיינען.

א וואלד־סוחר איז פארפאָהרען אין א קרעטשמע. ער זעצט זיך עסען, האָט ער זיך באשטעלט א פּראָסטען מיטאָג: א שטי־קעל הערינג, באָרטשט און א שטיקעל פלייש. וואונדערט זיך די קרעטשמערקע:

— איהר ווילט גאָר ניט קיין הוהן? איך וויים, אייער „שמייסער"*) קומט באשטעלט ער זיך אלע מאָל א הוהן.

דאָס איז דעם וואלד־סוחר אריין אין נאָז. ווען עס איז גע־קומען צום ענדע וואָך, ביים איבערקוקען די הוצאות פון „שמיי־סער", גיט דער בעל־הבית א פרעג:

— איך זעה ניט קיין היהנער? וואו זיינען אהינגעקומען די היהנער?

— די היהנער זיינען אריין אין די האָבער. — האָט דער „שמייסער" קאלט געענטפערט.

---

*) „שמייסער" פלעגען זיך רופען די געדונגענע יונגען צו טרייבען די פערד און אכטונג צו געבען אויף זיי.

# יא.

# גבירים און אָרימעלייט



## שפּאָרען, בעסער ווי פאַרדינען.

דער אידישער דין איז, אז א צעהנטעל דארף מען געבען מעשר פאר אָרימעלייט.

— הער מיין זוהן, — האָט א איד געלערנט זיין קינד — מעהר ווי אויף פארדינסט, זאָלסטו זעהן זיך איינגעוואוינען אין „שפּארזאמקייט”; פון פארדינטע הונדערט רובעל, דארפסטו צעהן אָפּגעבען אָרימעלייט; פון אָנגעשפּאָרטע הונדערט רובעל, אָבער, — גאָר ניט.



## איהם איינע אבי יענעם צוויי.

אין וועג זיינען געגאנגען צוויי מענשען: א קמצן און א ניט־פארגינער. האָט זיי באגעגענט אליהו הנביא און האָט צו זיי געזאָגט:

— יעצט קענט איהר זיך אויסבעטען וואס איהר ווילט אליין, אָבער געדיינקט, אז דער וואס וועט בעטען די זעלבע זאַך דער לעצטער, קריגט דאָפּעלט.

האָבען זיך די צוויי גענומען אמפּערען צווישען זיך „זאָג דו אפריהער”. „ניין, דו אפריהער.”

— גוט, — רופט זיך אָן דער ניט־פארגינער, — איך וועל זאָגען דער ערשטער — איך וויל זיין בלינד אויף איין אויג.

## ער וועט איהם שיקען ארבע...

אַ איד א מטופל מיט אכט טעכטער און א גרויסער אָרימאַן, האָט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען ווי דורכצולעבען זיך, און האָט זיך געווענדעט צו זיינעם א רייכען אָנקעל אין א גרויסע שטאָט ער זאָל איהם אונטערשטיצען. דער רייכער אָנקעל האָט אָבער אויף די בריף ניט געענטפערט. דאן האָט איהם דער איד געשריבען נאָך א בריף בזה הלשון:

„קצתי בחיי מפני בנות חית; ואם מֵאן אתה לשלח — הנני שולח מחר ארבע בגבולך".

דער אָנקעל האָט זיך דערשראָקען און ארויסגעשיקט שטיצע.

---

## ער איז אַ צופרידענער.

אַ מאַן, וואָס האָט פארמאָגט... זיעבען טעכטער, האָט אמאָל געזאָגט, אז ער איז צופרידענער פון דעם רייכסטען מענשען, וואָס פארמאָגט אפילו הונדערט טויזענט דאָלער.

— ווי אזוי? — האָט מען איהם געפרעגט.

— גאנץ פשוט, — האָט ער געענטפערט — א מענש מיט הונדערט טויזענט דאָלער וויל האָבען מעהר; איך, אָבער, וויל שוין מעהר ניט האָבען.

---

## מען קען איהם ניט משפט'ן.

אין א שטאָט איז געווען א נגיד, וועלכער איז אויך געווען א גרויסער למדן. ער האָט אָבער געהאט איין חסרון, ער האָט ליעב געהאט א „כוס" און איז שטענדיג געווען שכור. איינמאָל אום ראש-השנה, האָט זיך דער נגיד אזוי אָנגע'שכור'ט, אז ער

איז ארוים אין גאס, געבראָכען שויבען, און אָנגעטאָן א סך שאָדען. האָט מען איהם גענומען און אוועקגעשלעפּט צום רב. האָט איהם דער רב אָנגעהויבען מוסר׳ן: ראש־השנה, ביים יום־הדין, ווען עס ציטערט א פיש אין וואסער, זאל א איד אזוינס טאָן, שכור׳ן.

— רבי, — האָט דער נגיד געענטפערט דעם רב — איך שכור׳מיט א כונה, גאָט זאל מיך ניט קענען משפּט׳ן. די גמרא זאָגט: „שלשה ספרים נפתחים בראש־השנה. אחד של צדיקים גמורים, אחד של רשעים, ואחד של בינונים“, טאָ ווי אזוי וועט מיך גאָט משפּט׳ן? אויב ווי א צדיק גמור, וואס איז „נכתב ונחתם לאלתר לחיים“, זעהט איהר דאָך אליין, אז איך בין טויט שכור; אויב ווי א רשע, וואָס איז „נכתב ונחתם לאלתר למיתה“, מאך איך דאָך אלע ווײלע א „לחיים“... און אויב ווי א בינוני, וואָס איז „תלוי ועומד“, זעהן דאָך אלע, אז איך קען אויף די פיס ניט שטעהן, וועט מיך גאָט גאָר ניט משפּט׳ן, און איבער־לאָזען ווי פאר א יאהרען.

———:———

## אויף וואָס איינער קלאָגט.

אין א שטעטעל איז געשטארבען א גרויסער גביר. צו דער לויה זיינען נאָכגעגאנגען די קרובים און ביטער געוויינט. ערשט צווישען זיי זעהט מען געהט אן אָפּגעריסענער אָרימאַן, א דורכ־פאָהרער, וועלכער וויינט צוזאמען מיט די קרובים.

— ר׳ איד, — האָט מען איהם א פרעג געגעבען — וואָס וויינט איהר? דער פארשטארבענער איז דאָך ניט געווען אייער א קרוב?

— הערט איהר, — ענטפערט דער אָרימאַן — אָט דאס וויין איך דאָך טאקע, ווען ער וואָלט געווען מיינער א קרוב, וואָלט ער דאָך מיר עפּעס איבערגעלאָזט.

## ווען ער וואָלט זיך ריכטען.

צו א קארגען גביר זיינען געקומען צופאָהרען עטליכע אורחים, וואָס ער האָט זיך אויף זיי ניט געריכט. מילא, אז זיי זיינען געקומען איז פארפאלען!

דער גביר האָט געהייסען מאכען עפּעס צום עסען און געבען די אורחים. די ווייב, וועלכע איז גראדע שוין ניט געווען קיין קארגע, האָט פאר די אורחים געגרייט א טיש פון כל טוב. די אורחים האָבען אלעם געשמאק געגעסען און האָבען זיך גע־קלערט, מסתמא איז דער גביר געוואָרען אוים קארגער, ער פלעגט דאָך קיינעם אויף זיין שוועל ניט ארויפלאָזען און דאָ האָט ער זיי אזוי ברייט אויפגענומען. האָבען זיי געוואָלט איהם אָפּדאנקען און איהם געזאָגט:

— איהר האָט זיך אויף אונז ניט געריכט, פונדעסטוועגען האָט איהר פאר אונז געגרייט אזא שעהנעם טיש; היינט ווי וואָלט שוין געווען ווען איהר ריכט זיך אויף אונז?

— ווען איך ריכט זיך אויף אייך — האָט דער גביר קאלט געזאָגט — וואָלט איך פארשפּארט די טהיר.

———:———

## ער מיינט אנדערש.

אז מען איז געקומען פאר פסח צום גביר בעטען אויף מעות חטים, האָט ער העפליך אָפּגעזאָגט, ער קען ניט געבען, ער האָט אַן אָרימען ברודער.

האָבען אלע מסכים געווען, אז דער גביר איז אפשר ניט אומגערעכט, א ברודער איז געווים בילכער, אבער ווען די אָרי־מעלייט זיינען געקומען ערב פסח נאָך די „מעות חטים" געלט, ערשט דעם גביר׳ם ברודער איז אויך דאָ צווישען זיי.

— פאר אייך — האָט איהם דער פרנס קאלט געזאָגט —

האָב איך ניט קיין מעות חטים, אייך באזארגט שוין אייער ברודער.

— מיין ברודער? — האָט דער אָרימאן אָנגעהויבען צו קלאָגען — ער גיט מיר קיין גראָשען ניט. ווער האָט עס אָפּגע־קלערט, אז ער באזאָרגט מיך?

— אייער ברודער אליין האָט עס געזאָגט — ענטפערט דער פּרנס.

איז מען אוועק צום גביר, און איהם געזאָגט, אז זיין ברודער דער אָרימאן זאָגט, אז ער גיט איהם גאָר ניט.

— געווים גיב איך איהם גאָר ניט. — ענטפערט דער גביר.

— טאָ וואָס האָט איהר געזאָגט, אז איהר האָט אן אָרימען ברודער?

— דאָס מיין איך דאָך טאקע, אז איך האָב אן אָרימען ברו־דער און גיב איהם גאָרניט, וועל איך דאָך אנדערע אודאי ניט געבען.

———:———

## ער איז דאָך איהר יורש.

אן אָרימאן איז געקומען צום גביר פון שטאָט נאָך א נדבה אויף חתונה צו מאכען זיין טאָכטער, וואס איז שוין עטליכע יאהר א כלה. דער גביר האָט דעם אָרימאן געגעבען א שעהנע נדבה. אין א פּאָר טעג ארום דערוויסט זיך דער גביר, אז דעם אָרימאנ׳ס טאָכטער איז שוין זייט א פּאָר יאָהר טויט. פאַרדריסט איהם די מעשה און ער שיקט רופען דעם אָרימאן.

— זאָג נאָר, שעהנער מענש — פרעגט איהם דער גביר מיט כעס — וואָס ביזטו געקומען צו מיר נאָך א נדבה פאר דיין טאָכטערס חתונה, ווען זי ליגט שוין לאנג אין דר׳ערד?

— איך פאַרשטעה אייך נישט, זאָלט איהר מיר געזונד זיין — האָט זיך דער אָרימאַן געוואונדערט — מילא, אז זי איז געשטאָרבען בין איך דאָך איהר יורש, טאָ וואס זשע זייט איהר אזוי אין כעס?

———:———

## זיי האָבען עס ניט געהאט.

א קאַרגער האָט אמאָל גענומען אַן אורח אויף א מיטאָג. ביים טיש האָט מען געשטעלט בראַנפען, האָט דער בעל-הבית געראַטען דעם אורח, אז ער זאָל די בראַנפען ניט טרינקען, ווייל זיי זיינען שטאַרק, נאָר ער זאָל בעסער איינטונקען די ברויט אין דעם. דער אורח האָט פאַרשטאַנען דעם קאַרגען'ס כונה, האָט ער גענומען א שטיק ווייכע ברויט און איינגעטונקען אין גלעזעל בראַנפען. די ברויט האָט איינגעזויגען די גאַנצע בראַנ־פען, אז אין פלעשעל איז גאָר ניט געבליבען. אז דער בעל-הבית האָט עס געזעהן, זאָגט ער:

— רבי אורח, ווען די יוצאי מצרים וואָלטען געווען ווי איהר, וואָלט מען גאָר ניט געדאַרפט שפּאַלטען דעם ים, זיי וואָלטען איהם אויסגעטריקענט נאָר מיט'ן איינטונקען זיך אליין!

— יע, — האָט איהם דער אורח געענטפערט — עס איז אָבער געווען פסח, האָבען זיי ניט געהאט קיין ווייכע ברויט, נאָר האַרטע מצה.

———:———

## זאָל ער געבען די ערשטע עצה.

צו א גביר, וואס האָט געהאט א סך גרויסע געשעפטען, איז געקומען אַן אָרימער קרוב בעטען א שטעלע.

— וואָס פאַר א שטעלע קענט איהר פאַרנעהמען? — פרעגט איהם דער גביר — קענט איהר פיהרען א בוך?

—ניין, דאָס קען איך נישט. — ענטפערט דער קרוב.

— אפשר קענט איהר בריעף שרייבען?

— ניין, דאָס אויך נישט.

— וואָס-זשע פאַרט קענט איהר יאָ?

— צו אזעלכע עסקים ווי אייערע, קיין עין-הרע, — ענט־פערט דער אָרימער קרוב מיט א זיס שמייכעלע — איז נויטיג פאר אייך ווי דאס לעבען צו האָבען א שטענדיגען בעל יועץ; און איך מעג זיך אליין לויבען, אז דאס קען איך, ברוך השם, אויס־געצייכענט, איך בין דער בעסטער בעל-יועץ.

— אויב אזוי, — מאכט דער גביר — גיט-זשע מיר טאקע, זייט מוחל, אַט טאקע תיכף ומיד די ערשטע עצה, ווי אזוי ווערט מען פון אייך פטור?

———:———

## ער וועט פארדיענען מעהר.

אַן אָרימאַן איז געקומען צו זיינעם א רייכען קרוב און ביי איהם געבעטען לייהען הונדערט רובעל.

— עס שטעהט מיר פאָר א טייערער געשעפט — האָט דער אָרימער קרוב דערצעהלט — מען קען דערביי פארדינען א סך געלט. לייהט מיר הונדערט רובעל און ווערט א שותף צום פאר־דינסט.

— וויפיעל קען איך פארדינען אויף מיין חלק? — האָט דער גביר געפרעגט.

— גאנצע פופציג רובעל. — האָט דער אָרימער געענטפערט.

— אויב אזוי, — האָט דער גביר געזאָגט — וועל איך דיר לייהען פינף און צוואנציג און איך וועל פארדינען גאנצע פינף און זיבעציג.

———:———

## אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה ווערט אַ סך.

אין לעמבערג האָט אמאָל געלעבט אַן איד אַן עושר, ר' אהרן פּיליפּ איז געווען זיין נאָמען, אז מען האָט איהם איינמאָל געפרעגט פון וואס איז ער אזוי רייך געוואָרען, האָט ער געענטפערט:

— איך בין רייך געוואָרען פון די קללות וואָס מען שילט מיך. יעדער אָרימאַן וואָס קומט אהיים און די ווייב פרעגט איהם, וואס האָט ער דעם טאָג פארדינט, ענטפערט ער: א האַלבען רייניש, א רייניש. און לעגט דערביי צו „אהרן פּיליפּ זאָל עם פארדינען". נו, א האלבער רייניש, א רייניש צוגעווינשט פון איין אָרימאַן, נאָך א רייניש אָדער א האלבען צוגעווינשט פון נאָך אן אָרימאַן, און אזוי נאָך און נאָך, האָב איך טאקע געמאכט א פארמעגען.

———:———

## זאָל געהן צו אייך דער וואָס האָט מיך געשיקט.

דער אָרימאַן איז געקומען צום גביר און געבעטען א נדבה, איז דער גביר אָנגעפאלען אויף איהם מיט קולות און זלזולים און איהם געוויזען די טהיר.

— איך האָב עס כשר פארדינט, — זאָגט דער אָרימאַן ביים אַוועקגעהן — וואָס האָב איך געדארפט געהן צו אייך, זאָל ער בעסער אליין קומען צו אייך, דער וואס האָט מיך געשיקט.

דער גביר איז נאָך געוואָרען מעהר אָנגעצונדען און געשריען:

— איך וויל דאָס טאקע וויסען, ווער האָט עס געהאט די העזה צו שיקען אייך צו מיר.

— דער דלות. — ענטפערט קורץ דער אָרימאַן.

———:———

## ער איז א כהן, טאָר ער ניט.

אַן אָרימאַן איז איינמאָל אריינגעקומען צו א קאַרגען גביר נאָך א נדבה. ווי דער גביר האָט דערזעהן דעם אָרימאַן, נעמט ער און געהט אוועק פון הויז. אז דער אָרימאַן האָט געזעהן, אז דער בעל־הבית איז אוועק, איז ער אויך אויפגעשטאַנען און אוועק אָהן א נדבה.

נאָכדעם, אז דער גביר איז צוריקגעקומען, האָט איהם גע־פרעגט זיין ווייב:

— פארוואס ביזטו אוועקגעגאנגען פון הויז ווען דער אָרי־מאַן איז דאָ געווען?

— פארשטעהסטו מיך — האָט דער גביר געענטפערט — אין דער תורה שטעהט „עני חשוב כמת“ — אז אַן אָרימאַן איז געגליכען צו א טויטען, און אזוי ווי איך בין דאָך א כהן, טאָר איך ניט בלייבען מיט אַן אָרימאַן אין איין הויז.

---

## ווי אַזוי מען ווערט רייך!

מען האָט אמאָל געפרעגט א אידען, וואס איז געווען אַן אָרימאַן און געוואָרען רייך, ווי אזוי האָט ער דאס דערגרייכט? האָט ער געזאָגט:

— איך האָב געטאָן צוויי זאכען: וואָס איך האָב גערדאַרפט טאָן מאָרגען, האָב איך געטאָן היינט; און וואָס איך האָב גע־דארפט עסען היינט, האָב איך געגעסען מאָרגען.

---

## אָפּגעגעבען ביי וועמען ער האָט גענומען.

האָט די שטעטעל געקאָכט ווי אין א קעסעל. פּאלעצקי, דער פאבריקאנט פון סטיינגעס און דער גרעסטער גביר פון

שטעטעל איז געשטארבען און איבערגעלאָזען א צואה, וואו אַ גרויסען טייל פון זיין פארמעגען גיט ער אָפּ פאר א משוגעים־הויז, וואס מען זאָל בויען אויף זיין נאָמען.

— וואָס עפּעס פאר משוגעים? — האָבען זיך אלע גע־וואונדערט.

— ער האָט געטאָן גאנץ גלייך — האָט איינער געזאָגט — ער האָט אָפּגעגעבען די געלט, ביי וועמען ער האָט זיי גענומען. ער איז אויפגעקומען פון משוגעים און ער האָט עס דעריבער פאר זיי געלאָזען.

---

## ער מאַכט איהם אוים בעל־הבית.

צוויי אידען זיינען געגאנגען קלייבען געלט אויף א דבר־מצוה, זעהען זיי ווי איינער א קרעמער שטעהט אזוי און קוקט אין גאָס אריין. דער קרעמער האָט געהאט אין שטאָט א נאָמען פאר א קארגען, וואס פלעגט אויסזוכען אלע תירוצים אבי זיך אויסצודרעהען פון געבען א נדבה. רופט זיך אָפּ איינער פון די צוויי נדבה־קלייבער צום אנדערען:

— איהר וועט באלד זעהן ווי איך מאך דעם קרעמער אוים בעל־הבית?

— וואָס הייסט אוים בעל־הבית? — וואונדערט זיך דער אנדערער.

— איהר וועט זעהן! — זאָגט דער ערשטער, און געהט צו צום קרעמער און זאָגט:

— גיט א נדבה אויף א נויטיגע זאך.

— איהר וועט מוחל זיין קומען אן אנדערש מאָל — זאָגט דער קרעמער — דער בעל־הבית איז איצט ניטאָ אין דער היים.

---

## וואָס רבי יהודה האָט אויסגערעכענט.

אַ ישיבה־בחור האָט נעבאך געהאט דעם מזל אריינצופאלען צום סדר צו זעהר א גרויסען קמצן. דער עסען איז געווען קארג און דער כוס פון די וויין איז געווען זעהר א קלייניקער. דעם בחור האָט עס זעהר פארדראָסען. ווען עס איז געקומען צו דעם אָרט אין דער הגדה „ורבי יהודא היה נותן בהם סימנים דצ״ך, עד״ש, באח״ב. פרעגט איהם דער בעל־הבית, ער זאל ערקלעהרען, וואָס האָט ר׳ יהודא געמיינט מיט זיין פארקירצען די מכות ?

האָט דער בחור געזאָגט:

— ווי באוואוסט איז א מנהג, אז אויסרעכענענדיג די מכות דארף מען ביי יעדער מכה אויסגיסען מיט׳ן פינגער א טראָפּען וויין פון בעכער. ר׳ יהודא איז געווען זעהר א קלוגער מאן, האָט ער זיך געטראכט, ווען אזא אָרים־בחור ווי איך, זאל דארפען אויסגיסען פון זיין כוס 10 טראָפּענס וויין, וועט דאָך גאָר ניט בלייבען, דעריבער האָט ער געזאָגט, די צעהן מכות זאָלען בלייבען פאר׳ן בעל־הבית און פאר דעם בחור האָט ער עס פארקירצט.

———:———

## עס זאָל מקוים ווערען פארקעהרט.

אַ משולח אויף וואלאזינער ישיבה איז געקומען צו א גביר אַ קמצן בעטען א נדבה. אז דער גביר האָט דערהערט נאָך וואָס ער איז געקומען, איז ער געוואָרען אין כעס און געזאָגט:

— וואָס שלעפּט איהר זיך צו מיר ? גאנץ שטאָט ווייס דאָך, אַז איך גיב קיינעם ניט.

— און איהר שעמט זיך דאָס גאָר ניט ? — פרעגט דער משולח.

— וואָס אַרט עס מיך ? אָט שילטען זיי מיך אלע, און עס

ווערט מקוים פארקעהרט, וואָס א טאָג ווער איך אלץ רייכער און רייכער.

ביים אוועקגעהן רופט זיך אָפּ דער משולח:

— א גוטען טאָג! גאָט זאָל געבען, איהר זאָלט זיין געזונד און ווערען וואָס א טאָג רייכער.

האָט איהם דער גביר א רוף געטאָן צוריק און געפרעגט:

— איך גיב אייך גאָר ניט, און איהר בענשט מיך נאָך?

— גאַנץ פשוט, — זאָגט דער משולח — איהר האָט מיר געזאָגט, אז די שטעטעל שילט אייך און עס ווערט מקוים פאר־קעהרט, איהר ווערט רייכער, וויל איך אייך בענשען, אפשר וועט אויך מקוים ווערען פארקעהרט.

———:———

## ער איז א נשרף.

אן אָרימאַן איז געקומען צו א גביר בעטען א נדבה, און זיך אָנגעגעבען פאר נשרף. דער גביר האָט באטראכט דעם אָרימאַן און געזאָגט:

— ווי איך זעה אָן אייך, האָט שוין אפילו אייער טאַטע געקליבען נדבות, טאָ וואָס דארפט איהר זאָגען, אז איהר זייט א נשרף?

— אמת טאַקע, — ענטפערט דער אָרימאַן — מיר זיינען אביונים פון שטענדיג, אבער די שטאָט, וואו מיר פלעגען קליי־בען נדבות, האָט אָפּגעברענט, זיינען מיר נשרפים.

———:———

## אזוי פיעל קען ער ניט שענקען.

דער גביר פון שטאָט האָט געהאלטען זעהר שמאָל. די גע־שעפטען זיינען אוועק שלעכט און ער האָט געמוזט, היינט־

מאַרגען, באנקראָטירען. דערוויל האָט עס נאָך אָבער קיינער ניט געוואוסט, און מענשען פלעגען איהם נאָך טראָגען הלואות. קומט אריין שרה ליבע די אלמנה צום גביר אין הויז און זאָגט זי וויל זעהן דעם גביר.

— וואָס דארפסטו מיך? — פרעגט דער גביר.

— איך האָב דריי הונדערט רובעל אויף חתונה מאכען מיין טאָכטער, וויל איך עס האלטען ביי אייך און איהר וועט מיר צאָהלען פראָצענט.

— גוט. — איז דער גביר מסכים און נעמט צו פון איהר די געלט.

אז זי איז ארויס, רופט זיך אָפּ זיין ווייב צו איהם:

— דו ווייסט, דו האָסט אפשר די געלט ניט געדארפט נעהמען, מיר טוט וועה די הארץ, נעבאך, אָרימע געלט, און דו וועסט זיי ניט קענען אָפּגעבען.

— וואָס האָסטו געוואָלט? — האָט דער גביר געענטפערט מיט רוגזה — ס'איז אויף איהר א רחמנות — קען איך איהר שענקען דריי־פיער רובעל, אבער ניט קיין דריי הונדערט.

---

## ער וועט העלפען זוכען.

אַ קבצן א איד האָט זיך אויפגעכאפּט אין מיטען נאכט און געהערט טריט ביי זיך אין צימער.

— ווער איז דאָרט? — פרעגט דער קבצן.

— א גנב! — הערט זיך אַן ענטפער.

— וואָס זוכט איהר דאָרט?

— געלט! — האָט דער גנב געענטפערט.

— אויב אזוי, — זאָגט דער איד —ווארט א ווילע, איך וועל אָנצינדען א ליכט און אייך העלפען זוכען.

---

## ער קען עס אזוי ביליג ניט מאַכען.

יודעל, דער שניידער, פלעגט תמיד קומען שבת אין שוהל מיט א צוריסענעם ראָק, האָט דער גבאי פון שוהל איהם אמאָל אויסגערעדט:

— ס'טייטש, ר' יודעל, איהר זייט אליין א שניידער, טאָ ווארום פאררריכט איהר ניט אייער ראָק? עס איז דאָך א חרפה אריינצוקומען אין שוהל מיט אזא צוריסענעם ראָק.

— וואָס זאָל איך טאָן? — פארענטפערט זיך דער שניי־דער — איך בין אַן אָרימאַן א איד, און אז עס קומט ארומזעהן וועגען זיך, איז ניטאָ קיין צייט.

— אויב אזוי, — זאָגט דער גבאי — נאט אייך צוויי גילדען און פאררריכט שוין אייער קאפאָטע.

אויפ'ן צווייטען שבת, דער גבאי זעהט ווי יודעל דער שניי־דער טראָגט ווידער די זעלבע קאפאָטע מיט די זעלבע לעכער.

— היתכן? — האָט דער גבאי גענומען אויסריידען דעם שניידער — איך האָב דאָך אייך געגעבען צוויי גילדען, טאָ פארוואס האָט איהר ניט פאררריכט אייער ראָק?

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, — ענטפערט דער שניי־דער — אז איך האָב גענומען גוט ארומקוקען די קאפאָטע, האָב איך זיך ארומגעזעהן, אז פאר צוויי גילדען קען איך עס ניט פאררריכטען.

———:———

## מיט זיינע געלט.

ביי אַ רייכען ווינער אידען האָט שוין אַן אָרימאַן געהאט א חזקה יעדען חודש צו קריגען פינף גילדען. די געלט פלעגט איהם שוין דערלאנגען דער בוכהאלטער אין דעם גביר'ס גע־שעפט.

איינמאָל קומט דער אָרימאַן נאָך זיין נדבה און דער בוכ־האלטער דערלאנגט איהם נאָר דריי גילדען. דער אָרימאַן איז גע־בליבען שטעהן און געווארט.

— וואָס ווארט איהר נאָך? — פרעגט איהם דער בוכ־האלטער.

— איהר האָט געמאכט א קליינעם טעות — ענטפערט דער אָרימאַן — איך קריג אלעמאָל פינף גילדען, ניט קיין דריי.

— יע, — ענטפערט דער בוכהאלטער — איצט גיט דער בעל־הבית מעהר ניט ווי דריי.

— פארוואָס?

— דער בעל־הבית — ערקלעהרט איהם דער בוכהאלטער — האָט חתונה געמאכט זיין עלטסטע טאָכטער, האָט ער געהאט א סך הוצאות, חוץ נדן און מתנות. גיט ער איצט מעהר ניט ווי דריי.

— יע, יע, — ברומט דער אָרימאַן — איהר וועט זאָגען אייער בעל־הבית, איך ווינש איהם אלדאָס גוטס, אָבער ווייטער, אַז ער וועט חתונה מאכען א טאָכטער, זאָל ער עס טאָן מיט זיינע אייגענע געלט, ניט מיט מיינע.

———:———

## אַ בגד פאר אלע ימים טובים.

אן אָרימאַן פלעגט ארומגעהן אָפּגעריסען, אין בגדים פול מיט לעכער און לאַטעס און קיינמאָל ניט אומגעביטען אויף אַ נייעם בגד. איינמאָל קומט דער אָרימאַן צו א גביר׳ס א חתונה. דער גביר האָט דערזעהן דעם אָרימאַן, האָט ער איהם אויסגע־רעדט, ווי קומט ער דאס אזוי „בזוי“ אין אזעלכע שמאַטעס צו זיין חתונה?

— מיין בגד איז אן אמת־יום־טוב׳דיגער, — האָט דער אָרי־

מאן געענטפערט — פסח איז אין איהם ניטאָ קיין ברעקעל; שבועות איז ער דורך און דורך מיט תיקון; ראש השנה בלאָזט אין איהם פון אלע זייטען; יום כפּור טויג ער אויף כפּרות; חנוכה איז ער פול מיט „לאטקעס“, און פּורים צושיט ער זיך אויף... מאָן.

---

## ער דארף דאָס געדענקען.

אַן אָרימאן איז אריינגעקומען אין א הויז און געבעטען עפּעס עסען. די בעל־הבית׳טע איז געווען א גוטהערציגע פרוי, האָט זי געהייסען דעם אָרימאן זיך וואשען און געגעבען אָפּ־עסען. ביים אוועקגעהן, האָט דער אָרימאן צוגעווינשט דער בעל־הבית׳טע, אז זי זאל זיין איהר גאנצען לעבען רייך און זי זאָל תמיד קענען מחיה זיין אָרימעלייט. אזוי ווי אָבער דער אָרימאן איז ארויס, האָט זיך די בעל־הבית׳טע ארומגעזעהן, אז עס פעהלט איהר א זילבערנער לעפעל. די פרוי איז נאָכגעלאָפען דעם אָרימאן און געשריען:

— ר׳ קרוב, איך וויל אייך עפּעס זאָגען!

— וואָס ווילט איהר? — האָט דער אָרימאן טויט־צושראָ־קען געפרעגט.

— פארגעסט ניט, ר׳ קרוב, אז די לעפעל, וואָס איהר האָט גענומען, איז א מילכיגע.

---

## ער געווינט.

אַ קארגער האָט זיך אמאָל געוואָטען מיט איינעם, ווער ועט ליגען לענגער אונטער׳ן וואסער ועט געווינען צעהן דאָלער, האָט דער קארגער געוואונען, ער איז אינגאנצען ניט ארויס פון וואָסער.

---

## יב.

# חקרנים, טפשים און עמי־הארצים



## ווי ווער עס לאכט.

אז מען דערצעהלט א מעשה א פויער, לאכט ער דריי מאָל. דעם ערשטען מאָל לאכט ער, ווען מען דערצעהלט איהם די מעשה, דעם צווייטען מאָל, ווען מען דערקלערט איהם, און דעם דריטען מאָל, ווען ער פארשטעהט די מעשה.

אַ פריץ לאכט צוויי מאָל: איין מאָל לאכט ער, ווען מען דערצעהלט איהם; דעם צווייטען מאָל, ווען מען דערקלערט איהם, ווארום פארשטעהן פארשטעהט ער עס סיי ווי סיי ניט.

אן אָפיציער לאכט נאָר איין מאָל, בשעת מען דערצעהלט איהם, ווייל דערקלעהרען לאָזט ער זיך ניט און פארשטעהן, פארשטעט ער ניט.

אַ איד, אז מען דערצעהלט איהם א מעשה, מאכט ער:

— וויים איך וואָס? אלטע מעשיות.

און ער קען די מעשה בעסער דערצעהלען.

---

## אַ חקירה.

אַז צוויי חברים, ישיבה־בחורים, האָבען זיך צוקריגט, האָט איינער דעם אנדערען אָנגערופען „חמור“ (אייזעל).

האָט איהם דער אנדערער געענטפערט:

— איצט איז ביי מיר א חקירה: צו בין איך דיין חבר, ווייל איך בין א חמור; אָדער איך בין א חמור, ווייל איך בין דיין חבר.

———:———

## גאָר קיין עצה ניטאָ.

האָט דער חקרן ארומגערעדט אין בית מדרש:

— זעהט דעם חילוק פון אידישע קעפּ ביז זייערע, די אומות העולם, להבדיל. אָט האָבען זיי דערקלערט א סך גרויסע זאכען, למשל, דער באהן. ער לויפט מיט א פארע, זעהר געשווינד. אָבער, זאל מען ארויסנעמען א שרייפעלע פון די רעלסען אָדער פון די רעדער — איז אוים קונצענמאכער. אויך נעמט טעלעגראף, טעלעפאָן, זאָל מען איבערשניידען א דראָט, איז — אוים. מען הערט שוין מעהר ניט. אָבער צו א אידישע חכמה איז קיין מיטעל ניטאָ. נעמט תשעה באב, מען דארף פאסטען. ווען זיך אמאָל אן אפיקורס ווען עסען אום תשעה־באב, וואס האָבען אונזערע חכמים געטאָן? האָבען זיי געזאָגט, אז תפלין דארף מען ערשט לעגען צו מנחה. היינט געה און עס, אז מען האָט נאָך ניט געלעגט קיין תפלין.

———:———

## איהר וואונדערט נאָר די חוצפה.

צווישען די ישיבה בחורים איז אויך געווען וועלוויש סאָקאָ־לאָווער, א לעבעדיגער בחור׳ל, וועלכער האָט געוואָרפען אן אויג אויף דעם ראש־ישיבה׳ס טאָכטער און איהר פארגעלעגט, בא־שטימען אן אָרט זיך מיט איהם צו טרעפען.

די מיידעל האָט זיך גערויטיגט און געשטאָמעלט.

— נו, אויב איהר ווילט ניט.... — האָט וועלוועל אָנגע־הויבען.

— וועגען ניט וועלען קען גאָר קיין רייד ניט זיין — האָט איהם די מיידעל איבערגעשלאָגען — אָבער ווי קומט צו אייך די חוצפה?

———:———

## ווען די גוים וועלען זיין אין גלות.

אין א קליין שטעטעל איז געווען א גרויסער גביר וואס האָט געלעבט זעהר רייך און אויפגעפיהרט זיך מעשה פריץ. ער פלעגט ארויספאָהרען אין א קארעטע געשפאנט אין פיער פערד, מיט באַדינער.

איינמאָל פאָהרענדיג מיט זיין משולח צוזאמען דורך א דאָרף זיינען ארויסגעלאָפען באָרפוסע שקצים׳לאך, און אזוי ווי זיי האָבען דערקענט אז אין קארעטע זיצען אידען, האָבען זיי גע־נומען ווארפען שטיינער אין קארעטע.

דעם משולח האָט עס געקרענט און ער האָט זיך אָנגערופען צום גביר:

— זעהט, ווי מיר זיינען אין גלות! אז מיר פאָהרען שוין יע אין א קארעטע, מיט טייערע פיער פערד און דאָך ווארפען שקצים שטיינער אויף אונז.

— עט, — זאָגט דער גביר — דערפאַר, אם ירצה השם, אז משיח וועט קומען, וועלען זיי דאָך זיין ביי אונז אין גלות, וועלען זיי פאָהרען אין קארעטעס און אונזערע קינדער וועלען ווארפען שטיינער אויף זיי...

———:———

## קלאָר ווי דער טאָג.

צוויי אידען זיינען געזעסען בייננאכט אין בית-המדרש און געלערנט גמרא. אין פאל ווען זיי וועט באזיגען דער שלאָף האָבען זיי צוגעגרייט א קישען.

מיט אמאָל האָבען זיך אין בית המדרש אריינגעריסען צוויי קאָזאקען און האָבען צוגעקומען ביי די אידען דאָס קישען און די גמרא און זיינען פארשוואונדען.

— גלייך ווי די צוויי אידען האָבען אָפּגעכאפּט דעם אָטעם, האָבען זיי פארפיהרט א פלפול מיט א גמרא־נגון:

— זאָג מיר נאָר, כ׳בעט דיך, אויף וואס פאר א סוגיא אין דער גמרא שטיצען זיך די קאָזאקען, האלטען זיי ווי דער מאן דאמר „לא איברי ליליא אלא לגירסא“, (די נאכט איז באַשאַפען געוואָרען צום לערנען, טאָ פארוואס האָבען זיי צוגענומען די גמרא? האלטען זיי ווידער ווי דער מאן דאמר: „לא איברי ליליא אלא לשינתא“ (די נאכט איז באשאַפען געוואָרען צום שלאָפען) פאר וואס האָבען זיי ביי אונז צוגענומען דעם קישען?

— דו ביזט א גרויסער שוטה, — האָט איהם געענטפערט מיט׳ן זעלבען גמרא נגון דער צווייטער — די זאך איז קלאָר ווי דער טאָג: איין קאָזאק האלט „די נאכט איז געגעבען געוואָרען צום שלאָפען; דער אנדערער, אז „די נאכט איז געגעבען גע־וואָרען צו לערנען תורה“ און דערפאר האָבען זיי ביי אונז אוועק־גענומען אי דאָס קישען, אי די גמרא.

———:———

## גאָר אן אנדער זאך קשה.

צוויי יונגעלייטלאך האָבען זיך אוועקגעשפארט א היבשע צייט איבער א „כלומר“ אין רש״י: איינער זאָגט, אז רש״י קומט דאָ מיט׳ן „כלומר“ צו באוואָרענען אזא קשיה, און דער צווייטער רעכענט אן אנדער קשיה. קומט אריין א איד, א הדרת פנים, וועלכער האָט זיי אויסגעזעהן צו זיין א למדן, געהען די יונגע־לייטלאך צו איהם צו, און בעטען איהם, ער זאל זיי זאָגען זיין מיינונג, וואָס מיינט רש״י מיט׳ן „כלומר“, ווי דער צו ווי יענער?

דער שעהנער איד איז אבער באמת געווען גאָר א קליינער יודע ספר. נאָכדעם ווי ער האָט לאנג אריינגעקוקט אין רש"י, זאָגט ער זיי:

— מיר איז דאָ גאָר אן אנדער זאך קשה.

— גאָר אן אנדער זאך, — וואונדערען זיך די יונגעלייט־לאך — וואָס נאָך פאר א דריטע קשיה קען דאָ זיין?

— מיר איז קשה, — רעדט דער איד — ווי אזוי קען מען עס גאָר לייענען אזעלכע פיצלאך אותיות?

———:———

## די איינציגע כוונה.

אין שטעטעלשען בית המדרש האָט מען געפרעגט דעם אַלטען כהן, וואָסערע כוונות האָט ער ביים דוכענען.

— איך דוכנ'ע שוין העכער פופציג יאהר, — האָט דער אלטער כהן געענטפערט — און האָב תמיד געהאט נאָר איין איינציגע כוונה.

— וואָס?

— מען זאָל מיר נישט אוועק'גנב'ענען די שטיוועל.

———:———

## נישט קיין מתים.

אַ איד טרעפט דעם זעלבען כהן אויפ'ן בית־עלמין און פרעגט איהם די באקאנטע קשיה:

— מה לכהן בבית הקברות? (ווי קומט א כהן אויפ'ן הייליגען אָרט).

— נאט אייך א פעניג — ענטפערט דער כהן א תירוץ — פאר די היינטיגע כהנים, פאר די היינטיגע מתים.

———:———

## זיך געגעבען אן עצה.

צוויי בחורים האָבען זיך געשפּארט אין בית המדרש איבער א הארב שטיקעל גמרא. קומט אריין אן אלטער מאן א שניי־דער, וואס האָט געהאַט א פּנים פון א שעהנעם אידען א למדן. ווענדען זיך די בחורים צו איהם, ער זאָל זיי זאָגען, ווער פון זיי איז גערעכט.

— ס'איז גוט, — זאָגט דער אלטער שניידער — וואָס איהר האָט געטראָפען אויף אזא אידען, וואס קען, ברוך השם, א שטי־קעל גמרא; וואָס אבער וואָלט געווען, ווען איהר טרעפט אָן, אשטייגער, אויף א גראָבען יונג, חלילה, וואָלט איהר דאָך איהם פאַרשעמט. דערפאר, זעהט איהר, וועל איך אייך אויך ניט זאָ־גען, איהר זאָלט ווייטער וויסען אויף אן אַנדערש מאָל.

———:———

## אונטערשיידען.

— וואָס איז דער חילוק פון יעל אין תנ"ך ביז היינטיגע פרויען?

— פון יעל'ן האָט מען געבעטען וואסער, האָט זי געגעבען מילך; פון היינטיגע — בעט מען מילך און זיי גיבען וואַסער.

———:———

## אַ גרויסער חלוק.

— וואָס איז דער חלוק צווישען א מלמד ביז א נאמן?

— ווען א מלמד גיט אויף דאָס מלמדות אויף א יאהר — שטארבט ער פון הונגער; א נאמן, אָבער, אז ער גיט אויף די נאמנות אויף א יאהר, ווערט ער אן עושר.

———:———

## מען פארלאנגט — און ניט צופרידען.

— א מאָדנע זאך, — האָט אמאָל א חכם געזאָגט — מיר פארלאנגען אלע אלטע יאהרען, אָבער ווי מיר קומען צו זיי זיינען מיר דערמיט ניט צופרידען.

———:———

## געדויערט איידער מען דערזעהט.

— וואָס איז דער אונטערשיד פון א זומערדיגען נאַר ביז א ווינטערדיגען?

— א זומערדיגער נאַר ווי ער עפענט די טהיר זעהסטו גלייך דעם נאַר; א ווינטערדיגער נאַר, אָבער, עפענט די טהיר, טריי־סעלט אָפּ דעם שנעע, טוט אוים די קאלאָשען, נעמט אראָפּ דעם מאַנטעל, ווישט אוים די ברילען און — דו דערזעהסט דעם נאַר.

———:———

## וואַסער דאָס בעסטע.

בעני דעם נאַר האָט מען געשיקט אין מארק קויפען א הון, איז ער אוועק און געבראכט א קרוג וואסער. האָט מען איהם גע־פרעגט:

— בעני נאַר, וואָס איז דיר עפּעס געפעלען געוואָרען צו בריינגען וואסער אנשטאט די הון?

האָט בעני געענטפערט:

— איך בין ארוים אין מארק קויפען א הון, האָט מיר די פארקויפערקע געלויבט די הון און געזאָגט עס איז איינע שמאלץ, האָב איך געטראכט איז דאָך שמאלץ בעסער פון א הון, וועל איך גלייך בעסער קויפען שמאלץ, בין איך אריין אין יאטקע קויפען שמאלץ, האָט מיר דער קצב געלויבט די שמאלץ, אַז עס איז ליכטיג ווי בוימעל, האָב איך ארויסגענומען דערפון

אַז בוימעל איז בעסער ווי שמאלץ, בין איך אוועק קויפען בוי־מעל, האָט מיר דער קרעמער געזאָגט, אַז די בוימעל איז קלאָר ווי וואסער, האָב איך אויסגעפונען אז וואסער איז בעסער ווי בוימעל און אָט האָט איך עס געבראכט דעם קרוג וואסער.

---

## די ריינע האָט ער געלאָזען.

דער רב איז געזעסען א גאנצען טאָג און געשריבען חידושי־תורה. ער האָט די פאפירען געלאָזט ליגען אויפ'ן טיש און איז אוועק דאווענען מנחה.

ער קומט צוריק, ערשט פון די פּאפירען איז קיין זכר ניטאָ.

— ווער איז דאָ ביי מיר געווען? — האָט זיך דער רב גע־קאָכט — ווער האָט עס צוגענומען די פּאפירען?

— איך האָב געבעטען דעם משרת מאכען ריין אין צימער — האָט די רבי'צין געזאָגט.

— וואָס האָסטו געטאָהן? וואו זיינען די פּאפירען? — שרייט דער רבי צום משרת.

— זייט רוהיג, רבי, — ענטפערט געלאסען דער משרת — מען קען זיך אויף מיר פארלאָזען, איך האָב נאָר אויפגעראמט די פארשריבענע, די ריינע האָב איך געלאָזען ליגען.

---

## אַן איינענער מיטעל.

אַ אידענע האָט אמאָל גערופען דעם דאָקטאר צו איהרען א קראנקען קינד. אז דער דאָקטאר איז אריין אין הויז, האָט ער געטראָפען ליגען דאס קינד אין בעטעלע איינגעוויקעלט אין טלית ותפלין.

— וואָס איז דאָס עפּעס ? — האָט דער דאָקטאר פארוואונ־דערט געפרעגט.

— דאָס האָב איך געטאָן אן אייגענעם מיטעל — האָט די פרוי געענטפערט — דאָס קינד שלאָפט ניט ביינאכט און איך זעה שטענדיג, אז ווי מיין מאן טוט אָן דעם טלית ותפלין ווערט ער גלייך אנטשלאָפען, האָב איך עס אָנגעטאָן דעם קינד, ער זאָל איינשלאָפען.

———:———

## געוויס, זי האָט אזוי געטאָן.

דער אלטער יאנקעל דער טויבער האָט שטארק געהוסט. דער דאָקטאר האָט געהייסען מען זאָל נעהמען צוויי טייל האָניג און א דריטע טייל עסיג, דאָס צוזאמענמישען און ער זאָל דאס אויסטרינקען. אויף מאָרגען, ווען דער דאָקטאר איז ווידער גע־קומען, האָט ער צו זיין גרעסטער פארוואונדערונג, געפונען ווי יאנקעל האָט נאָך שטארקער געהוסט.

— וואָס האָט איהר דאָ געמאכט ? — האָט דער דאָקטאר אויסגעפרעגט — האָט איהר געטאָן, ווי איך האָב אייך גע־הייסען, צוויי דריטעל האָניג און א דריטעל עסיג ?

— געוויס, — האָט יאנקעלס ווייב געענטפערט — איך האָב גענומען פאר צוויי גראָשען האָניג און א גראָשען עסיג.

———:———

## ער לעבט פון יענעמס שוויים.

אַ איד איז זיך געקומען פארשרייבען אין דער חברה „בעלי־מלאכה". האָט איהם דער שרייבער פון דער חברה גענומען ער־קלעהרען די תקנות פון דער חברה.

— דאָס ערשטע מוזט איהר אליין זיין א בעל-מלאכה, לעבען פון דעם אייגענעם שוויים.

— אָ, אויב אזוי, — כאפט זיך דער איד — קען איך שוין ביי אייך קיין מיטגליד ניט זיין, ווייל איך לעב ניט פון מיין שוויים, נאָר פון יענעמס שוויים.

— וואָס הייסט? — זאָגט דער שרייבער — איהר זייט א פאבריקאנט, ביי אייך ארבייטען אנדערע, און איהר לעבט פון זייער שוויים, אודאי קענט איהר ניט זיין קיין מיטגליד, וואָס זייט איהר גאָר געקומען צו אונז?

— ניין, זאָגט דער איד — איך בין ניט קיין פאבריקאנט, איך בין א בעדער.

---

## „דער איינשלעפער“.

א אידישער בעל-הבית האָט געהאלטען א קריסטליכע דינסט. שבת נאָכ׳ן טשאָלענט פלעגט ער זיך צולעגען שלאָפען און פאר׳ן שלאָפען אריינקוקען א ווײַלע אין מדרש. איינמאָל זאָגט דער בעל-הבית צו דער דינסט:

— געה אריין צום שכן און בעט דעם מדרש, וואָס ער האָט ביי מיר געליהען.

די דינסט קומט צום שכן און פארגעסט אבער ווי מען זאָגט דעם וואָרט „מדרש“ — זאָגט זי:

— דער בעל-הבית האָט געבעטען א בוך, אָבער איך וויים ניט דעם נאָמען.

— ווי קוקט ער אוים? — האָט איהר דער שכן געפרעגט.

— דאָס איז א „דרעמליאק“ (אן „איינשלעפער“) — האָט די דינסט געענטפערט — ווייל ווי ער קוקט נאָר אריין אין „דרעמ-ליאק“ ווערט ער גלייך אנטשלאָפען.

## דעם האַלץ איז ווארים, איהם איז אָבער קאַלט.

אן אלטער מאן, וועלכער האָט זיך געפונען אין א מושב זקנים, האָט זיך געקלאָגט ביים פאַרשטעהער פון אנשטאלט, ווען יענער איז געקומען אויף א באזוך, אז אין צימער איז שטענדיג קאלט. דער פאַרשטעהער געהט צו צום וואנט, באטראכט דעם טערמאָמעטער און זאָגט:

— איך וויים ניט, וואָס איהר ווילט, זיידע, דער טערמאָמעטער ווייזט ביי 70 גראד.

— וואָס געהט מיך אָן די האָלץ דאַרטען, — האָט דער אַלטער מאן געענטפערט — דעם האָלץ דאַרטען קען זיין ווארים, מיר איז אבער קאַלט.

———:———

## אלץ ווענדט זיך ווי מען לייענט.

א ישיבה־בחור האָט אהיים געשריבען א בריף צום פאָטער, ער זאָל איהם שיקען געלט אויף א קאפאָטע. דער פאָטער, ניט קענענדיג אליין לעזען, איז אריין צו א שכן ער זאָל איהם איבערלייענען דעם בריף. דער שכן האָט געהאט א געוואוינהייט צו רעדען הויך, גלייך ווי ער וואָלט זיין בייז. אז ער האָט איבערגעלייענט דעם בריף פאר'ן פאָטער, רופט זיך אָן דער פאָטער:

— א קריינק וועל איך איהם שיקען, ניט קיין געלט. זעה נאָר ווי ער שרייט דאָס אויף מיר, גלייך ווי ער וואָלט געווען א בעל־הבית איבער מיר.

אַ ווייל שפּעטער איז אריין צו איהם נאָך א שכן, האָט איהם דער פאָטער גלייך דערצעהלט די מעשה:

— איהר האָט געדארפט זעהן וואָס פאר א בריף מיין יונ־

גאטש האָט מיר געשריבען, איך זאָג אייך טאקע, היינטיגע קינ־דער האָבען דאָס די העזה.

— לאָזט מיך זעהן דעם בריף. — בעט דער שכן.

ער נעמט לעזען דעם בריף און געפינט דאָרט גאָר ניט, חוץ וואָס ער בעט געלט אויף א קאפּאָטע.

— איך פארשטעה ניט, וואָס איהר זייט אזוי אויפגערעגט אויף אייער זוהן — זאָגט דער שכן — דוכט זיך, ער שרייבט אַ פּשוט'ן בריף.

— א נו, לעזט אויף טשיקאוועס איבער נאָך אמאָל, — בעט דער פאָטער.

דער שכן האָט איבערגעלעזען דעם בריף אין א געוועהנליכען טאָן.

— אָט, יעצט שרייבט ער ווי א מענש, — האָט דער פאָטער גאָר אָנגעקוואָלען — אז ער שרייבט ווי א מענש, וועל איך איהם שיקען דאָס געלט

———:———

## וואָס דארף ער לויפען, זיי זיינען דאָך אלע דאָ.

צו כל נדרי, ווען די שוהל איז געווען געפּאקט מיט מענשען און אלע האָבען פארציטערט זיך איינגעהערט צום חזנ'ס זאָגען, האָט פּלוצלונג א איד פון אויבען־אָן אויסגעטאָן דעם טלית און זיך גענומען שפּארען ארויסגעהן.

— וואָס האָט געטראָפען? — האָבען אלע געפרעגט.

— איך האָב פארגעסען צושליסען די טיר אין הויז. — האָט דער איד געענטפערט — מען קען נאָך מיך בדלות שטעלען, באַ'גנב'נען.

— ווער וועט צו דיר געהן, שוטה איינער, — האָט מען איהם פון די מתפללים געזאָגט — מיר זיינען דאָך אלע דאָ.

———:———

# ביידע מיטלען.

ראש־השנה האָט דער שופר פלוצלונג אויפגעהערט צו בלאָזען. וואָס דער בעל־תקיעה האָט זיך געמאטערט, האָט ער דאָך ניט געקענט ארויסברייננען קיין קול פון איהם. האָט זיך דער ראש־הקהל געקאָכט:

— איך וויים, ווען א שופר בלאָזט ניט, דארף מען עסיג ארייננימען, הויבט ער אָן צו בלאָזען.

— און איך וויים, — האָט איהם דער אנדערער גבאי אָפּ־געענטפערט — אז ווען דער שטן איז מקטרג און דער שופר בלאָזט ניט — זאָגט מען „למנצח“.

— שא, מען קען דאָך גאר גוט מאכען, — זאָגט נאָך א גבאי — מען קען ביידע מיטלען טאָן: נעמען דעם „למנצח“ מיט עסיג.

———:———

## פארטריבען דעם שטן.

אַן אלטער בעל־תוקע האָט זיך אוועקגעשטעלט ראש־השנה בלאָזען שופר. ער נעמט בלאָזען — עס געהט ניט! ער מאטערט זיך און — ניט פון אָרט.

דער גבאי איז געשטאַנען ניט ווייט פון בעל־תוקע, אז ער האָט געזעהן, אז ער מאטערט זיך אזוי שווער און ער קען ניט, האָט ער גענומען ווינקען צו איהם און מאכען מיט די הענט „או־או־או“ ער זאָל זיך אָנטאָן א כח און בלאָזען שטאר־קער. דער בעל־תוקע זעהט ווי דער גבאי מאכט צו איהם מיט די הענט, האָט ער זיך פארלאָרען און ניט געקענט ארויס־געבען קיין קול. אז דער גבאי האָט דאָס דערזעהן, האָט ער א מאָך געטאָן מיט דער האנט און איז ארויס אין פאָדער־שטיבעל. ווי דער גבאי איז ארויס, האָט דער בעל־תוקע אוועקגעלעגט

דעם שופר און מעהר ניט געוואָלט בלאָזען. אז מען האָט אָנגעהויבען צו שרייען אויף איהם, הלמאי ער וויל מעהר ניט בלאָזען קיין שופר, האָט ער געענטפערט:

— דעם שטן פון שוהל האָב איך דאָך שוין פארטריבען, טאָ צו וואס דארף איך שוין יעצט בלאָזען שופר?

---

## דער גרויסער סוד.

ווען א מחבר פון א „לוח" האָט געהאלטען ביים שטארבען, האָט ער צו זיך גערופען זיין זוהן און האָט געזאָגט:

— מיין קינד, קיין געלט און גוטס האָב איך ניט דיר איבערצולאָזען. איך וועל דיר נאָר פארטרויען דעם סוד פון „לוח" און דאָס איז טייערער פון אלדאָס גוטס:

— דו זאָלסט היטען דעם כלל, מיין זוהן, זאָלסט קיינמאָל ניט נביאות זאָגען קיין גרויסע קעלט פאר תמוז און קיין גרויסע היצען פאר שבט...

---

## אַ תירוץ אויף די קשיות.

האָט איין איד געפרעגט דעם אנדערען:

— פארוואס פרעגט מען די „מה נשתנה" קשיות נאָר פסח? פארוואָס זאָל מען ניט פרעגען קיין קשיות ראש־השנה, יום־כפור, תשעה־באב?

— ווייל, — ענטפערט דער איד — צו זעהן א אידען וויינען, קלאָגען און זאָרגען זיך איז קיין קשיה ניט; אבער צו זעהן א אידען לעבעדיג און פרעהליך דארף מען שוין פרעגען קשיות.

---

יג.

# אורחים אין אכסניות פון עסען



## ווין מאכט מען פון טרויבען אויך.

אויף נאָטעל דעם שענקער האָט מען גערעדט, אז ער גיסט מעהר וואסער ווי ווין. אז דער טאָג איז געקומען, ווען נאָטעל האָט געדארפט שטארבען, האָט ער צוגערופען צו זיך זיינע זיהן און האָט זיי אזוי געזאָגט:

— הערט זיך איין, מיינע קינדער, איך שטארב אוועק, וויל איך אייך פארטרויען דעם גרויסען סוד, וואָס איז נוגע צו מיין וויינגעשעפט. איהר זאָלט וויסען, קינדערלאך, אז ווין קען מען מאכען פון טרויבען אויך.

—:—

## ער האָט זיך געפוילט זאָגען.

צוויי אידען זיינען אמאָל געשטאָנען אין איין אכסניה אין איין צימער. ביינאכט, אז זיי האָבען זיך געדארפט לעגען שלאָפען, האָבען זיי אָנגעצונדען דעם לאָמפּ, צו זעהן ווי זיך אויסצוטאָן. זיי האָבען אבער פארגעסען דעם לאָמפּ אויסצולעשען. זיי זיינען געלעגען א לאנגע צייט און דער פייער האָט זיי ניט געלאָזען איינשלאָפען. אין א שעה ארום זאָגט איינער צום אנדערען:

— ווייסט, יאנקעל, מען האָט געדארפט אויסלעשען דעם לאָמפּ, נאָר איך פויל זיך אויפצושטעהן.

— איך האָב שוין דאָס לאנג געטראַכט, — ענטפערט דער אנדערער — נאָר איך האָב זיך געפוילט דאָס צו זאָגען.

———:———

## אַ נאַר קען ניט פּיהלען קיין פּיש.

איינער, א איד א בעל-הבית, האָט פארבעטען צום טיש אן אורח. האָט מען דערלאנגט צום טיש פיינע, שמעקעדיגע פיש, דער אורח האָט געשמאק געגעסען די פיש און געוואָלט אָנטאָן א נחת-רוח דער בעל-הבית'טע, זאָגט ער:

— איהר ווייסט, בעל-הבית, אייער ווייב איז גאָר ניט קיין נאַר.

— פון וואנען קאָנט איהר מיין ווייב ? — פרעגט דער בעל-הבית.

— ווייל עס שטעהט „אין שוטה מרגיש“. וואָלט זי געוועזן א נאַר, וואָלט זי ניט געקענט אזוי פיהלען די פיש.

———:———

## טרפה דארף מען מאַכען כשר.

א פרומער איד איז געקומען אין וויען און זיך נאָכגעפרעגט אויף א אידישען גאסט-הויז. מען האָט איהם אָנגעוויזען א גע-וויסע הויז און דער איד איז אוועק אהין. אריינקומענדיג אין הויז האָט ער געזעהן, ווי די פרוי האָט געבראכט פלייש און עס איינגעווייקט, נאָכהער געקוקט אויפ'ן זייגער און עס אויסגע-זאלצען. אז דער איד האָט עס אלעס געזעהן, האָט ער באשלאָסען אז עס איז געווים א כשר הויז און איז דאָרט פארבליבען.

אויף מאָרגען, אָבער, בעמערקט דער איד ווידער, ווי די פרוי ברייגנט פלייש, וואשט עס אָפּ און שטעלט גלייך צו קאָכען. דער

איד איז געשטאַנען און ניט געקענט פארשטעהן, נעכטען האָט די פרוי אזוי מקפיד געווען און היינט — גאַרנישט.

— איך וויל אייך עפּעס פרעגען, — האָט דער איד זיך ניט געקענט איינהאלטען — ווי קומט עס, נעכטען האָט איהר דאס פלייש כשר געמאכט און היינט — ניט?

— גאַנץ איינפאַך, — ענטפערט די פרוי — נעכטען האָב איך גענומען טרפה פלייש, האָב איך עס גענומען כשר; היינט אבער האָב איך גענומען כשר'ע פלייש, טאָ צו וואס דארף איך נאָכאמאָל עס מאכען כשר?

———:———

## פון פאר צוויי וואָכען.

אַ באריהמטער לץ איז אריין אין א רעסטאָראַן עסען, האָט מען איהם דערלאנגט פיש. האָט דער לץ א קוק געטאָן אויף די פיש, איינגעבויגען דעם קאָפּ איבער'ן טעלער און אָנגעהויבען עפּעס צו מורמלען צו די פיש. ער האָט גערעדט און אויפגעהערט, גערעדט און אויפגעהערט. האָבען זיך אלע ארומיגע געוואונדערט. איז דער בעל-הבית צוגעגאנגען צו איהם און געפרעגט:

— רבי קרוב, וואָס מורמעלט איהר עס?

— איך מורמעל ניט, איך שמועס מיט די פיש.

— מיט די פיש? וואָס רעדט איהר דאָס מיט זיי?

— איך האָב זיי געגעבען שלום, — האָט דער לץ אָנגעהויבען דערצעהלען — האָבען זיי מיר געענטפערט שלום. האָב איך זיי געפרעגט, ווי לעבט זיך עס אייך אין אייער וועלט? האָבען זיי געזאָגט: זעהר גוט, מיר באָדען זיך אין פּוטער. האָב איך זיי געפרעגט: פון וואנען קומט איהר? האָבען זיי געענטפערט: פון דעם טייך דווינא. האָב איך זיי ווייטער געפרעגט:

וואָס הערט מען עפּעס נייעס אין אייערע מקומות, ארום דעם טייך דווינא? האָבען זיי געזאָגט: קיין נייעס ווייסען מיר ניט, עס איז אלץ אלטע נייעס, שוין צוויי וואכען, אז מיר זיינען פון דאָרט.

———:———

## דיזעלבע פיש.

דער גאסט קומט אין אכסניה עסען. דערלאנגט איהם די בעל־הבית׳טע א שטיקעל פיש. פארזוכט דער גאסט די פיש, און רוקט עס אָפּ מיט עקעל פון זיך.

— וואָס איז דער מעהר? — פרעגט די בעל־הבית׳טע — פארוואס עסט איהר ניט די פיש?

— עס הערט זיך פון דעם א שלעכטער ריח — ענטפערט דער גאסט.

— איהר האָט דאָך ביי מיר געגעסען מיט אכט טאָג צוריק, און איהר האָט דאמאָלט זעהר געלויבט.

— יע! דאמאָלסט איז עס טאקע געווען גוט.

— זאָלען מיר אלע אזוי געזונד זיין — שווערט די בעל־הבית׳טע — ווי עס איז די זעלבע פיש.

———:———

## ער קען טרינקען צוויי גרויסע גלעזער.

אויף א חתונה האָט מען דערלאנגט פיש און, פארשטעהט זיך, אויך שנאפּס. צו די שנאפּס האָט מען געשטעלט גלעזעלאך מיט וואס צו טרינקען. איינער פון די געסט האָט אבער ארויס־גענומען פון קעשענע א גרויסע גלאָז און זיך אָנגעגאָסען מיט בראנפען. פרעגט איהם דער מחותן, וואָס איז אויך געזעסען ביים טיש:

— ר׳ קרוב, צו וואס האָט איהר געדארפט שלעפּען די גלאָז מיט זיך, איהר קענט דאָך טרינקען צוויי מאָל פון די קליינע גלעזעלאך ?

— פאַרשטעהט איהר מיך — האָט דער גאסט געענטפערט — איך טרינק טאקע צוויי מאָל מיט דער גרויסער גלאָז.

———:———

## צוליב אזא קליינע פּאָרציע.

אפרים גריידיגער (א באריהמטער גאליציאנער לץ) איז אמאָל געקומען אין א רעסטאָראן עסען. האָט דער באדינער איהם געבראכט א פּאָרציע געבראָטענע פלייש.

האָט אפרים א קוק געטאָן אויף דעם טעלער מיט די פלייש און האָט אָנגעהויבען — וויינען.

פרעגט איהם דער באדינער :

— מיין הער, וואָס וויינט איהר ?

— ווי זאָל איך ניט וויינען — האָט איהם אפרים געענט־פערט — אז צוליב אזא קליינע שטיקעל פלייש האָט מען גע־קוילעט א גרויסען אָקס.

———:———

## די אנדערע קען זיין.

אַ גאסט האָט אמאָל געגעסען אין א רעסטאָראן. נאָכ׳ן עסען האָט איהם דער באדינער צוגעטראָגען דעם רעכענונג. האָט דער גאסט דורכגעקוקט דעם רעכענונג און דאָרט געפונען פארשריבען : צוויי פלעשער וויין — פיער רובעל.

האָט דער גאסט א שמייכעל געטאָן און געזאָגט צום בא־דינער :

— איך וועל זיך מיט דיר ניט שפארען וועגען דער צווייטער

פלאש, וואס דו האָסט צוגעלייגט פון קאָפּ, ווייל אז איך האָב עס ניט געטרונקען ווייס איך ניט, אפשר איז עס טאקע געווען א גוטער סאָרט, אָבער די ערשטע פלאש וואס איך האָב געטרונקען, איז דאָך געווען אזוי געמיין — פאר וואס רעכענט מען ביי אייך פאר דעם אזוי טייער?

———:———

## ער קען דאָס פאָלק.

זאָגט דער אורח צום בעל־אכסניה:

— אייער משרת האָט ביי מיר צוגע'גנב'עט עטליכע זאכען.

— יע, יע, — שטימט איין בעל־אכסניה — די אכסניה־משרתים זיינען געפעהרליכע מענשען, זיי זיינען אלע גנבים. איך קען זיי זעהר גוט; איך בין אליין אמאָל א משרת געוועזען.

———:———

## וואָס איינער קען און דער אנדערער ניט.

אן אורח האָט אין אכסניה פיעל דערצעהלט פון זיינע מעלות און זיך אליין באריהמט, אז אלץ אין דער וועלט קען ער. האָט עס ארויסגעבראכט פון געדולד אן אנדערען אורח, וועלכער האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען און געזאָגט:

— מיר האָבען שוין גענוג געהערט פון דעם, וואס איהר קענט אלץ, איצט דערצעהלט עפּעס א זאך, וואָס איהר קענט ניט און איך זאָל דאָס יע קענען.

— יע, איך ווייס — האָט דער אורח געזאָגט — באצאָהלען דעם חשבון אין אכסניה. איך קען עס ניט און איהר קענט עס טאָן פאר מיר אויך.

———:———

# יד.

# צווישען מאן און ווייב



## ער איז ניט ווערט.

ישראל מאנדעלבוים האָט געהאט דאָס גליק, דאָס זיין ווייב איז ביי איהם געשטאָרבען. גלייך נאָך שבעה האָבען שדכנים אָנגעהויבען קלאפּען אין די טהירען. האָט ישראל געפרעגט ביי זיין געטרייען פריינד, אברהם פּערלשטיין, אן עצה, צו זאָל ער חתונה האָבען אָדער ניט. האָט איהם דער פריינד געשיקט דעם דאָזיגען ענטפער:

— „ווער עס האָט חתונה מיט א צווייטע ווייב, איז ניט ווערט, וואָס די ערשטע ווייב איז ביי איהם געשטאָרבען."



## זיי פארשרייבען נאָר.

אַן עלטערע, אָבער נאָך א לעבעדיגע און מונטערע אלמנה, קלאָגט זיך פאר'ן דאָקטאר, אז זי איז היסטעריש, נערוועאיש און ווייס ניט וואָס זי טוט.

— דאָס בעסטע וואָלט געווען — זאָגט דער דאָקטאר — ווען איהר האָט חתונה.

— טאָ נעהמט איהר מיך, דאָקטאר! — זאָגט די אלמנה.

— ליעבע פרוי, — ענטפערט געלאסען דער דאָקטאר — מיר דאָקטוירים פארשרייבען נאָר די מעדיצין, אָבער מיר אליין נעהמען זי ניט.

## זי איז פארקויפט צו א גוי.

אמאל, ערב פסח, האט זיך א איד צוקריגט מיט זיין ווייב. אז זי האט איהם שטארק דערצארנט, האט ער אויסגעשריען:
— איך האב היינט אויסגעראמט דעם חמץ, הלואי וואלט איך דיך אויך אויסגעראמט צוזאמען מיט חמץ.
— מיך דארפסטו ניט אויסראמען, — האט די פרוי גע־ענטפערט — מיין טאטע האט שוין מיך פארקויפט צו א גוי.

---

## דורכגערעדט זיך.

פאטער און זוהן זיינען איינגעלאדען געווארען א פרייטאג צו־נאכט אין א הויז אנצוקוקען א כלה פאר'ן זוהן. די הויזיגע האבען זעהר פריינדליך אויפגענומען די געסט און אזוי קונציג איינגעארדענט, אז דער טאטע זאל זיך ניט קענען אויפרעדען מיט'ן זוהן אפילו אויף איין ווײלע. דער זוהן האט אבער בא־וויזען איינרוימען דעם פאטער, ער זאל זיך גוט צוהערען ווי ער וועט בענשען. דער פאטער האט אזוי געטאן. ווען דער זוהן האט געהאלטען אין בענשען און געדארפט זאגען די ווערטער „ונמצא חן ושכל טוב בעיני אלהים ואדם" האט ער א וואונק געטאן צום טאטען און געזאגט: „ווער נעמט זי דען, ווער שכל האט, אסור אויב א בן־אדם". דער פאטער האט דעם זוהן גוט פארשטאנען.

---

## איהר ווערט ניט מאוס.

מען האט געפייערט א גאלדענע חתונה. אז דער אלטינ־קער איז געווארען פרעהליך, האט ער אזוי געזאגט:
— איין מעלה האט מיין פרוי, וואס זי איז זעהר פרום, נאך

פרימער ווי די אידען וואָס זיינען געגאנגען אין מדבר. די אידען האָבען געגעסען דעם מן פערציג יאהר איז זיי מיאוס געוואָרען, מיין אידענע עסט שוין דעם מאן גאַנצע פופציג יאָהר און עס איז איהר נאָך אלץ ניט מיאוס געוואָרען.

———:———

## אַ טעם.

יוסל דער חקרן האָט זיך דעם גאנצען לעבען אָנגעליטען פון דעם, וואס טאַטע-מאמע פלעגען זיך כסדר ארומקריגען. די הויז איז ביי איהם געווען ווי א גיהנום. אז ער איז עלטער גע־וואָרען, האָט ער די הויז פארלאָזען און האָט נאָר באדויערט דעם טאַטע מאמע, וואס גריזשען זיך איינע די אנדערע אָפּ דעם לע־בען. אז די מאמע איז אין א צייט ארום געשטאָרבען, האָט יוסל אָפּגעהיט זאגען קדיש דריי מאָל א טאָג דעם גאנצען יאהר, ווי עס דארף צו זיין, דערנאָך אז דער טאַטע איז אויך געשטארבען, האָט יוסל קיין קדיש מעהר ניט געוואָלט זאָגען.

האָבען איהם די שכנים אויסגערעדט:

— ס׳טייטש, יוסל, פאר וואס ווילסטו ניט זאָגען קדיש נאָך דיין פאָטער?

— די מעשה איז אזוי, — האָט יוסל ערקלעהרט — איך האָב געהערט, אז דער קדיש ברייינגט אריין אין גן־עדן. אז איך האָב אָפּגעזאָגט א יאהר קדיש נאָך מיין מוטער האָב איך איהר אריינגעבראכט אין גן־עדן און אז מיין מוטער איז דאָרט, וויל איך ניט אז מיין פאָטער זאל דאָרט אויך זיין. זיי האָבען זיך גענוג דעם גאנצען לעבען ארומגעקריגט, זאָלען זיי כאָטש נאָכ׳ן טויט זיין באזונדער.

———:———

## זי וויל יא חתונה האָבען.

חברה קדישא האָבען מתעסק געווען מיט א מת, און די יונגע אלמנה האָט געוויינט און געקלאָגט אז איהר וועלט איז שוין פינסטער, אזא טרייען מאן וועט זי שוין מעהר ניט קריגען און זי וועט שוין מעהר ניט חתונה האָבען, ווייל קען דען נאָך זיין אזא גוטער מאן ווי ער איז געווען.

רופט זיך אָפּ איינער פון דער חברה קדישא: „ווילסטו וועל איך דיר ווייזען, אז די פרוי וועט באלד זאָגען, אז זי וויל חתונה האָבען?"

— אדרבה, — זאָגט דער צווייטער — ווייז וואָס דו קענסט.

דער ערשטער חברה-קדישא מאן געהט צו צו דער פרוי און פרעגט, אין וואָסער זייט זאָל ער מאכען דעם קניפּעל?

— וואָס פאר א קניפּ? — פרעגט די פרוי.

— אויב די פרוי וויל נאָך אמאָל חתונה האָבען, מאכט מען דעם קניפּ אין דער רעכטער זייט; און אויב זי וויל מעהר ניט חתונה האָבען, מאכט מען דעם קניפּ אין דער לינקער זייט.

— אין דער רעכטער, רעכטער זייט... — האָט די פרוי וויי־נענדיג געענטפערט.

———:———

## אום בעסער צו געפעלען.

אפרים גריידינגער האָט געהאט א ווייב אן ארורה און טאקע ניט קיין שעהנע. ווען ער איז אמאָל געלעגען קראנק, האָט ער צוגערופען זיין ווייב און געבעטען, זי זאָל זיך שעהן אויספוצען און אָנטאָן די שעהנסטע קליידער מיט איהר גאנצע ציערונג.

— צו וואָס איז דאָס? — האָט זיך די ווייב געוואונדערט — וואָס פאר א יום־טוב איז היינט?

— פארשטעהסטו, — האָט אפרים געזאָגט — איך ליג קראנק, קען דאָ מיך נאָך באזוכען א גרויסער גאַסט.

— ווער איז דאָס ?

— דער מלאך המות.

— טאָ צו וואס דארף איך זיך אויספוצען ? — האָט די ווייב געפרעגט.

— אויב דו וועסט זיין שעהן אָנגעטאָן, — האָט אפרים געענטפערט — אפשר וועסטו איהם זיין בעסער געפעלען.

———:———

## ווען דער דונער האָט איהם געטראָפען.

פרעגט איין איד דעם אנדערען :

— וואָס פאר א ברכה מאכט מען ווען עס דונערט ?

ענטפערט דער אנדערער :

— ווען מיך האָט דער דונער געטראָפען, האָב איך געמאכט די ברכה „הרי את מקודשת".

———:———

## ווי מען זאָגט אָן.

חברה מענשען זיינען געזעסען און געשפּיעלט אין קאָרטען. פלוצלונג איז איינעם פון דער קאָמפּאני ניט גוט געוואָרען און האָט אויפ'ן אָרט געקראָגען אפּאָפּלעקסיע און געשטארבען. איז געוואָרען א טומעל און מען האָט גענומען זוכען עצות, ווי זאָגט מען דאָס אָן דער ווייב.

רופט זיך אָפּ איינער, ער וועט געהן.

איז ער אוועק און זאָגט צו דעם געשטארבענעמס ווייב :

— דיין מאן האָט געשפּיעלט אין קאָרטען און פארשפּיעלט נאָר־וואס פינף הונדערט רובעל.

— אוי, א כאָלעריע אויף איהם! א מיתה משונה, פגר'ן זאָל ער, אזא הולטאי, אזא כלב. — האָט די ווייב זיך צושריען.

— פון אייער מויל אין גאָט'ס אויערען! — האָט דער אָנזאָגער געענטפערט — ער איז טאקע געשטארבען.

—:—

## די „צוגעזאָגטע" האָט ער שוין.

אַ איד איז געקומען צום רבי'ן פרעגען אן עצה:

— רבי, — האָט זיך דער איד געקלאָגט — איך האָב א טאָכטער חתונה צו מאכען, וויל אבער דער חתן ניט אנדערש ווי „ש" קערבלאך און איך האָב בלויז „ק"נ".

— דאָס איז ניט אזוי שלעכט, — זאָגט דער רבי, — איהר ווייסט ניט ווי מען טוט ביי אידען? — ק"נ קערבלאך גיט מען במזומנים און די אנדערע ק"נ זאָגט מען צו.

— הערט איהר, דאָס איז דאָך די מעשה — האָט דער איד געענטפערט — די „צוגעזאָגטע" האָב איך דאס טאקע און די מזומנים פעהלען מיר אוים.

—:—

## דאָס איז שוין צופיעל.

אַ פּאָר פאָלק קומען צום רב. די פרוי קלאָגט זיך אז דער מאן האָט איהר געשלאָגען.

— פאר וואס עפּעס האָסטו זי געשלאָגען? — פרעגט דער רב ביים מאן.

— רבי קרוין, — ענטפערט דער מאן — איהר וואָלט ניט בעסער געווען, איהר וואָלט אויך געשלאָגען אזא ווייב. פון דאָנערשטאג אָן האלט זי אין איין שרייען: „מאָטקע ברויט, מאָטקע פלייש, מאָטקע פיש, און איך האָב אלץ געשוויגען, אבער אז

עס איז געקומען פרייטאג, און זי האָט אָנגעהויבען צו שרייען מאָטקע ליכט, האָב איך שוין ניט געקענט אויסהאלטען און איהר אָנגעשלאָגען.

———:———

## ארויסלאָזען ווי גענומען.

הערט דער רב אוים דעם מאן און ווייב׳ס טענות און זאָגט צו דער פרוי:

— עס וועט אייך גאָר ניט העלפען, אפילו לויט אייערע אייגענע טענות קומט אייך א גט.

ענטפערט די פרוי:

— איך בין מסכים, רבי, אבער זאָל ער מיך ארויסלאָזען ווי ער האָט מיך גענומען.

— וואָס מיינט איהר, ווי ער האָט אייך גענומען? — פרעגט איבער דער רב.

— איך מיין פשוט — ענטפערט די פרוי — ער האָט מיך גענומען אן אלמנה, זאל ער מיך ארויסלאָזען אן אלמנה.

———:———

## ער היט אויך אלץ ניט אָפּ.

רעדט אן עלטערער איד אוים אן עלטערען בחור, וואס ער האָט ניט חתונה:

— דו אלטער בחור, — זאָגט ער איהם — עס שטעהט דאָך אין פרק „בן שמונה עשר לחופה“, און דו ביזט שוין כפלים, היינט ווארום האָסטו ניט חתונה?

— און דו היטסט שוין אלץ אָפּ? — האָט איהם דער אלטער בחור געענטפערט — אָט שטעהט אין זעלבען פרק „בן ארבעים לבינה“ און דו ביזט שוין איבער חמשים און ביזט נאָך אלץ א גרויסער נאַר.

## אַ פארשאָלטענע ברכה.

אַ יונגע גרושה האָט גענומען א רייכען אלטען אלמן מיט דעם געדאנק, דאָס זי זאל אינגיכען ווערען א רייכע אלמנה. קוים איז זי אבער ארוים פון אונטער דער חופה, האָט איהר די אונטערפיהרערקע געגעבען מזל-טוב און איהר געוואונשען, דאס זי זאָל מיט איהם אויסלעבען איהרע יאהרען.

———:———

## די צווייטע העלפט.

— ווארום רופט מען דער פרוי די צווייטע העלפט?

— ווייל ביידע העלפען: דער מאן העלפט אריינברייגגען די פרוי — ארויסברייגגען.

———:———

## לקוי חמה.

אַ פּאָרפאָלק האָבען זיך ליעב געהאט, פלעגען זיי זיך רופען מיט צערטליכע נעמען, אזוי אז די שכנים פלעגען הערען, ווי דער מאן פלעגט רופען זיין ווייב „מיין לבנה" און זי איהם — „מיין זון".

איינמאָל האָבען זיך די פּאָרפאָלק צוקריגט, און אזוי ווי זיי האָבען זיך ליעב געהאט אין דער הויך, האָבען זיי זיך געקריגט נאָך העכער און אלע שכנים האָבען געהערט, וואָס עס קומט פאָר ביים פּאָרפאָלק.

— איהר ווייסט גאר ניט, וואס עס איז היינט געווען — האָבען די שכנים גערעדט — די „זון" האָט זיך צוקריגט מיט דער „לבנה" און עס איז ארויסגעקומען א „לקוי חמה".

———:———

# אַ גוט לעבען.

— איך קריג זיך קיינמאָל ניט מיט מיין פרוי. — באריהמט זיך דער יונגערמאן.

— דאָס קען גאָר ניט זיין! — וויל דער צוהערער ניט גלויבען — מיט א ווייב זיך אמאָל ניט איבעררײדען, ווי איז עס מעגליך?

— ניט איך רייד צו איהר, ניט זי רעדט צו מיר, היינט ווי קענען מיר זיך איבעררײדען? — איז געווען דער ענטפער.

———:———

## עס ווענדט זיך וואָס זי איז.

אַ מאן קומט אריין אין האָספיטאל צו באזוכען אן עלטערע פרוי. נאָכדעם, אז ער זעהט דעם דאָקטאר, רופט ער איהם אָפּ אָן אַ זייט און פרעגט:

— הער דאָקטאר! דארף מען זאָרגען, אָדער האָפען?

— עס ווענדט זיך — ענטפערט דער דאָקטאר — צו זי איז אייער מוטער אָדער שוויגער.

———:———

## ער האָט עס שוין לאנג געטראכט.

ביי אַ געטרייע פּאָרפּאָלק, ווען די פרוי איז געלעגען נאָהנט צו דער גסיסה, האָט זי צוגערופען איהר מאן צו איהר בעט און צו איהם אזוי געזאָגט:

— מיין ליעבער מאן! מיין איינציגער רצון איז, אז דו זאָלסט נאָך מיין טויט חתונה האָבען מיט מיין שוועסטער, זי וועט זיין אַ מאַמע צו אונזערע קינדער און איך וועל קענען ליגען אין קבר רוהיג.

— האָב ניט קיין מורא, — האָט דער מאן בארוהיגט זיין שטארבענדער פרוי — איך האָב עס שוין לאנג געהאט בדעה צו טאָן.

---

## דער חשד.

— איך וועל דיר דערצעהלען א סוד, איך האָב נעכטען אליין געזעהן ווי דער שמש האָט זי ארומגענומען און געקושט.

— וועמען?

— דער ספר תורה.

---

## דעם פאָטער׳ס מוסר.

מוסר׳ט דער פאטער דעם זוהן:

— זי האָט נישט קיין געלט, דו האָסט נישט קיין געלט און איהרביידע ווילט עס געהן חתונה האָבען?

ענטפערט דער זוהן:

— מיין מאמע האָט אויך נישט געהאט קיין געלט און דו — אויך נישט, און דאָך האָט איהר חתונה געהאט.

זאָגט אויף דעם דער פאָטער:

— מוזטו אונז יעדע נארישקייט נאָכטאָן?

---

## אַ קלוגע כלה.

אַ חתן האָט זיך געזעהן מיט א נארישלאכע כלה. אז מען האָט איהר פאר איהם פאָרגעשטעלט, פרעגט ער איהר:

— ווי איז אייער פאמיליע?

— נישקשה, גאָט צו דאנקען געזונד. — ענטפערט די כלה.

— ניין, — זאָגט דער חתן — ניט דאָס מיין איך — איך פרעג, מיט וועמען האָב איך דאָס די עהרע צו זיין באקאנט?

— מיט מיר. — ענטפערט די כלה.

---

## עפּעס העכערעס.

מוסר'ט דער מאן דער ווייב:

— שטענדיג נאָר דיר ליגט אין קאָפּ קליידער, אָט איצט ווייטער א קלייד, א קלייד. קענסטו ניט טראכטען וועגען עפּעס העכערעס?

— יא, — ענטפערט די פרוי — איך דארף א הוט אויך.

---

## די שעהנע אָדער די מיאוסע.

א איד האָט געפרעגט זיין פריינד אן עצה, מען רעדט איהם צוויי שדוכים, מיט א שעהנע און א מיאוס'ע, וועלכע זאָל ער נעהמען.

— אז דו וועסט נעהמען די שעהנע — האָט איהם דער פריינד געענטפערט — וועסטו האָבען א מיאוס'ען לעבען, און אז דו וועסט נעהמען די מיאוס'ע, וועסטו האָבען א שעהנעם לעבען.

---

## פארוואָס די פרויען טראָגען פוטערווארג.

א איד א חקרן האָט זיך אמאָל אריינגעטראכט אין דעם געדאנק, וואס פרויען טראָגען אזויפיעל פוטערווארג.

— מילא, ווינטער — האָט דער איד געטראכט — איז קאלט, מוז מען טראָגען פעלצען, אבער זומער, אין די גרעסטע היצען,

צו וואס איז דאָס די פוטערנע קראגענס און די פוטער אויף די
ארבעל. עס מוז זיין אן אנדער טעם אין דעם.

געטראכט און געפונען. האָט דער חקרן ערקלערט נאָך אַ
אידען דעם טעם:

— דאָס האָבען די ווייבער געלערנט פון יצחק אבינו, ווען
ער האָט געזאָגט „גשה לי ואמישך" קום אהער וועל איך אָנ־
טאפען; די פרויען ווילען אויך מען זאָל זיי דאָס זאָגען.

---

## אן אומגליקליכער.

— איך זאָג דיר, חיים, — קלאָגט זיך א איד — איך בין
באמת אן אונגליקליכער מענש: די ערשטע כלה איז ביי מיר
געשטארבען; ביי דער צווייטער, זיינען די תנאים פארנאנדער־
געגאנגען און ביי דער דריטער... —

— נו, וואָס? —

— די דריטע איז געוואָרען מיין ווייב.

---

## ער איז געגאנגען נאָר זאָגען אוואו ער איז.

אַ חתן האָט זיך ביי דער כלה׳ס א פריינד געזעהן זיך מיט
דער כלה און פארבראכט מיט איהר דעם אבענד. דערווייל האָט
אויסגעבראָכען א גרויסער שטורם און א שלאקס רעגען. די
כלה׳ס פריינד האָבען געבעטען דעם חתן נעכטיגען דאָרט, ער
זאָל זיך ניט דארפען שלעפען אין רעגען. דער חתן האָט איינגע־
שטימט. אין א ווײלע ארום איז דער חתן ניט געוואָרען און
האָט זיך ערשט באוויזען, א דורכגעווייקטער פון רעגען, אין
צוואנציג מינוט ארום.

— אוואו זייט איהר דאָס געווען ? — האָט מען איהם גע־פרעגט.

— איך בין צוגעלאָפען אהיים זאָגען דער מאמען, אז איך בלייב דאָ נעכטיגען. — האָט דער חתן געענטפערט.

---

## די עצה צו דער מאמען.

אַ בחור האָט ליעב געהאט א מיידעל פון פראָסטען אָרט, ניט אזאַ מיוחסת ווי ער. אז דער מיידעלס פאָטער האָט דאס דער־הערט, האָט ער מסכים געווען צום שדוך, אבער די מוטער האָט געקעהרט וועלטען און געליארעמט. זי וועט ניט טאָן קיין שדוך מיט אזא מיידעל.

האָט זיי דער טאַטע געגעבען אַן עצה :

— קינדערלאך, — האָט ער געזאָגט — דער מאמען לאָזט עס צו מיר, איך האָב צו איהר אַן עצה. איך וועל בכיון שרייען, אַז איך וויל ניט דעם שדוך, וועט זי שוין דוקא שרייען, אז זי וויל.

---

## זאָל דער מזבח יעצט וויינען.

אַן אלט פּאָרפאָלק קומען צום רב זיך גט'ן.

זאָגט דער רב צום מאן :

— ווארום געהט איהר זיך גט'ן מיט אייער פרוי ? ווייסט איהר דען ניט וואס די גמרא זאגט, אז ווען א איד גט זיין ערשטע פרוי איז מזבח מוריד עליו דמעות.

— איך ווייס עס — האָט דער מאן געענטפערט — ביז יעצט האָב איך געקלאָגט, יעצט מעג דער מזבח אביסעל קלאָגען.

---

# צווישען אידען און גוים



## ער האלט שטאָל און אייזען פאר די גוים.

אין שטעטעל האָט מען געדארפט פאר ימים נוראים א בעל־מוסף. האָט מען פארגעשלאָגען א געוויסען בעל־הבית, וועלכער האָט געהאט אן אייזען געשעפט, אבער האָט געקענט דאווענען אויסגעצייכענט. האָט קיינער ניט געהאט דאגעגען און אלע האָבען מסכים געווען, אז ער זאל זיין דער בעל־מוסף. רופט זיך אָפּ א איד:

— איך פארשטעה ניט, ווי קען מען שטעלען א שליח־צבור אַ אידען, וואס האלט שטאָל און אייזען פאר די גוים?



## א צואה.

עס איז געשטארבען א רייכער גוי און ער האָט געלאָזען א צואה, אז זיינע געלט גיט ער אוועק צו זיינע דריי בעסטע פריינד אין גלייכע חלקים, א דייטש, א רוס און א אידען. ער האָט אבער אויסגענומען א תנאי, אז יעדער זאָל אוועקלעגען אויף זיין קבר א הונדערט רובעל'דיגע.

דער דייטש איז געגאנגען דער ערשטער און אוועקגעלעגט דעם הונדערטער; דער צווייטער איז געגאנגען דער רוס, וועלכער האָט אוועקגעלעגט צעהן גאָלדענע צעהן־רובעל'דיגע; דער

איד איז געקומען דער לעצטער, האָט ער צוגענומען די צוויי הונדערט רובעל און אוועקגעלעגט א וועקסעל אויף דריי הונ־דערט רובעל.

———:———

## „ער אירט זיך".

אין דייטשלאנד אויף א באַל איז געזעסען אן אנטיסעמיט און האָט אויסגערעדט אויף אידען זיין ביטערע גאַל. אנטקעגען איהם איז גראדע געזעסען א אידישע פרוי, וועלכע האָט אלעס צוגעהערט און דאס האָט איהר שטארק געקרענקט. דאָך האָט די פרוי געשוויגען.

דעם אנטיסעמיט האָט אבער געערגערט, וואס זי ענטפערט איהם ניט אָפּ, און ווען די פרוי האָט א גענעץ געטאָן, רופט זיך אָפּ דער אנטיסעמיט:

— איהר זעהט, די יודין האָט יעצט גענעפענט א מויל מיך איינצושלינגען.

— איהר אירט זיך, מיין הערר — האָט די פרוי געענט־פערט — וויסען זי דען ניכט, דאס עס איז אונז פערבאָטען שוויינען־פלייש צו עסען?

———:———

## ווען א גענעראל פארלאָזט אן ארמעע.

אַ געוויסער גענעראל, וועלכער האָט אין דער צייט פון מלחמה געלאָזען זיינע סאָלדאטען און איז אליין אנטלאָפען דער ערשטער פון פראָנט און איז דערפאר אָפּגעזאָגט געוואָרען פון דער שטעלע, האָט געהאט א אידישען גוטען פריינד. ער אליין איז אָבער געווען א פארבאָרגענער שונא ישראל. איינמאָל האָט דער איד איינגעלאדען דעם גענעראל אויף א חתונה ביי זיינער

א טאָכטער. צו דער חתונה זיינען געקומען דער כלה'ס פריינ־דינס, א סך מיידלאך, וועלכע האָבען זעהר שעהן און פיעל גע־טאַנצט. דער גענעראל האָט זיך צוגעקוקט צו זייער טאנצען און געזאָגט:

— וואָס איז דער וואונדער, וואס אידישע טעכטער קענען שעהן טאנצען, נאָך ביים עגל האָבען די אידישע טעכטער ארום איהם געטאַנצט?

דערביי איז ביי דער חתונה געווען איינגעלאַדען געווענליך אויך דער רב פון שטאָט, וועלכער האָט דעם גענעראל גוט גע־קענט. אז דער רב האָט געהערט דעם גענעראלס רייד, האָט ער איהם גלייך געענטפערט:

— דאָס איז אָבער געווען ווען דער גענעראל האָט פאר־לאָזען די ארמעע.

———:———

# ווייל אידען האָבען קיין רעכטע.

דער באריהמטער ווארשאווער רב, ר' דוב בעריש מייזלער, איז געווען איינער פון די אויסדערוועהלטע אין שטאָט־ראט פון קרעזמיר. אז ער איז געקומען אויף א זיצונג, האָט ער פארנומען א פלאץ צו דער לינקער זייט. געהט צו איהם צו איינער פון די ראטמענער און זאָגט צו איהם:

— רבי, ווי פאסט עס פאר אַזאַ גרויסען רב ווי איהר זיצען לינקס?

— ווייל די אידען האָבען קיין רעכטע. — האָט איהם ר' בעריש געענטפערט.

———:———

# עין תחת עין.

אז דער שטעטעלשער גלח, דער שונא ישראל, איז געוואָ־רען גוט אין כעס אויף די אידען אין שטעטעל, האָט ער זיי אָפּ־געטאָן א שפּיצעל. ער האָט גענומען און אויפגעהאנגען א מגן־דוד אויפ׳ן שפּיץ פון קלויסטער.

האָט זיך שטעטעל געקאָכט אויפ׳ן חלול השם, געזוכט מיט־לען ווי עס אראָפּצונעמען. רופט זיך אָפּ איין איד:

— איך האָב א בעסערען מיטעל. אזוי ווי זיי האָבען אויפ־געהאנגען א „מגן דוד" אויפ׳ן קלויסטער, וועלען מיר אויפ־הענגען א צלם אויפ׳ן שוהל.

---

# א תמימות׳דיגער ענטפער.

א גלח איז דורכגעגאנגען א שמאָל געסעל, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט קוקען ווי קינדער, שפּיעלענדיג זיך מיט בלאָטע האָבען אויסגעקנאָטען א קלויסטער — אָבער ריכטיג ווי אן אמת׳ער. דער גלח איז געווען ענטציקט און איז צוגעגאנגען צו די קינדער און געפרעגט:

— קינדער, איהר זייט אויסגעצייכענטע מייסטער, אבער פארוואָס האָט איהר שוין ניט געמאכט דעם גלח?

— זיי האָבען ניט געבראכט גענוג בלאָטע. — האָט איין אינגעל געענטפערט.

---

# דאָס האָט שוין אויך געטראָפען.

א גלח האָט אמאָל גענומען איינריידען א רב, אז ער זאל זיך שמד׳ן. דער גלח האָט איהם גענומען פאָרשטעלען, וואס דער רב קען דערגרייכען ווען ער זאל זיך נאָר שמד׳ן.

— דו קענסט ווערען בישאָף, דערנאָך קארדינאַל און ווען דו זאָלסט זיין פעהיג אפילו אויך א פּאפּסט.

דעם רב האָט עס גאָר ניט גערירט.

האָט דער גלח מיט כעס אויסגערופען:

— דו פארלאנגסט זעהר פיעל! דו קענסט דאָך ניט ווערען קיין גאָט!

— פארוואס ניט — ענטפערט דער רב — עס איז דאָך שוין אמאָל א איד געוואָרען א גאָט.

———:———

## וואו עס צו קריגען.

איז געקומען דער פויער צום גלח פון דאָרף בעטען א תשובה אויף זיינע זינד.

— וואָס האָסטו געטאָן? — פרעגט דער גלח.

— הייליגער פּאָטער׳ל — זאָגט דער גוי — איך האָב גע־גנב׳עט צעהן ארשין לייווענט.

— דו זינדיגער! דיין נשמה איז א פארלאָרענע! — זאָגט דער גלח.

— הייליגער פּאָטער׳ל! וואָס זאָל איך אבער טאָן, גיב מיר א תשובה. — בעט זיך דער פויער.

טראכט א ווייל דער גלח און זאָגט:

— דו מוזט ברענגען דרייסיג ארשין לייוועגט פאר׳ן קלויס־טער.

— אָבער, הייליגער פּאָטער, — וויינט צו דער פויער — וואו זאָל איך עס נעהמען, איך בין דאָך אן אָרימאַן.

— דאָרט, וואו דו האָסט גענומען די צעהן ארשין. — ענט־פערט דער גלח.

———:———

## אונזער גאָט האָט פאָרט מעהר שכל.

יענקעלע דרעה־קאָפּ האָט גענומען א לאטעריי צעטעל, און זיך א נדר געטאָן, אויב ער וועט געווינען דאס גרויסע געווינס, וועט ער געבען צעהן טויזענט רובעל אויפ'ן שוהל. די ציהונג איז געווען און ער האָט ניט געוואונען. דעם אנדערען מאָל, ווען ער האָט גענומען א צעטעל, האָט ער זיך געגעבען א נדר, אז אויב ער וועט געווינען דאס גרויסע געווינס, וועט ער געבען צעהן טויזענט רובעל אופי'ן קלויסטער. און דאס מאָל האָט ער טאקע געוואונען דאס גרויסע געווינס! אז ער האָט שוין געהאט דאס געלט אין קעשענע, געהט ער אזוי אין גאס און רעדט צו זיך אליין:

— אונזער גאָט האָט פאָרט מעהר שכל; ער האָט גלייך געוואוסט, אז איך וועל א קאָפּיקע אויך ניט געבען...

---

## ער שיינט ארוים אלץ גרעסער.

אַ גלח האָט אמאָל געפרעגט א גרויסען רב, ווי קומט עס, אויב אייער גאָט איז טאקע דער איינציגער און א כל יכול, האָט ער דאָך געקענט פארניכטען די אלע אנדערע געטער און זיין דער איין איינציגער?

האָט דער רב ארויסגענומען א בלייפעדער און אָנגעשריבען אן איינס (1) און געוויזען דעם גלח.

— זעהסט? — האָט דער רב געזאָגט — אָט דאָס איז אונזער גאָט. יעצט לאָמיר אָנשרייבען א נול (0) וועט דער איינס ווערען צעהן; נאָך א נול און דער איינס ווערט הונדערט און אזוי אלץ ווייטער. וואס עס קומען צו מעהר נולען צו אונזער גאָט ווייזט זיך ארוים דער איינס מעהר און בעסער.

---

## ווען דער רב וועט עסען.

דער שר פון שטאָט האָט געהאט א שמחה און געפּראוועט א מאָלצייט. צו דעם מאָלצייט האָט ער איינגעלאדען דעם רב צוזאמען מיט'ן קאטוילישען גלח. דער רב איז געזעסען און זיך צו די מאכלים ניט צוגעריהרט. האָט איהם דער גלח מיט ערגער־נים געפרעגט:

— ווען וועט איהר שוין אוועקווארפען אייערע אלטע אבערגלויבענישען און איהר וועט שוין עסען מיט אונז צוזאמען?

— אויף אייער חתונה. — האָט דער רב קורץ געענטפערט.

---

## די אידישע נאַציאָן איז געגליכען צו קראָפּעווע.

א גלח און א רב האָבען ארומשפּאצירט אין א גאָרטען מיט בלומען און געפיהרט א ויכוח וועגען רעליגיאָן. צוקומענדיג נאָהנט צו די בלומען, זאָגט דער גלח:

— זעהסטו די בלומען? דאָס זיינען די פארשידענע נאַציאָנען וואס שטעלען צוזאמען דעם קריסטליכען גלויבען; אבער וואו איז אייער נאַציאָן?

האָט איהם דער רב גענומען און צוגעפיהרט צו א פּארקאַן און איהם אָנגעוויזען אויף די קראָפּעווע:

— אָט דאָס איז אונזער נאַציאָן!

האָט דער גלח געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געפרעגט דעם רב, צו מיינט ער ערענסט.

— יע, איך מיין דאָס, — האָט דער רב געענטפערט — אייערע בלומען קען יעדער טאָן מיט זיי וואס ער וויל, אבער אונזער קראָפּעווע — פּרוביר זיך נאָר צוריהרען צו דעם.

---

## די דריי תירוצים.

אַ גלח האָט געפרעגט אַ אידען דריי קשיות:

— ערשטענס, — פרעגט דער גלח — מען זאָגט ביי אייך „אלהי אברהם“, „אלהי יצחק“, „ואלהי יעקב“ און מען זאָגט ניט „אלהי משה“, סטייטש, פארוואָס, משה האָט דאָך אייך געגעבען די תורה? צווייטענס: גיט אַ קוק, גוים זיינען אלע רייך און אידען אָרים און, דריטענס, פארשטעה איך ניט, וואָס ביי אייך מאכט מען אזוי יונג חתונה די טעכטער; אַ זעכצענ־יאהריגע מיידעל פיהרט איהר שוין צו דער חופה?

— איך וועל דיר פארענטפערען אלע קשיות, — האָט דער איד געזאָגט — דאס וואס מיר דערמאנען ניט משה'ן, ווייל משה איז געווען ביי אונז אַ קנאַפּער יחסן, ער האָט געהאַט אַ גלח פאר אַ שווער. דאָס, וואס איהר גוים זייט רייך, ווייל ביי אייך איז דאָך גאָט געשטארבען, האָט איהר געקראָגען אַ רייכע ירושה, און וואס מיר מאכען חתונה פריה די טעכטער, ווייל ביי אונז איז אמאָל פארזעסען אַן אלטע מויד, האָבען מיר געהאַט גרויסע צרות, איילען מיר זיך שוין צו פון דאַן אָן.

---

## די גאנצע באנדע.

אַ גוי אַ שכור און אַ שונא ישראל פלעגט פארשאפען גרויסע צרות די אידען פון זיין שטעטעל. ער פלעגט זיי זידלען און אויך אָנמאכען היזקות. דערפאר האָבען די אידען אויך דער־לעבט אָן איהם אַ נקמה. ער האָט זיך איינמאָל אזוי שטארק איינגע'שכור'ט, אז ער האָט ניט דערקאנט צווישען אַ איד און אַ קריסט און האָט שטארק צושלאָגען אַ קריסט. דער קריסט האָט גערופען פּאָליציי און מען האָט דעם שכור ארעסטירט.

ביים פראָצעס האָט א איד עדות געזאָגט פאר'ן ריכטער:
— ער איז שכור ווי לוט, א מויל האָט ער ווי בלעם און א רשע איז ער ווי המן.
— ברייננגט מיר אהער די גאנצע באנדע. — האָט דער ריכ־טער אויסגעשריען.

---

## אנ׳אמת׳ע ראיה.

האָט א גלח געפיהרט א ויכוח מיט א אידען און האָט צו איהם געזאָגט:
— איהר לייקענט נאָך, אז איהר האָט פיינט גוים און אָט שטעהט איהר אויף אלע טאָג פריה און מאכט די ברכה „שלא עשני גוי?“
האָט דער איד לאנג ניט געטראכט און באלד געענטפערט:
— אונזערע ווייבער האָבען מיר דאָך געווים ניט פיינט, פונדעסטוועגען מאכען מיר אויך אלע טאָג די ברכה „שלא עשני אשה!“

---

## לאָמיר זעהן ווי מענשען וועלען טאָן.

א גלח האָט געפרעגט א רב:
— ביי אייך איז דאָ א דין, אז דער רב געהט דורך, דארפען אלע זיך אויפשטעלען און דאָס איז דאָך באוואוסט, אז מען באגע־גענט א הונט דארף מען זיך זעצען, טאָ ווי זאל מען טאָן, אז מען באגעגענט א רב מיט א הונט פאר אמאָל?
— אָט לאָמיר צוזאמען טאקע זיך דורכגעהן, — האָט דער רב געענטפערט — וועלען מיר זעהן, ווי די מענשען וועלען טאָן.

---

# ער פארשטעהט גלייך.

א רוסישער אָפיציער האָט געלערנט א קאָמפּאַניע פון רע־קרוטען. פאר א שטונדע האָט ער זיי געלערנט ווי מען דארף באגריסען „אָפּגעבען עהרע“ (טשעסט). נאָכדעם האָט ער זיי גע־נומען לערנען ווי צו מארשירען.

— ווען איך וועל זאָגען: איינס, צוויי, דריי, שטעלט די לינקע פוס פאראויס און מארשירט.

— טאק טאטשנא, (ריכטיג) — האָבען די רעקרוטען גע־ענטפערט.

דער אָפיצער האָט אָנגעהויבען, איינס, ערשט א אידישער רעקרוט האָט זיך ארויסגעכאפּט און אָנגעהויבען געהן.

— היי, היי, — האָט געשטורמט דער אָפיצער — איך האָב דאָך געזאָגט, איך דארף פריהער זאָגען, צוויי, דריי.

— יע, — האָט דער אידישער רעקרוט געענטפערט — וואס גלייכט איהר מיך צו זיי? זיי זיינען אלע פויערים, אידיאָטען, און מוזעןווארטען ביז איהר זאָגט „דריי“; איך, אָבער, פאר־שטעה וואס איהר מיינט, גלייך ווי איהר זאָגט דעם „איינס“.

———:———

# איז די תליה נאָר פאר זיי געבויט?

א שפּיצבערגער איד האָט אָפּגעטאָן א פארברעכען, פאר וועלכען ער איז פאר'משפט געוואָרען צום טויט, מען זאָל איהם אויפהענגען. דאָס האָט געגעבען שטאָף א קריסט א שונא ישראל און ער האָט זיך גערייצט מיט א אידען „זעהסטו, האָט ער איהם געזאָגט, אָט אין שפּיצבערג הענגט מען אויף א אידען!

— וואָס איז דער וואונדער? — האָט דער איד געענט־פערט — איז דען די תליה נאָר פאר אייך געבויט געוואָרען?

## מר. מארקוס און זיין שותף.

מר. מארקוס, א באוואוסטער באנקיר, האָט געהאט א קריסט א שותף, מיט וועמען ער האָט זיך נאָהנט באפריינדעט. צו ימים נוראים, אז מר. מארקוס איז געגאנגען אין שוהל, האָט ער אויך איינגעלאדען זיין פריינד, דעם קריסט, ער זאל קומען הערען דעם חזן. דער קריסט איז די גאנצע צייט געזעסען שטיל און מיט רעספעקט זיך צוגעהערט צום דאווענען. ווען עס איז געקומען צום פארקויפען מפטיר, האָט מר. מארקוס אָנגעבאָטען ביז צוויי הונדערט דאָלער. אויף דער אַנדערער זייט איז אבער געזעסען נאָך א אידישער גביר, וועלכער האָט אָפּגעענטפערט גלייך: „צוויי הונדערט פינף-און-צוואנציג“.

— צוויי הונדערט און פופציג. — האָט מר. מארקוס גע־הערערט.

— דריי הונדערט. — איז דער אנדערער אריין אין אַמביציע.

מר. מארקוס האָט געשוויגען. עס האָט שוין געהאלטען אז דער מפטיר זאָל בלייבען ביי יענעם. דאָ האָט זיך פלוצלונג מר. מארקוס'עס פריינד, דער קריסטליכער שותף, אויפגעשטעלט און אויסגעשריען:

— פיער הונדערט!

דער מפטיר איז געבליבען פאר מר. מארקוס'ן.

אז מר. מארקוס האָט איהם איבערראשט געפרעגט, וואָס טוט ער? צו וויים, וואָס ער האָט געקויפט, האָט דער קריסט געענטפערט:

— איך וויל גאר ניט וויסען. איך וויים נאָך איין זאך. אויב מר. מארקוס האָט געבאָטען 250 איז עס „אַ בארגיין“ (א מציאה) פינף הונדערט.

---

* *
*

אין דער צייט פון די רוסישע גזרות, ווען די אידען האָבען שטארק געליטען פון דער מלכות, האָבען אידיש פּני זיך געווענדט צו דעם משומד, פּראָפּעסאר כוואלסאן, ער זאל זיך עפּעס משתדל זיין פאר אידען. דערביי האָבען זיי איהם באמערקט, אז אפילו ער האָט זיך גע׳שמד׳ט, דארף ער אויך ניט פארגעסען די אידישע פאָלק. האָט זיי פּראָפּעסאר כוואלסאן געענטפערט:

— עד שלא נצרתי איני כדאי — איידער איך האָב זיך געטויפט, האָט ניט געלוינט; „ועכשיו שנצרתי — כאלו לא נצרתי“.

———:———

## ווער עס האָט דאָס געשריבען.

דער קייזער ווילהעלם דער צווייטער האָט אמאָל אויף א טאָוועל אויפגעשריבען: „מענדעלזאָן איז אן עזעל“. ווען מענדעלזאָן האָט דאָס געזעהן, האָט ער אונטערגעשריבען „ווילהעלם דער צווייטער“.

———:———

## דאָס לאָזט ער איבער פאר גאָט.

אונטער דער רעגירונג פון פראנץ יאָזעף דעם צווייטען האָבען זיך א סך אידען גע׳שמד׳ט, כדי צו קריגען בעסערע שטעלעס.

איינער אזא גע׳שמד׳טער איד האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט, ווען דער קיסר איז געווען אין קלויסטער און געהאלטען א רעדע. נאָכדעם, ווי ער האָט שטארק געלויבט דעם נייעם גלויבען, האָט ער אויך דערצעהלט, אז ניט נאָר ער אליין האָט זיך גע׳שמד׳ט, נאָר ער האָט נאָך צוגערעדט א סך פון זיינע באַ־

קאנטע אידען און זיי אגיטירט פאר דעם נייעם גלויבען. ער האט דעריבער געבעטען, אז דער קיסר זאל אים באוויליגען א פענסיע.

פראנץ יאזעף האט איהם אנגענומען ביי דער האנט און געזאגט:

— דו האסט אזוי פרום, אזוי עדעלמוטיג „געהאנדעלט", אז איך בין גאר ניט אימשטאנדע דיר צו באצאהלען, דאס מוס איך גאטט איבערלאססען.

—:—

## ער מוז אויסצאהלען וואס איהם האט געקאסט.

אין צייט פון ניקאלאי דעם ערשטען האט זיך איינמאל גע־מאכט, אז עס איז געווען א וואקאנסיע אויף א שטעלע פאר א הויכען באאמטען. האט דער מיניסטער אויסגעקליבען גראדע ניט אזוי א געבילדעטען מאן נאר זעהר א רייכען. אז דער קיסר האט זיך דאס דערוואוסט, האט ער גערופען דעם מיניסטער און געזאגט:

— איך גיב דיר מייןווארט, איך וועל דיר גאר ניט טאן. נאר זאג מיר דעם אמת, וואס האסטו עפעס אויסגעקליבען יענעם מאן.

— איך זאג דיר דעם אמת, — האט דער מיניסטער געענט־פערט — ער האט מיר געגעבען 25 טויזענט רובעל, איך זאל איהם געבען די שטעלע.

— אזוי גאר, — האט זיך דער קיסר אפגערופען — דו פאר־קויפסט דיין פאטערלאנד פאר געלט?

— וואס זאל איך טאן? — פארענטפערט זיך דער מיניס־טער — איך האב נאך ניט אויסגעצאהלט איינגאנצען וואס מיין שטעלע האט מיך געקאסט.

—:—

## זאָל ער איהם פריהער אַ קוש טאָן!

צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער איז, ווי באוואוסט, געווען א צורר היהודים. ער האָט געוואָלט ניט אנדערש ווי אָפּצו'שמד'ן אלע אידען פון רוסלאנד. איינמאָל — דערצעהלט מען — איז געקומען צו איהם א פערצעהן יאהריגע מיידעל מיט א ביטע, מען זאָל באפרייען איהר פאָטער פון א בלבול. אויפ'ן טיש, צו וועל־כען מען האָט צוגעפיהרט דאָס מיידעל איז געשטאַנען יעזוס אויף א גרויסען גאָלדענעם קרייץ. דער צאַר האָט א ווײלע אָנגעקוקט די אידישע מיידעל, נאָכהער רופט ער זיך אָן צו איהר:

— גיב א פריהער א קוש דעם חתן — און איהר אָנגעוויזען אויף יעזוס'ן.

— ביי אונז אידען איז א מנהג — האָט די מיידעל געענט־פערט — אז דער חתן דארף פריהער א קוש טאָן דער כלה.

---

## מען דארף טאקע אַ שוהלע.

צו ניקאָלאַי דעם ערשטען איז געקומען א דעלעגאַציע פון אידישע סוחרים אין לאדז בעטען מען זאָל דאָרט ערלויבען בויען אַ אידישע שוהלע, און די קינדער וואס וועלען געהן אין דער שוהלע, זאָלען האָבען די זעלבע רעכט ווי א מלוכה „גימענאַזיע“.

די דעלעגאציע האָט געזעהן דעם קיסר צום ערשטען מאָל, און די סוחרים זיינען געווען זעהר צושראָקען. אז דער קיסר האָט זיי עפּעס געפרעגט, האָבען זיי געפּלאָנטערט מיט'ן צונג און ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערען. ענדליך האָט דער קיסר אויסגע־הערט, וואס זיי האָבען געוואָלט און האָט קורץ געענטפערט:

— איך זעה, איהר זייט גערעכט, לאדז נויטיגט זיך טאקע אין א שוהלע.

---

## אויף וואָס דער „פּאָעט“ ווייזט אָן.

דער רוסישער צאַר ניקאָלאַי פלעגט יעדען פריהמארגען מאַכען א שפּאַציער ביים ברעג פון טייך „נעווא“. זייט א לענגערער צייט האָט ער באמערקט, ווי א איד פלעגט קומען אלע טאָג צום ברעג און שטונדען אָפּשטעהן און די אויגען ניט אראָפּנעמען פון דעם דענקמאָל פון דעם רוסישען „פּאָעט“ פּושקין, וואָס איז דאָרט געשטאַנען. דעם צאַר איז עס געוואָרען פאַרדעכטיג. ער האָט געלאָזט רופען דעם אידען צו זיך און איהם געפרעגט, וואס זוכט ער דאָרט ביים דענקמאָל?

— ווי אייער קייזערליכע מאיעסטעט זעהט — האָט דער איד געענטפערט — שטרעקט אוים אויפ׳ן דענקמאָל דער „פּאָעט“ זיינע הענט און ווייזט אָן אויף דעם שטראם פון דער „נעווא“. שוין צוויי מאָנאַטען, טאָג און טאָג אז איך געה אהער און קען אלץ ניט דערקלעהרען, וואס האָט דער פּאָעט מיט דעם געמיינט. יעצט אבער איז מיר איינגעפאלען זיין אמת׳ע כוונה.

— וואָס איז עס? — האָט דער צאַר נייגעריג געפרעגט.

— דער „פּאָעט“ מיינט מיט דעם צו זאָגען: דו איד, וואס דו וואנדעלסט דאָ ארום דעם טייך נעווא, דו זאלסט אין דיין אייגענעם געבורטס-לאנד קענען אויף זיך האָבען אַזאַ פּראָצעס, איז שוין א סך גלייכער דו זאלסט זיך ארייננווארפען אין שטראָם אריין, ווייל אין רוסלאנד וועסטו שוין קיינמאָל ניט האבען דיין רעכט.

דער צאַר האָט זיך געלאָזען דערצעהלען, וואס פאר א „דיעלא“ דער איד האָט אויף זיך און פאראָרדענט דעם פּראָצעס מבטל צו מאכען.

———:———

# זיין הנאה און זיין צער.

לייבעל מסור פון סלאָנים פלעגט מסר'ן אידען פאר דעם קלענסטען „חטא" געגען מלכות, און געטאָן האָט ער עס ניט אזוי צוליעב באצאָהלט, נאָר פשוט, ער פלעגט הנאה האבען, ווען מען פלעגט א אידען באשטראפען. „אַ אידענס צער איז מיין הנאה" פלעגט דער מסור זאָגען. איינמאָל מאכט זיך אבער, אז דער מסור האָט אליין אָפּגעטאָהן אַ חטא און עס האָבען זיך גע־פונען אידען נוקמים, וועלכע האָבען דאָס דערצעהלט דעם פריסטאַוו.

דער פריסטאַוו האָט ארויסגעגעבען זיין אייגענעם פסק:

— לייבלען גוט אויסשמייסען.

די גאנצע צייט וואס מען האָט דעם מסור געשמיסען, איז ער געלעגען און געלאכט, דערנאָך אָבער אז מען האָט איהם אָפּ־געלאָזט, האָט ער אויפגעהערט צו לאכען און אָנגעהויבען וויינען.

זיינען אלע געווען טשיקאווע וויסען דעם טעם דערפון.

— וואָס האָסטו עפּעס געלאכט, ווען מען האָט דיך גע־שמיסען? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ווייל איך האָב — האָט דער מסור געענטפערט — א הנאה געהאט, וואס מען שמייסט א איד.

— און פארוואס האָסטו דערנאָך געוויינט?

— פאר צער.

— וואָס פאר א צער?

— צער דערפון, אז — א איד האָט הנאה געהאט.

———:———